שמעון דובנאָוו

# אידישע געשיכטע

דערציילט פאר קינדער

מיט 70 אילוסטראציעס און קאַרטעס

בערלין
1932

# אינהאלט:

זייט



## ערשטער טייל:

### די מִזרָח־תּקופה׃ דאס פאָלק אין אֶרץ־ישראל און אין די ארומיקע לענדער אין דער אַלטער און מיטעלער צייט.

## צווייטער טייל:

### די מערב־תקופה. דאָס פאָלק אין אייראָפּע אין דער מיטעלער און נייער צייט.

# הקדמה

אַרום דרייסיק יָאר צוריק האָב איך געגעבן דער אידישער יוגנט אין רוסלאנד אַ „לערנבוך פון אידישער געשיכטע" אין דריי טיילן, פאַר תּלמידים פון מיטלשולן. אַ גאַנצער דור האָט זיך ערצויגן אויף דעם דאזיקן בוך, וואָס האָט אין רוסישן אָריגינאַל אויסגעהאַלטן אַכצען אויסגאַבן. הוץ דעם האָט זיך דאָס לערנבוך פאַרשפרייט אין איבערזעצונגען אויף העברעאיש („קורות העברים", וואַרשע), אידיש און ענגליש (לעצטע צוויי — אין אַמעריקע).

איצט וויל איך גיבן פאַר אידישע קינדער פון אָנהויב־שולן א קליין ביכל, וואָס זאָל אין אַ קירצערער פאָרם פאָרשטעלן די לאַנגע געשיכטע פון אונזער פאָלק. דאָס מאָל האָב איך געשריבן דאָס ביכל אין א י ד י ש, וואָס איז אין דער לעצטער צייט געוואָרן די נאַטירלעכע לערנשפּראַך אין אונזערע פאָלק־שולן. דעם אינהאַלט האָב איך צוגעפּאַסט צו די נייע מעטאָדן, וואָס זיינען אַנטוויקלט אין מיין גרויסער צען־בענדיקער „וועלטגעשיכטע פונם אידישן פאָלק", און האָב די געשיכטע דערפירט ביז אונזער צייט.

איך וואָלט, פאַרשטייט זיך, געקאָנט שרייבן אַ פיל לענגערע געשיכטע, און דאָס וואָלט געווען אַ סך לייכטער (לויט פּאַסקאַלס וואָרט צו זיין פריינד: „איך שרייב דיר א לאנגן בריוו, ווייל איך האָב קיין צייט ניט צו שרייבן אַ קורצן"). אָבער איך האָב דאָ געהאַט אַ באַזונדערן צוועק: דאָס ביכל דארף געלייענט ווערן אָדער געלערנט ווערן אין אַ קורצער צייט, געוואונשן אין אֵיין שול־יאָר, אָבער ניט מער פון צוויי, און דאַרף ניט פאַרצויגן ווערן אויף יארן, כּדי ניט אָפּשוואַכן דעם איינדרוק פון אַ גאנץ בילד. דאָס דאַרף זיין אַ לעבע־דיקע פאַמיליע־געשיכטע, וואָס לייענט זיך פון אָנהויב ביזן סוף „אין אֵיין אָטעם". דער יונגער תּלמיד מוז דאָ האָבן ניט אַליין בילדער פון דער פאַר־גאַנגענהייט, נאָר אויך אַ ג אַ נ ץ ב י ל ד פון דעם היסטאָרישן וועג, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט. ער דארף דאָ געפינען די וויכטיקסטע פאַקטן אין זייער צוזאַמענהאַנג, אָן איבעריקע פּרטים, פון איין זייט, און טרו־קענער סכעמאַטישקייט — פון דער אַנדערער.

דער געניטער פּעדאַגאָג וועט שוין איינזעען, אויף וויפיל דעם מחבר איז געלונגען אויסצומיידן ביידע עקסטרעמען: „געשיכטעס" (מעשהלעך) אָנשטאָט ג ע ש י כ ט ע — און סכעמעס אָן לעבעדיקע בילדער. וועט דער לערער וואו עס

איז באַמערקן, אַז דער סיפּור־המעשה איז צו קורץ, זאל ער דאָס דערגענצן מיט עפּיזאָדן און ליטעראַרישע ציטאַטן פון אַ היסטאָרישער אַנטאָלאָגיע (כרעסטאָמאַטיע). איך שאַץ אָפּ זייער הויך דעם ווערט פון העלדן־געשיכטעס פאַר דער קינדערשער פּסיכיק. אָבער איך האָב זיך באַמיט גיבן צו פאַרשטיין דעם קינד, אַז דער אמתער העלד, דער טרעגער פון דער געשיכטע, איז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין זיינע מאַסן.

די אילוסטראַציעס, וואָס דאַרפן דינען אַלס בילדערישע דערקלערונגען צום קורצן טעקסט, האָב איך צונויפגעשטעלט מיט דער הילף פון מיין פריינד א. טשעריקאווער, וועלכער האָט מיר אויך געהאָלפן ביי דער טעכנישער אויספירונג פון דער אויסגאַבע בכלל, און איך געפין פאַר מיין חוב אויסצודריקן אים מיין טיפן דאַנק דערפאַר.

אין דער כראָנאָלאָגיע האָב איך זיך געהאלטן אָן אַזאַ כלל: אין דער אַלטער געשיכטע האָב איך אָנגעגעבן די יאָרן ניט לויט דער שווערער "פאַרקריסטלעכער" רעכענונג, נאָר אין אַ מער פאַרשטענדלעכן סדר: אַזוי פיל יאָרן אָדער יאָרהונדערטער "פאַר אונזער צייט"; אין דער מיטעלער און נייער צייט גיב איך אָן די געוויינטלעכע "נאָכקריסטלעכע" דאַטן ביי די וויכטיקסטע געשעענישן. צום סוף קומט אַ כראָנאָלאָגישע טאַבעלע.

אין דער אָרטאָגראַפיע פון אידישע ווערטער האָב איך אָנגענומען די וויכטיקסטערע רעפאָרמעס פון דעם נייעם נוסח (אָן די שטומע עַינס א. ד. גל.). אין דער טראַנסקריפּציע פון העברעאישע ווערטער און נעמען האָב איך געזאָרגט ווי נאָר מעגלעך צו פאַרלייכטערן פאַר קינדער דאָס שווערע לייענען. כמעט אומעטום זיינען די דאָזיקע ווערטער גאַנץ אָדער האַלב פונקטירט (מיט "נקודות"). דאָס רוב זיינען זיי געדרוקט מָלֵא, מיט יודן און וואָוון, אפילו אין די באַרימטע פּערזענלעכע נעמען: יַעקוב, מושה, דָויד, שלומה, פּלישתּים אז"ו. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ מוז זיין אַ געוויסע מאָס אין דער נאַטוראַליזאַציע פון העברעאישע ווערטער, כדי זיי ניט צו דעפאָרמירן, ניט אָפּנעמען ביי זיי דעם נאַטירלעכן געשטאַלט.

צום סוף געפין איך פאַר נויטיק צו באַמערקן, אַז דאָס בוך איז צוגעפּאַסט ניט בלויז פאַר שול־קינדער, נאָר אויך פאַר צוועקן פון זעלבסטבילדונג, אַלס לייענבוך פאַר אידישער יוגנט און בכלל פאַר די, וואָס האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו שטודירן גרינדלעכער די אידישע געשיכטע.

בערלין, יוני 1932.

---

## וואָס איז אַזוינס אידישע געשיכטע?

אין דער אידישער געשיכטע ווערט דערציילט וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט זינט עס האָט זיך באַוויזן אויף דער וועלט ביז היינטיקער צייט. אַ פאָלק איז ווי אַ גרויסע מִשפָּחָה: פון איין פאַמיליע וואַקסן זיך פונאַנדער, ווי צווייגן פון אַ בוים, פיל פאַמיליעס מיט קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך, און ווען עס ציט זיך אַזוי אַ לאַנגע צייט, דורך אַ לאַנגער קייט פון דורות, ווערט געשאַפן אַ גאַנץ פאָלק, וואָס באַשטייט פון טויזנטער פאַמיליעס און שפּעטער פון מיליאָנען.

אַזוי איז געוואָרן אויך אונזער אידיש פאָלק, וואָס לעבט שוין אויף דער וועלט מער ווי דריי טויזנט יאָר. אַמאָל האָבן מיר געהאַט אונזער אייגן לאַנד, אֶרץ יִשׂרָאֵל, און איין שפּראַך פאַרן גאַנצן פאָלק; שפּעטער זיינען מיר צעשפּרייט געוואָרן אין פאַרשיידענע לענדער און האָבן גערעדט אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. אָבער אומעטום האָבן מיר זיך געפילט ווי קינדער פון איין גרויסער מִשפָּחָה, ווי ברידער און שוועסטער. ווי אַזוי האָט דאָס אידישע פאָלק זיך אויפגעהאַלטן ביז היינטיקער צייט און וואָס האָבן איבערגעלעבט הונדערטער אידישע דורות אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער, — וועגן דעם דערציילט די אידישע געשיכטע.

די געשיכטע פון אידישן פאָלק צעטיילט זיך אויף צוויי גרויסע תקופות (פּעריאָדן):

1) די מִזרָח־תְּקוּפָה, ווען דאָס פאָלק האָט געלעבט אין אַזיע און אַפריקע אַרום מיטללענדישן יַם, אין זיין אייגן לאַנד פּאַלעס־טינע אָדער אֶרץ־יִשׂרָאֵל און אין די אַרומיקע לענדער, אין מִצרַים און בָּבֶל. דאָס האָט געדויערט מער ווי צוויי טויזנט יאָר, ביז עס זיינען חָרוּב געוואָרן די גרעסערע קולטור־צענטערן אין פּאַלעסטינע און בָּבֶל.

2) די מַעֲרָב־תְּקוּפָה, זינט די מערהייט פון פאָלק איז אַריבער אין די אייראָפּעאישע לענדער און דאָ האָבן אויפגעבליט אידישע קולטור־צענטערן, צו וועלכע עס איז אין דער לעצטער צייט צוגעקומען דער גרויסער אידישער יִשוּב אין אַמעריקע. דאָס דויערט שוין טויזנט יאָר ביז היינטיקן טאָג.

ערשטער טייל

# די מִזרָח־תקוּפָה

## דאָס פאָלק אין אֶרֶץ־ישׂרָאֵל און אין די אַרומיקע לענדער אין דער אַלטער און מיטעלער צייט




1. קאַרטע פון אַלטן מִזרָח

## 1. אַבְרָהם אָבינו און די אָבות (פּאַטריאַרכן) אין כּנַען

מיט פיר טויזנט יאָר צוריק האָבן גרויסע פעלקער געלעבט אין יענע לענדער פון אַזיע און אַפריקע, וואָס זיינען נאָענט צום מיטל־לענדישן יַם, און האָבן דאָרטן געשאַפן צוויי שטאַרקע מלוכות: פון איין זייט בָּבֶל (באַבילאָניע) און פון דער אַנדערער מִצרַיִם (עגיפּטן). צווישן די צוויי גרויסע מלוכות זיינען געלעגן קליינע לענדער: אֲרָם (סיריע) און כּנַען אָדער פּאַלעסטינע מיט די פיניקיער און אַנדערע פעלקער. עס זיינען געווען נאָך קליינע פעלקער אָדער גרופּעס פון משפחות, וואָס האָבן זייער אייגן לאַנד ניט געהאַט, פלעגן וואַנדערן פון איין לאַנד אין אַנדערן מיט סטאַדעס בהמות און שאָף און האָבן געלעבט אין סטעפּעס ווי פּאַסטוכער (נאָמאַדן). אַזאַ קליין פאָלק זיינען געווען די עִ ב ר י ם (העברייער), וואָס האָבן געוואַנדערט צווישן בָּבֶל און מִצרַיִם אונטער דער פירונג פון זייער עלטסטן: אַ ב רָ הָ ם. דער דאָזיקער אַברָהָם איז געוואָרן דער ערשטער „פאָטער" פונם עִבְרישן, שפּעטער אידישן פאָלק („אַברָהָם הָעברי"), און אַזוי הייסט ער ביז היינט: „אַברָהָם אָבינו", אַברהם אונזער פאָטער.

אַברהמס מִשפָּחה האָט געשטאַמט פון בָּבֶל, פון דער אַלטער שטאָט אור־כַּשׂדים. די מִשפָּחה האָט געוואַנדערט און איז אַ צייט געזעסן אין אֲרָם־נַהֲרַיִם (מעסאָפּאָטאַמיע, צוויי־שטראָמען־לאַנד), וואָס ליגט צווישן צוויי גרויסע טייכן: פְּרָת (עפראַט) און טיגער. שפּעטער האָט זיך אַברהם מיט זיין פאַמיליע אָפּגעטיילט פון די אַראַמייער און איז אַוועק מיט זיין מִשפָּחה וואַנדערן ווייטער, קיין כּנַען. אין די אידישע הייליקע ביכער ווערט דערציילט, אַז אַברהם האָט שוין דער־קענט דעם אֶמתן גאָט: אין דער צייט, ווען אַלע פעלקער האָבן גע־

גלויבט, אַז די זון, די לְבָנה און
אַנדערע נאַטור־ערשיינונגען
זיינען געטער און מען דאַרף
זיך בוקן צו זייערע בילדער,
האָט אַבֿרהם אָנערקענט, אַז
ס'איז דאָ נאָר איין גאָט אויף
דער וועלט, וואָס האָט באַ־
שאַפֿן אי די זון איז די לבנה
און די גאַנצע נאַטור. דער
דאָזיקער גאָט — אַזוי האָט
מען שפּעטער דערציילט —
האָט זיך אַמאָל באַוויזן
אַבֿרהמען און האָט צו אים
אַזוי געזאָגט: „גיי אַוועק פֿון
דיין געבורטסלאַנד אין אַ לאַנד,
וואָס איך וועל דיר ווייזן;
דאָרטן וועל איך מאַכן, אַז פֿון
דיר זאָל אַרויסקומען אַ גרויס
פֿאָלק, וואָס וועט זיין גע־
בענטשט צווישן אַלע פֿעלקער
פֿון דער ערד". אַבֿרהם האָט
דורכגעוואַנדערט גאַנץ כּנַען
און איז געקומען גאָר וויַט, קיין
מִצְרַיִם. דאָ אָבער האָט דער
עגיפּטישער קיניג פַּרעה גע־
וואָלט אָפּנעמען ביי אַבֿרהמען
זיין שיינע פֿרוי שָׂרָה, און
די וואַנדערער האָבן געמוזט
אַוועקגיין פֿון דעם דאָזיקן
לאַנד. זיי האָבן זיך באַזעצט
אין דרום פֿון כּנַען אַרום דער
שטאָט חֶבְרוֹן. דאָרטן האָבן



2. סעמיטישע וואַנדערער אויפֿן וועג קיין מִצְרַיִם

זיי זיך פאַרנומען מיט פּיצוכט, ווי אַלע נאָמאַדן געוואוינט אין געצעלטן און געפּיטערט זייער פי אויף די פעלדער.

אַברהם אָבינו האָט געהאַט צוויי קינדער פון זיינע צוויי ווייבער (צו יענער צייט האָט אַ מאַן געמעגט האָבן מער ווי איין ווייב): פון אַ עגיפּטישער דינסט הָגָר האָט ער געהאַט אַ זון מיטן נאָמען יִשְׁמָעֵאל, און פון זיין פרוי שָׂרָה אַ זון מיטן נאָמען יִצְחָק. די צוויי ווייבער האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, און אַברהם האָט געמוזט אָפּלאָזן הָגָרן מיט איר קינד יִשמעאֵל אין מִדבָּר (וויסטע) אַריין. דאָרטן איז יִשמעאֵל אויסגעוואַקסן אַ „ווילדער מענטש: ער שלאָגט אַלעמען און אַלע שלאָגן אים". פון אים זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען די אַראַבער, די וואַנדערער פון דער וויסטע. דער איינציקער יוֹרֵש (נאָכפאָלגער) פון אַברהמען איז געבליבן יִצחק. ער האָט חַתוּנה געהאַט מיט זיינער אַ



3. אַברהמס בוים אין חֶברוֹן (אֶשל אַברָהם)

קרובה פון אַרָם, רבקָה, און האָט געלעבט נאָך דעם טויט פון זיינע עלטערן אויך אין דָרום-כּנַען, פאַרנעמענדיק זיך מיט ערדאַרבעט און פּיצוכט.

צוויי זין זיינען געווען ביי יִצחָקן: יַעֲקֹב און עֵשָׂו. יעקוֹב איז געווען אַ שטילער יונג, וואָס איז רואיק געזעסן אין זיין הויז; עֵשָׂו אָבער איז געווען, אַזוי ווי זיין פעטער יִשמעאֵל, אַ ווילדער מענטש, וואָס האָט

ליב געהאַט אומלויפן איבער וועלדער און פעלדער און יאָגן זיך נאָך חיות און עופות. די מוטער רבקה האָט מער ליב געהאַט דעם שטילן זון יעקובן איידער דעם אומרואיקן עֵשָׂון. ווען דער פאָטער יִצחָק איז אַלט און בלינד געוואָרן און איז שוין געווען נאָענט צום טויט, האָט רבקה געוואָלט, אַז דער פירער פון דער מִשפָּחָה זאָל ווערן יעקוב און ניט עֵשָׂו. דערצו האָט מען געדאַרפט, אַז דער אַלטער זאָל געבן יעקובן אַ בּרָכָה, בענטשן אים פאַר זיין טויט. איינמאָל האָט דער בלינדער יִצחָק צוגערופן עשׂון און געבעטן אים, ער זאָל אים ברענגען פלייש פון אַ געפאַנגענער חַיָה צום עסן, וועט ער אים דערפאַר בענטשן. עשׂו איז מיט פרייד אַוועקגעגאַנגען אין פעלד אויף דער יאַגד. רבקה אָבער האָט זיך דערוואוסט דערפון און האָט איינגערעדט יעקובן, ער זאָל פריער צוטראָגן דעם פאָטער אַ געבראָטן ציגן-פלייש, וואָס זי האָט גוט צוגעריכט, און אויסבעטן ביי אים אַ בּרָכָה. ווען יעקוב איז צוגעגאַנגען צום פאָטער, האָט דער בלינדער יִצחָק געמיינט, אַז דאָס איז עֵשׂו, און האָט געבענטשט דעם זון, אַז ער זאָל זיין דער פירער פון דער גאַנצער מִשפָּחָה. נאָכדעם איז געקומען עֵשׂו מיט זיין מַתָּנה, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט: יִצחָק האָט אויך אים געבענטשט, ער זאָל ווערן שטאַרק און רייך, אָבער ער זאָל זיין אונטערטעניק זיין ברודער יעקובן. עשו איז אַריין אין כַּעס און האָט געוואָלט הַרגענען דעם ברודער, וואָס האָט ביי אים אויסגנעכאַפּט דעם פאָטערס בּרָכה. דאָ האָט רבקה אויף גיך אַוועקגעשיקט איר געליבטן זון יעקובן קיין אַרָם, צו איר ברודער לָבָן, ביי וועמען ער האָט געזאָלט בלייבן ביז וואַנען עס וועט זיך איינשטילן עֵשָׂוס כּעס.

אין דער תּוֹרָה ווערט ווייטער אַזוי דערציילט וועגן יעקובן, דעם לעצטן פון די דריי אָבוֹת (פּאַטריאַרכן) פון אידישן פאָלק.

יעקוב איז געקומען קיין אַרָם און האָט זיך באַזעצט אין הויז פון זיין פעטער, לָבָן הארַמי, וואָס האָט געהאַט פעלדער מיט גרויסע סטאַדעס שאָף אַרום דער שטאָט חָרָן. צוגייענדיק צו דער שטאָט, האָט יעקוב באַגעגנט לָבָנס אינגערע טאָכטער, די שיינע רָחל, און האָט זי אינגיכן ליב געקראָגן. איינמאָל האָט ער געזאָגט צו לָבָנען: איך בין גרייט דינען ביי דיר אין פעלד זיבן יאָר, אויב דו וועסט מיר געבן רָחלען פאַר אַ ווייב. מיט פרייד האָט יעקוב געדינט פאַר זיין

געליבטער: געפּיטערט דעם פּעטערס סטאַדעס בייטאָג און געהיט זיי ביינאַכט, און די זיבן יאָר זיינען פאַרלאָפן פאַר אים ווי עטלעכע טעג. אָבער לָבן האָט זיין פּלימעניק אָפּגענאַרט: אנשטאָט רָחלען האָט ער אים געגעבן פאַר אַ ווייב די עלטערע טאָכטער לֵאָה, זאָגנדיק: „דאָ פירט זיך ניט, מען זאָל אויסגעבן די אינגערע שוועסטער פאַר דער עלטערער". האָט יעקב געמוזט דינען נאָך זיבן יאָר פאַר רָחלען. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט צוויי ווייבער. פון לֵאהן זיינען געבאָרן געוואָרן זעקס זין און איין טאָכטער. (ראובן, שמעון, לֵוִי, יהודָה, יִשָׂכָר, זבולון, דינה) און פון רָחלען נאָר צוויי זין: יוסף און בנימין. אויסער דעם האָבן נאָך יעקבס דינסטן אים געבאָרן פיר קינדער (דָן, נַפְתָּלִי, גָד, אָשר). שפּעטער זיינען פון אַלע צוועלף זין אַרויסגעקומען צוועלף מִשפּחות, וואָס האָבן זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין שְׁבָטִים, פאַמיליע־גרופּעס, און האָבן צוזאַמען געשאַפן דאָס פאָלק יִשׂרָאֵל. דער דאָזיקער פאָלקס־נאָמען שטאַמט דערפון, וואָס יעקב האָט געהאַט נאָך אַ צווייטן נאָמען „יִשׂרָאֵל", און זיינע קינדער און קינדס־קינדער האבן געהייסן „בני־יִשׂרָאֵל". אַזוי האָט מען שפּעטער גערופן דאָס אידישע פאָלק „יִשׂרָאֵל" אָנשטאָט דעם אַלטן נאָמען „עִבְרים".

ווען יעקב מיט זיינע ווייבער און קינדער זיינען געקומען צוריק פון אַרָם קיין כּנַען, האָבן זיי באַגעגנט אויפן וועג עֵשָׂון; די צעקריגטע ברידער האָבן זיך איבערגעבעטן און שָׁלום געמאַכט. יעקב האָט זיך באַזעצט אין מיטל־כּנען, אַרום די שטעט שְׁכֶם און בית־אֵל, און עשו מיט זיין פאַמיליע איז אַוועק קיין דרום, נאָענט צום אַראַבישן מִדבּר, וואו עס האָט זיך שפּעטער געבילדעט דאָס פאָלק אֱדוֹם.

ס'איז אָבער ניט באַשערט געווען יעקבן לאַנג צו בלייבן אינם לאַנד כּנַען. אין זיין פאַמיליע האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק: זיין געליבטסטער אינגערער זון, דער שיינער יוֹסף, איז פּלוצים פאַרפאַלן געוואָרן. די מַעשׂה איז אַזוי געווען. יעקב האָט ליב געהאַט יוספן, דאָס קינד פון זיין יונג פאַרשטאָרבענער ווייב רָחל, מער פאַר אַלע קינדער, און יוסף פלעגט זיך שטענדיג גרויס האַלטן פאַר זיינע עלטערע ברידער, אַזוי ווי ער וואָלט געווען דער בעסטער אין דער פאַמיליע. דערפאַר האָבן אים די ברידער מקַנא געווען און פיינט געהאַט. איינמאָל איז יוסף געקומען אין פעלד, וואו די ברידער האָבן געפּיטערט

זייער שאָף, האָבן זיי אים געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב. פאַרביייגייענדיקע אַראַבישע וואַנדערער האָבן אַרויסגעשלעפּט יוספן פון גרוב און אַוועקגעפירט אים ווייט, קיין מִצרַיִם, וואו זיי האָבן אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט. דעם פאָטער יעקבֿן האָבן די ברידער געזאָגט, אַז יוסף איז פאַרפאַלן געוואָרן; זיי האָבן אויך ניט געוואוסט, וואָס ס׳טוט זיך מיט אים אין די ווייטע לענדער.

אין מִצרַיִם האָט יוסף די ערשטע צייט געדינט ווי אַ קנעכט אין הויז ביי אַ רייכן האַר פּוטיפר, דעם שעף פון דער קיניגלעכער לייב־וואַך. איינמאָל האָט ער זיך צעקריגט מיט פּוטיפרס ווייב, און מען האָט אים דערפאַר באַשטראָפט און אַריינגעזעצט אין תּפיסה (גע־פענגעניש). דאָ האָבן זיך אַלע געוווּנדערט אויף יוספס קלוגשאַפט און זיין קונסט „פּותר חלום" זיין, דאָס הייסט טרעפן דעם באַטייט פון אַ חלום, וואָס אַ מענטש האָט געזען אין שלאָף, און פאָראויסזאָגן אויף דעם גרונד די צוקונפט פון דעם מענטשן. וועגן דעם האָט מען דער־ציילט דעם קיניג פון מִצרַיִם, פּרעהן. איינמאָל האָט זיך דעם קיניג געחלומט, אַז זיבן פעטע בהמות האָבן זיך געפּאַשעט אין גראָז מיט זיבן מאָגערע און די מאָגערע האָבן אויפגעגעסן די פעטע. קיינער פון דעם קיניגס טרעפער (מכשפים) האָט ניט געקענט זאָגן, וואָס באַטייט דער חלום. האָט מען געבראַכט יוספן פון דער תּפיסה, און ער האָט געזאָגט: זיבן פעטע בהמות באַטייטן, אַז עס וועלן קומען זיבן זאַטע יאָרן מיט אַ גרויסער געראָטעניש אויף די פעלדער, און זיבן דאַרע בהמות באַטייטן, אַז דערנאָך וועלן קומען זיבן הונגער־יאָרן, ווייל אויף די פעלדער וועט גאָרניט וואַקסן; אָט דאָס האָט גאָט אָנגעזאָגט אין חלום דעם קיניג, כּדי ער זאָל הייסן מען זאָל אין די זאַטע יאָרן אָפּשפּאָרן ברויט פאַר די ווייטערדיקע שלעכטע יאָרן און דאַן וועט דאָס פאָלק ניט הונגערן. דעם קיניג איז די קלוגע עצה געפעלן געוואָרן; ער האָט יוספן תּיכּף באַפרייט פון תּפיסה און האָט אים באַ־שטימט פאַר אַ פאַרוואַלטער איבערן גאַנצן לאַנד, כּדי ער זאָל קענען דורכפירן דעם פּלאַן פון פאַרזאָרגן דאָס פאָלק מיט ברויט. און יוסף האָט טאַקע דורכגעפירט: ער האָט אָנגעזאַמלט אין די קיניגלעכע שפּייכלער אַזוי פיל תּבֿואה, אַז אַפילו פון אַנדערע לענדער פלעגט מען קומען קיין מִצרַיִם קויפן ברויט.

אין יענער צייט איז געווען אַ הונגער אין דעם לאַנד כּנען. האָט יעקבֿ געשיקט זיינע קינדער קיין מִצרַיִם איינקויפן דאָרטן ברויט. זיינען זיי געקומען צום פֿאַרוואַלטער, ניט ווּיסנדיק, אַז דאָס איז זייער פֿאַרפֿאַלענער ברודער יוסף; ער האָט אָבער זיינע ברידער דערקענט. נאָכדעם ווי ער האָט זיי אַביסל אָנגעשראָקן, האָט ער צו זיי געזאָגט: „איך בין אייער ברודער יוסף, וועלכן איר האָט אַמאָל פֿאַרטריבן קיין מִצרַיִם, אָבער שרעקט זיך ניט, ווייל גאָט אַליין האָט מיך אַהער געשיקט צו ווערן אייער שפּייזער. פֿאָרט צוריק אַהיים און ברענגט אַהער אונזער אַלטן פֿאָטער, וועלן מיר דאָ לעבן צוזאַמען". יעקבֿ איז געווען גליקלעך, ווען מ'האָט אים אָנגעזאָגט, אַז יוסף לעבט. ער האָט איבערגעוואַנדערט מיט זיין גאַנצער פֿאַמיליע קיין מִצרַיִם און האָט זיך באַזעצט אין דעם לאַנד ג ו שֶ ן, וואו די פֿאַמיליע האָט זיך פֿאַרנומען מיט פֿיצוכט אַזוי ווי אין כּנַען.

---

## 2. די „בני־יִשׂרָאֵל" אין מִצרַיִם; קנעכטשאַפֿט און באַפֿרייונג

פֿיל יאָרן האָבן יעקבֿס קינדער און קינדס־קינדער, די „בני־יִשׂרָאֵל", געלעבט אין מִצרַיִם. יעקבֿ איז שוין לאַנג געשטאָרבן, יוסף און זיינע ברידער אויך, אָבער די פֿאַמיליעס פֿון אַלע צוועלף ברידער האָבן זיך פֿאַרמערט; עס זיינען אויסגעוואַקסן גרויסע מִשפּחות אָדער ש בָ ט י ם, און דאָס לאַנד גושֶן איז געווען פֿול מיט די בני־יִשׂרָאֵל. דאָ האָבן זיך די עגיפּטער דערשראָקן: דער נייער קיניג פֿון מִצרַיִם האָט מורא געהאַט, אַז די פֿרעמדע וואַנדערער זאָלן ניט פֿאַרנעמען און באַהערשן דאָס גאַנצע לאַנד. האָט ער באַשלאָסן מאַכן זיי פֿאַר קנעכט. ער האָט געבויט נייע שטעט און האָט צוגעצויגן צו דער אַרבעט קנעכט פֿון פֿרעמדע לענדער, צווישן זיי אויך אידישע איינוואוינער פֿון לאַנד גושֶן. זיי האָבן געבויט צוויי שטעט פּיתום און רַעמסס, די לעצטע אויפֿן נאָמען פֿונם גרויסן קיניג ראַמזעס דעם צווייטן. מען האָט אויפֿגעשטעלט אויפֿזעער, וואָס האָבן זיי געטריבן צו דער אַרבעט: קנעטן ליים, מאַכן ציגל און בויען די געוואַלדיקע בנינים. אָבער וואָס מער מען האָט געפּייניקט די בני־יִשׂרָאֵל, אַלץ מער האָבן זיי זיך פֿאַרמערט, און

דער בייזער קיניג פַּרעה האָט אויסגעטראַכט אַ נייע גזירה: מען זאָל אַלע נייגעבאָרענע אידישע אינגלעך דערטרינקען אין דעם גרויסן טייך נ י ל ו ס און נאָר מיידלעך זאָל מען לאָזן לעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קלאָג פון אידישע מוטערס, בײַ וועמען מען פלעגט אָפּנעמען זייערע קינדער; יונגע מוטערס פלעגן אָפּט באַהאַלטן פון דער עגיפּטישער פּאָליציי זייערע ערשט געבאָרענע אינגלעך. איין מוטער האָט אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך: זי האָט אַרײַנגעלעגט איר קינד אין אַ קאָרב און האָט דאָס אַוועקגעשטעלט אין די געדיכטע גראָזן אויפן ברעג טייך. איינמאָל איז פַּרעהס טאָכטער מיט אירע דינסטן געגאַנגען צום טייך באָדן זיך און האָט באַמערקט דעם קאָרב אין גראָז, אויפגעעפנט און דערזעען אַ קליין אינגעלע, וואָס האָט געוויינט. דעם קיניגס טאָכטער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ אידיש קינד, אָבער זי האָט אים געוואָלט ראַטעווען פון טויט. זי האָט געהייסן רופן אַ אידישע פרוי, וואָס איז גראָד געווען דעם קינדס מוטער, און אָפּגעגעבן איר זי זאָל אים האָדעווען. מען האָט דעם אינגעלע אַ נאָמען געגעבן מ וֹ שֶ ה, און ער איז געוואַקסן אונטער דעם שוץ פון דער קיניגלעכער פאַמיליע.

ווען מוֹשֶה איז אויסגעוואַקסן, האָט ער זיך אָנגעהויבן צוקוקן צום לעבן פון זיינע ברידער און דערזעען, ווי זיי ליידן פון שווערער אַרבעט און קנעכטשאַפט. איינמאָל גייט ער אַרויס אין פעלד און זעט, ווי אַן עגיפּטער שלאָגט אַ אידן; האָט דער יונגער



4. קנעכט אין מצרים קנעטן ליים און מאַכן ציגל

מוֹשֶׁה אַזוֹי אַ קלאַפּ געטאָן דעם שלאָגער, אַז יענער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט. דערפון האָט זיך דערוואוּסט פּרעה און געוואָלט באַשטראָפן מוֹשֶׁהן. מוֹשֶׁה איז אָבער אַנטלאָפן אין דעם נאָענטן מִדבָּר און איז דאָרטן אַריין אין אַ פּאַסטוּכער־פאַמיליע. איינמאָל — דערציילן די אַלטע ספרים — איז ער אַוועקגעגאַנגען מיט זיינע סטאַדעס גאָר ווייט, ביז צום באַרג סִינַי. דאָ האָט ער דערזעען, ווי אַ דאָרנבוּים ברענט און ברענט און דאָך ווערט ער ניט פאַרברענט. מיטאַמאָל דערהערט ער אַ קוֹל פוּן



5. דאס קינד מושה אין קאָרב אויפן ברעג נילוס

דעם דאָרנבוּים: „מוֹשֶׁה, מוֹשֶׁה, זאָלסט ניט צוּגיין נאָענט! נעם אַראָפּ די שיך פוּן די פיס, וואָרעם דוּ שטייסט אויף אַ הייליקן אָרט. איך בין דער גאָט פוּן אַבְרָהָם, יִצחָק און יַעקוֹב. איך האָב דערזעען, ווי מען פּייניקט מיין פאָלק אין מִצרַיִם, איך האָב דערהערט זיין געשריי און בין געקוּמען באַפרייען אים פוּן זיין קנעכטשאַפט און אַרוֹיספירן אין אַ לאַנד, וואָס טריפט מיט האָניק און מילך. איך וועל דיך שיקן צוּ פַּרעהן, דוּ וועסט אים זאָגן, ער זאָל אַרוֹיסלאָזן מיין פאָלק יִשׂרָאֵל פוּן מִצרַיִם, און דאַן וועט איר מיר דינען אויף דעם דאָזיקן באַרג“. מיט ציטערניש האָט מוֹשֶׁה אַ פרעג געטאָן: „ווי זאָל איך דיין נאָמען אָנרוּפן, אַז איך וועל

קומען צו מיינע ברידער?" דאָ האָט זיך ווידער דערהערט אַ קול: „מען רופט מיך דער, וואָס איז געווען און וועט אייביק זיין; זאָג דיינע ברידער, אַז יַהֲוֶה (דער אייביקער), דער גאָט פון די עִבְרִים, האָט דיך געשיקט און געהייסן אַוועקפירן זיי אין דעם מִדְבָּר. אויב פַּרעה וועט אייך ניט לאָזן, וועל איך אים אָנטאָן גרויסע צָרוֹת".

מוֹשֶׁה האָט זיך אומגעקערט אין מִצְרַיִם צו זיינע פאַרקנעכטעטע ברידער און האָט זיי דערציילט, וואָס ער האָט געהערט פון גאָט, און די בני־יִשְׂרָאֵל האָבן זיך זייער דערפרייט. אַז ער איז אָבער געקומען צו פַּרעהן און געבעטן ער זאָל אַרויסלאָזן די בני־יִשְׂרָאֵל פון זיין לאַנד, ווייל זיי ווילן דינען זייער גאָט אין דעם מִדְבָּר, האָט דער קיניג אַ געשריי געטאָן: אייער גאָט קען איך ניט און אייער פאָלק וועל איך ניט אַרויסלאָזן. גייט אַוועק און שטערט ניט מיינע קנעכט אין דער אַרבעט!" און ער האָט געהייסן, מען זאָל די בויער פאַרגעבן נאָך שווערערע אַרבעט. דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן אין מִצְרַיִם שרעקלעכע פלאָגן (מַכּוֹת): דאָס וואַסער אין טייך איז געוואָרן רויט ווי בלוט און מ'האָט עס ניט געקענט טרינקען; זשאַבעס (פרעש) האָבן באַדעקט די גאַנצע ערד, לייז האָבן געביסן לייבער פון מענטשן, היישעריקן האָבן אויפגעפרעסן די תּבוּאָה אויף די פעלדער, אין לאַנד איז געוואָרן אַזאַ פינסטערניש, אַז מענטשן האָבן דריי טעג ניט געזעען איינער דעם אַנ־



6. ראַמזעס II. פַּרעה פון מִצְרַיִם.

דערן, און צום סוף האָבן אין די עגיפּטישע פֿאַמיליעס אָנגעהויבן אויס־שטאַרבן די עלטערע קינדער. נאָך יעדער מַכּה פֿלעגט פַּרעה צוזאָגן באַפֿרייען די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל, אויב משה וועט אויסבעטן ביי גאָט דער אומגליק זאָל אויפֿהערן, אָבער ווען עס איז געוואָרן בעסער, פֿלעגט ער ניט האַלטן וואָרט. נאָר בְּעֵת די עלטערע קינדער אין אַלע פֿאַמיליעס האָבן אָנגעהויבן אויסשטאַרבן, האָט פַּרעה געזאָגט צו משהן: „נעם, פֿיר אַוועק אַלע אידן פֿון מִצרַיִם, אָבער וואָס גיכער!" די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן זיך באַלד צוגעגרייט צום וועג, אָפּגעבאַקט אויף גיך אָנשטאָט ברויט ניט געזויערטע מַצוֹת און האָבן זיך געלאָזט גיין אונטער משהס פֿירונג דורך דעם מִדבָּר צום רויטן יַם (יַם־סוּף). ביים ברעג ים האָט זיי אָבער אָנגעיאָגט פַּרעה מיט זיינע רייטער אויף פֿערד און האָט זיי געוואָלט אָפּשטעלן. משה האָט געהייסן דעם פֿאָלק גיין גלייך איבערן יַם, וואו דאָס וואַסער איז דעמאָלט געווען ניט טיף, ווייל אַ שטאַרקער ווינט האָט אָפּגעטריבן דאָס וואַסער אָן אַ זייט; אָבער אַז די עגיפּטישע רייטער האָבן זיך אויך געלאָזט אין וואַסער, זיינען זיי אַריינ־געפֿאַלן אין די טיפֿענישן און דערטרונקען געוואָרן מיט זייערע פֿערד. דאָ האָבן די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל דערפֿילט מיט פֿרייד, אַז זיי זיינען שוין מער ניט קיין קנעכט, נאָר פֿרייע מענטשן.

---

## 3. משה רַבֵּנוּ און די וואַנדערונג אין מִדבָּר

אַ לאַנגע צייט האָבן די באַפֿרייטע געוואַנדערט אין דעם מִדבָּר, וואו עס האָט זיי אָפֿט געפֿעלט וואַסער און ברויט. צוערשט האָט זיי משה צוגעפֿירט צו יענעם באַרג סינַי, וואו ער האָט אַמאָל געהערט דעם אָנזאָג וועגן אַ פֿריי פֿאָלק, וואָס גלויבט אין איין איינציקן גאָט. ער האָט געוואָלט, אַז דאָס פֿאָלק אַליין זאָל דערהערן ביים הייליקן באַרג ווי צו גלויבן און צו לעבן אויף דער וועלט. איינמאָל האָט זיך דער גאַנצער באַרג סינַי באַדעקט מיט געדיכטע וואָלקנס, עס האָט געדונערט און געבליצט, דער שפּיץ באַרג האָט ווי געברענט אין פֿלאַ־מען און פֿון דאָרטן האָט זיך דערהערט אַ קוֹל, וואָס האָט געזאָגט:

1. איך בין יַהֹוֶה (דער אייביקער), דער גאָט, וואָס האָט דיך אַרויס־געפֿירט פֿון מִצרַיִם.

2. זאָלסט קיין אַנדערע געטער ניט האָבן חוץ מיר, ניט מאַכן זיך קיין אָפּגעטער אָדער בילדער און ניט בוקן זיך צו זיי.
3. זאָלסט ניט שווערן ביי גאָטס נאָמען פאַר אַ פאַלשער זאַך.
4. האַלט הייליק דעם טאָג שַבָּת. זעקס טעג אין וואָך זאָלסטו אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג רוען מיט דיינע קינדער, דיינע קנעכט און דיין פֿי.
5. זאָלסט אַכטן דיין פֿאָטער און מוטער, וועסטו לאַנג לעבן.
6. זאָלסט ניט טייטן קיין מענטשן.



7. דער באַרג סיני

7. זאָלסט ניט זיין אויסגעלאַסן.
8. זאָלסט ניט גַנבענען.
9. זאָלסט ניט עדות זאָגן פאַלש קעגן אַ מענטשן.
10. זאָלסט ניט באַגערן דאָס הויז פון אַן אַנדער מענטשן און אַלץ, וואָס יענעם געהערט.

דאָס זיינען געווען די „צען געבאָטן“ („עֲשֶׂרֶת הַדִבְּרוֹת“), די ערשטע געזעצן פון ריינעם גלויבן און מאָראַל, אָן וועלכע ס'איז אומ-

מעגלעך אַ צוזאַמענלעבן פון מענטשן. ניט טויטן, ניט גַנבענען, ניט זאָגן קיין ליגן, ניט אָפּנעמען ביי יענעם וואָס אים געהערט, אַכטן פאָטער און מוטער, אָפּרוען איין טאָג אין וואָך פון דער אַרבעט, ניט בוקן זיך צו אָפּגעטער פון שטיין און האָלץ, נאָר גלויבן אין איין גאָט, וואָס פירט אָן מיט דעם אידישן פאָלק — דאָס אַלץ האָבן די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל געהערט פון זייער פירער משה רַבֵּנוּ („משה אונזער לערער") באַלד ווי זיי זיינען אַרויס פון קנעכטשאַפט צו אַ פריי לעבן. משה האָט אויסגעקריצט די צען געבאָטן אויף שטיינערנע טאָוולען („לוחות"), כדי יעדערער זאָל זיי געדענקען און פאָלגן.

אָבער ניט אַלע אין פאָלק האָבן זיך געקענט דערהויבן צו די געדאַנקען פון דעם גרויסן לערער. געווען פיל מענטשן, וואָס האָבן ניט



8. דאָס קאַלב אַפּיס (עֵגֶל)

געקענט גלויבן אין אַ גאָט, וואָס מען זעט אים ניט. אין מִצְרַיִם האָבן זיי געזען, ווי מענטשן בוקן זיך צו אַן אָפּגאָט אין געשטאַלט פון אַן אָקס אָדער אַ קאַלב. האָבן זיי זיך אויך אויסגעגאָסן פון גאָלד אַ בילד מיט דער צוּרָה פון אַ קאַלב (דאָס גאָלדענע קאַלב, דער עֵגֶל), האָבן געטאַנצט אַרום אים און געשריען: אָט איז אונזער גאָט, וואָס האָט אונז אַרויסגעפירט פון מִצְרַיִם! ווי נאָר משה האָט דאָס דערזען, האָט ער פון כַּעַס און האַרצווייטאָק צעבראָכן די לוחות, וואו עס איז געווען

אויסגעקריצט אויך דער געבאָט, אַז מען טאָר זיך ניט בוקן צו אַ בילד. שפּעטער אָבער האָט ער זיך באַרואיקט: ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ניט אַזוי גיך קען זיך אַ פאָלק צופּאַסן צו אַ נייער אָרדענונג. ער האָט געמאַכט נייע לוחות און האָט זיי אַריינגעלעגט אין אַ שיינעם קאַסטן (אָרון), וואָס איז געשטאַנען אין אַ באַזונדער געצעלט (מִשכָּן). דאָס איז געווען דער קליינער טעמפּל פון די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל; מען פלעגט אים אַריבערטראָגן פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן ביי אַלע וואַנדערונגען אין דעם מִדבָּר.

פערציק יאָר האָבן די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל געוואַנדערט אין דעם גרויסן מִדבָּר צווישן מִצרַיִם און כּנַעַן. מושה האָט צוגעזאָגט אַריינפירן זיי אין כּנַעַן אָדער פּאַלעסטינע, דאָס לאַנד, וואו עס האָבן געלעבט אַמאָל די פאָלק־פאָטערס (די „אָבוֹת") אַבְרָהָם, יִצחָק און יַעקוֹב; אָבער אויף די גרעניצן פון דרום־כּנַעַן האָבן זיך באַזעצט די פעלקער עמון, מואָב און אֶדוֹם און ניט געוואָלט דורכלאָזן די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל. האָט מען זיך געמוזט לאַנגזאַם צורוקן צום מזרח־גרעניץ, וואו עס האָבן זיך געצויגן ברייטע סטעפּעס ביז צום טייך יַרדֵן („עבר הַיַרדֵן"). דאָ האָבן זיך די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל צעטיילט אויף צוועלף גרופּעס אָדער שבָטים. יעדער שֵבֶט איז געווען ווי אַ גרויסע מִשפָּחָה, וואָס האָט זיך גערופן מיט דעם נאָמען פון איינעם פון די צוועלף יַעקוֹבס קינדער: שֵבֶט ראוּבֵן, שֵבֶט יהוּדָה, שֵבֶט לֵוִי און אַזוי ווייטער; דער שבט יוֹסֵף איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן, וואָס האָבן זיך גערופן מיט די נעמען פון יוספס זין: אֶפרַיִם און מנַשֶה. אַלע שבָטים זיינען געגאַנגען באַוואָפנט, יעדער אונטער זיין פאָן; זיי האָבן זיך געמוזט שיצן קעגן די ווילדע מִדבָּר־פעלקער און צוגרייטן זיך צו אַ מלחמה מיט די כּנַעַן־פעלקער, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיך די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל. די ערשטע מלחמה האָט אויסגעבראָכן אויף דער מזרח־זייט פון יַרדֵן: די יִשׂראֵלים האָבן פאַרטריבן פון דאָרטן דאָס קריגערישע פאָלק אֶמוֹרִים און האָבן פאַרנומען אַ שטיק לאַנד נאָענט צו עמוֹן און מוֹאָב. דאָ האָבן זיך באַזעצט עטלעכע שבטים, ווייל דאָס לאַנד איז געווען זייער גוט צו פיטערן הויז־פי. אַלע אַנדערע שבטים האָבן געמוזט וואַרטן ביז וואַנען זיי וועלן קענען אַריבערגיין דעם יַרדֵן און אַריינדרינגען אין דעם אינעווייניקסטן כּנַעַן, וואו עס האָבן אַמאָל געלעבט די אָבוֹת.

דעם גרויסן פאָלק־פירער מושהן איז אָבער ניט געווען באַשערט אַריינפירן אַלע אידן אין דאָס „צוגעזאָגטע לאַנד". ער איז שוין געווען אַלט און האָט געפילט, אַז איינגיכן וועט ער שטאַרבן. פאַר זיין טויט האָט ער פאַרזאַמלט די עלטסטע פון פאָלק און האָט זיי געלערנט ווי צו לעבן אין דעם נייעם לאַנד לויט די געזעצן פון פרייהייט און גערעכ־



9. משה רבנו

טיקייט. פאַר אַ פירער האָט ער באַשטימט זיין יונגן פריינד יהושע בן נון. דערנאָך איז משה אַרויפגעגאַנגען אויף דעם שפיץ פון באַרג נבו און באַקוקט פון דער הויך דאָס גאַנצע לאַנד כנען אויף ביידע זייטן פון ירדן. אין טיפן טרויער איז ער דאָ געשטאָנען, ביז

וואַנען די פּוחות זיינען אים אויסגעגאַנגען און ער איז געשטאָרבן. דאָס פאָלק ישׂראל האָט דרייסיק טעג נאָכאַנאַנד באַוויינט דעם טויט פון דעם גרויסן באַפרייער און לערער, וואָס האָט אים אויסגעטיילט פון די אַרומיקע פעלקער און באַוויזן אַ נייעם וועג אין לעבן.

---

## 4. ווי פון כּנען איז געוואָרן אֶרץ־ישׂראל; די שופטים־צייט

צו יענער צייט איז דאָס לאַנד כּנען אָדער פּאַלעסטינע, צווישן מיטללענדישן יַם און דעם טייך יַרדן, געווען באַזעצט מיט קליינע פעלקער, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין פירשט אָדער „מֶלֶך“. ווען די בני־ישׂראל זיינען צוגעגאַנגען צום יַרדן אונטער דער פירונג פון יהושע, זיינען די כּנענים ניט געווען צוגעגרייט צו מלחמה. ניט ווייט פון יַרדן איז געשטאַנען די באַפעסטיקטע שטאָט י ר י ח ו; די בני־ישׂראל האָבן די שטאָט באַלאַגערט; זיבן טעג האָבן זיי געשטורעמט די פעסטונג, ביז וואַנען די ווענט זיינען איינגעפאַלן און די באַלאַגערער האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט. אין גאַנץ כּנען האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס גייט אַ גרויסע אַרמיי, וואָס וויל אָפּנעמען דאָס לאַנד און פאַרטרייבן די אַלטע איינוואוינער. די שוואַכע פעלקער האָבן זיך דערשראָקן, און עטלעכע פון זיי האָבן אַליין אַריינגעלאָזן די בני־ישׂראל אין זייערע שטעט און דערפער. יענע אָבער, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן, האָבן געהאַט אַ מַפּלה: די בני־ישׂראל האָבן זיי צעשלאָגן, אַ טייל פאַרטריבן און אַ טייל געלאָזט אויף די ערטער אַלס אונטערטעניקע.

נאָך אַ לאַנגער צייט פון מלחמות האָבן זיך די אידישע שבטים באַזעצט אין לאַנד כּנען, וואָס אזי אַזוי אַרום געוואָרן „ישׂראלס לאַנד“ (אֶרץ־ישׂראל). זיי האָבן צעטיילט צווישן זיך דאָס לאַנד: יעדער שבט האָט באַקומען זיין חלק. חוץ די פּאָר שבטים, וואָס זיינען געבליבן אויף יענער זייט יַרדן (ראובן און גָד), האָבן זיך אינמיטן לאַנד באַזעצט די צוויי גרויסע שבטים אֶפרַים און מנשה; אין דָרום — יהודה און בנימין; אין צָפון — נפתלי, אָשר, יששכר און זבולון; נאָר איין שבט לֵוי האָט ניט באַקומען זיין אייגענעם חלק און איז געווען צעזייט צווישן די איבעריקע שבטים. נאָך יהושעס טויט איז ביי די בני־ישׂראל ניט

געווען קיין אַלגעמיינער פֿאָלק־פֿירער, נאָר יעדער שֵבט האָט זיך גע־האַט זיין פירער אָדער שופט (ריכטער). מיט דער צעריסנקייט פון אידישן פאָלק פלעגן זיך באַנוצן די פרעמדע פעלקער און אָנפאַלן אויף דעם אָדער יענעם אידישן שֵבֶט, כדי אָפּנעמען ביי אים צוריק זיין שטיק לאַנד. אין אַזעלכע שלעכטע צייטן פלעגן זיך פאַראייניקן עטלעכע שבָטים אין איין בונד, אונטער דער פירונג פון אַ העל־דישן שופט, אַ „גיבור", און צוזאַ־מען פלעגן זיי מלחמה האַלטן מיט די פרעמדע און באַפרייען זיך פון זייער הערשאַפט.



10. קאַרטע פון כנען (פאַלעסטינע) מיט די 12 שבטים

אַזאַ מעשה איז געשען דאַן אין צפון־טייל פאַלעס־טינע, וואו דער שֵבֶט נַפְתָּלי און אַנדערע האָבן גע־לעבט צווישן פרעמ־דע פעלקער. איינ־מאָל האָט אַ קריג־פירער מיטן נאָמען ס י ס ר אָ אָנגע־זאַמלט אַ גרויסן חַיִל און אָנגעהויבן יאָגן און דריקן דעם שבט נַפְתָּלי און די אַרומיקע אידישע שבָטים. פון צָפון זיינען אידן געלאָפן אין די שטעט פון דעם מיטעלן שטאַרקן שבט אֶ פ רַ י ם. צו יענער צייט האָט אויפן באַרג אֶפרַים געלעבט אַ קלוגע פרוי מיטן נאָמען ד ב וֹ רָ ה. זי איז געווען אַ „נביאָה",

אַ באַגייסטערטער מענטש, וואָס רעדט אין נאָמען פון גאָט. זי האָט גערופן די בני־אֶפרַים קומען צו הילף זייערע ברידער אין צָפון און האָט אַוועקגעשטעלט דעם פירער בָּרָק (דער נאָמען הייסט „בליץ") פון שבט נַפתָלי בראש פון דער אידישער אַרמיי, וואָס איז געגאַנגען אויף אַ מִלחמה מיט סיסרָאן. דבורה איז אויך מיטגעגאַנגען מיט דער אַרמיי. די גיבורים פון ישׂרָאֵל האָבן צעשלאָגן סיסראָס חַיִל; סיסרָא אַליין איז אַנטלאָפן און באַהאַלטן זיך אין אַ צעלט פון איינער אַ פרוי; זי האָט אים אָבער אין שלאָף דערהרגעט מיט אַ פלאָקן. דבוֹרָה האָט באַזונגען די דאָזיקע באַפרייונג פון פאָלק אין אַ שיינעם ליד, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „איך זינג צום גרויסן גאָט פון ישׂרָאֵל. עס איז ניט געווען קיין פירער ביי ישראל, ביז וואַנען איך, דבורה, בין גע־קומען ווי אַ מוטער אין ישראל!"

שפּעטער האָט ווידער אויסגעבראָכן אַ קריג קעגן די נאָמאַדן, וואָס פלעגן קומען פון מִדבָּר אויף זייערע קעמלען, אָנפאַלן ווי היישעריקן אויף אידישע פעלדער און אַוועקפירן די תבואָה מיט די בהֵימות. דער פירער אין קריג איז געווען ג י ד ע ו ן פון שבט מנַשֶׁה. אויף זיין רוף האָבן זיך פאַרזאַמלט טויזנטער קריגער, נאָר ער האָט אויסגערופן: „ווער עס האָט מורא גיין אויף אַ מלחמה, זאָל בעסער זיך אומקערן אַהיים!" די שוואַכע זיינען אַוועק, און אַרום דעם פירער זיינען גע־בליבן דריי הונדערט העלדן, מיט וועמען ער האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן ניצָחון: די נאָמאַדישע רויבער זיינען אינגאַנצן פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד. די עלטסטע פון פאָלק זיינען געקומען צו גידעונען און געבעטן אים, ער זאָל ווערן אַ קיניג אין ישראל, נאָר ער האָט געענטפערט: „ניט איך און ניט מיינע קינדער וועלן הערשן איבער אייך; גאָט איז אייער קיניג".

איינמאָל ביי אַזאַ קריג מיט פיינדלעכע פעלקער האָט זיך געטראָפן אַ טרויעריקע מעשה. דער פירער פון די אידישע פאַסטוכער־שבטים אויף יענער זייט פון ירדן („עֵבֶר הַיַרדן"), יִפתָח פון גילעד, האָט מִלחמה געהאַלטן מיט דעם שכֵנישן פאָלק עמון, וואָס האָט געוואָלט אָפּנעמען דאָס לאַנד ביי אידן. אין רעכטן ברען פון דער מלחמה האָט יפתָח אַרויסגעזאָגט אַזאַ וואָרט: „אויב גאָט וועט געבן און מיר וועלן באַזיגן דעם פיינד, וועל איך, צוריקקערענדיק זיך אַהיים, אים ברענגען פאַר

אַ קָרבּן דאָס ערשטע, וואָס וועט מיר אַרויסגיין אַנטקעגן פוּן מיין הויז". גראָד האָט זיך אַזוי געטראָפן, אַז די ערשטע, וואָס האָט באַגעגנט יִפתּחן, איז געווען זיין יונגע און שיינע טאָכטער. אַז דער פאָטער האָט איר דערציילט וועגן זיין אומגליקלעכן נֶדר, האָט די טאָכטער געענטפערט: „וואָס דו האָסט צוגעזאָגט מוזט דו טאָן. לאָז מיך נאָר אָפּ אויף צוויי חדשים אין די בערג, איך וועל דאָרטן צוזאַמען מיט מיינע חַברטעס באַקלאָגן מיין יונג לעבן". אַזוי איז אָפּגעשניטן געוואָרן אַ יונג בליענד לעבן איבער אַ ווילדן גלויבן, וואָס האָט זיך נאָך געהאַלטן ביי די אַרוּמיקע פעלקער און אויך ביי אַ טייל פון אידישן פאָלק, אַז גאָט וויל מענטשלעכע קָרבָּנות. שפּעטער זיינען אַזעלכע מִנהָגים ביי אידן אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן.

נאָכדעם האָט אַ נייער בּייזער פיינד אָנגעהויבן דריקן די שבָטים אין די דָרום־לענדער, נאָענט צום יַם. דאָ האָבן זיך באַזעצט די פ ל י ש ת י ם אין עטלעכע שטעט (עַזָה, אַשקלון און אַנדערע) און האָבן געהערשט איבער די שבטים דָן און יהודה. איינער אַ שטאַרקער העלד פון שֵבט דָן, ש י מ ש ו ן דער גיבּור, האָט געקעמפט קעגן די פּלישתּים דערמיט, וואָס ער אַליין פלעגט זיי אָנטאָן צָרוֹת אין פאַרשיידענע ערטער. איינמאָל האָט ער געכאַפּט דריי הונדערט פוקסן, צוגעבונדן זיי צו די עקן ברענענדיקע פאַקעלן און געלאָזט אויף די פּלישתּישע פעלדער, איז דאָרטן די גאַנצע תּבוּאה פאַרבּרענט געוואָרן. ווען די פּלישתּים האָבן אים דערזעען אין דער שטאָט עַזָה און האָבן פאַרשלאָסן די טויערן פון שטאָט, כּדי ער זאָל ניט קענען אַרויסגיין, האָט שימשון שטילערהייט ביינאַכט אַראָפּגעריסן די טויערן מיט די ריגל און שלעסער, אַוועקגעטראָגן זיי אויף אַ באַרג און אַליין זיך רואיק אַוועקגעגאַנגען. די פּלישתּים האָבן זיך געוואונדערט אויף אַזאַ גבוּרָה און האָבן איינגערעדט שימשונס פּלישתּישע ווייב דלילָה, זי זאָל זיי העלפן כאַפּן דעם אידישן גיבּור. דלילָה האָט געפרעגט ביים מאַן: „זאָג מיר, אין וואָס ליגט דיין גרויסער כּוח?" שימשון האָט געענטפערט: „פון קליינוויז אָן האָב איך ניט געשאָרן מיינע האָר, און ווען מען זאָל זיי אָפּשערן, וועל איך אָנווערן מיין קראַפט". האָט אים דלילָה אין שלאָף אָפּגעשניטן די לאַנגע האָר און אָנגעזאָגט אירע פּלישתּישע פריינד, זיי זאָלן קומען. האָבן אים די פּלישתּים געכאַפּט, אויסגעשטאָכן

די אויגן און אַ געשמידטן אין קייטן אַריינגעזעצט אין תּפיסה. איינמאָל האָבן זיי געבראַכט דעם בלינדן העלד אין זייער טעמפּל, כּדי דאָס פֿאָלק זאָל זיך לוסטיק מאַכן איבער דעם געפֿאַנגענעם פֿיינד. דער צערייצטער שימשון האָט אויסגעשריען: „מיין גאָט, גיב מיר כאָטש נאָך איינמאָל כּוח און לאָמיך שטאַרבן צוזאַמען מיט די פּלישתּים!" ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט ביי די זיילן פֿון טעמפּל און האָט זי אַ טרייסל געטאָן. דער גאַנצער בנין איז איינגעפֿאַלן און האָט באַגראָבן אונטער זיך טויזנטער פּלישתּים און אויך דעם אידישן העלד.

---

## 5. שָאוּל, דער ערשטער מֶלֶך פֿון ישׂרָאֵל

די פּלישתּים האָבן אַלץ ווייטער פֿאַרשפּרייט זייער הערשאַפֿט און אָנגעהויבן אָנפֿאַלן אויף די לענדער פֿון אֶפְרַיִם, אין מיטל־כּנען. דאָ, אין דער שטאָט שילה, איז געשטאַנען דער מִשכָּן אָדער געצעלט פֿון גאָט יַהוֶה מיט דעם הייליקן אָרון, וואָס די בני־ישראל האָבן אַריבערגעטראָגן פֿון איין אָרט אויף דעם אַנדערן וואַנדערנדיק אין דעם מִדבָּר. דער כּוהן (פּריסטער) איז דאָ געווען עֵלִי, וואָס איז אויך געוואָרן דער „שופֿט" פֿון די שבֿטים אין מיטל־כּנַען. ער פֿלעגט תּמיד אויפֿמונטערן דאָס פֿאָלק צום קאַמף מיט די פֿרעמדע אונטערדריקער, אָבער ניט אַלעמאָל האָט דאָס געהאָלפֿן. איינמאָל האָבן זיך די פּלישתּים אַריינגעריסן אין דער הייליקער שטאָט שילה, צעשטערט דעם מִשכָּן און אַוועקגעפֿירט דעם הייליקן אָרון. דער אַלטער עלי איז פֿון שרעק און צַער געשטאָרבן. דאָס האָט צוגעזען אַ יונגערמאַן פֿון שבֿט לֵוִי, מיטן נאָמען שמואֵל, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט ביי דעם כּוהן עלי און האָט גענאָלט פֿאַרנעמען זיין אָרט נאָך זיין טויט. שמואֵל איז געווען אַ באַגייסטערטער מענטש, אַ נבֿיא; ער האָט געוואָלט אויפֿלעבן די תּורה פֿון מושה רַבֵּנו און געלערנט דאָס פֿאָלק ווי צו לעבן נאָך די געזעצן פֿון דער דאָזיקער תּוֹרָה; מען האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ הייליקן „זעער" (רוֹאֶה), וואָס קאָן פֿאָראויסזעען די צוקונפֿט. ווען ער איז געוואָרן שופֿט נאָך עלים טויט, האָט ער געמוזט פֿירן דאָס פֿאָלק קעגן די פֿיינדלעכע פּלישתּים, אָבער ער איז ניט געווען קיין קריגסמאַן. פֿיל האָבן געמיינט, אַז נאָר אַ שטאַרקער קיניג און קריגסהעלד קען פֿאַר־

אייניקן אַלע שבֿטים, שאַפֿן אַ גרויסע אַרמיי און באַפֿרייען דאָס לאַנד פֿון די פֿיינד. די עלטסטע פֿון פֿאָלק זיינען געקומען צו שמואֵלן און געבעטן, ער זאָל אויפֿשטעלן אַ מֶלֶך, וואָס זאָל זיי פֿירן אין קאַמף.

איינמאָל קומט צו שמואֵלן אַ הויכער שיינער יונגערמאַן און זאָגט צו אים: „איך בין שָׁאוּל, אַ לאַנדוווירט פֿון דער שטאָט גִבעה אין שבט בנימין, און האָב זיך איצט אַוועקגעלאָזט זוכן די אייזלען, וואָס זיינען פֿאַרפֿאַלן געוואָרן ביי מיין פֿאָטער; וויל איך ביי דיר פֿרעגן, צי וועל איך זיי געפֿינען". שמואֵל האָט זיך צוגעקוקט צו דעם שטאַרקן ענערגישן יונגערמאַן און האָט אים געזאָגט: „זאָרג ניט וועגן די אייזלען! דיר איז באַשערט צו ווערן אַ קיניג איבער ישׂראֵל". באַגייסטערט דורך די דאָזיקע ווערטער, האָט זיך שָׁאוּל געשטעלט אין דער שפּיץ פֿון דער אידישער אַרמיי און האָט אָפּגעהאַלטן אַ גלענצנדן נִצָחוֹן איבער די עמונים, וואָס האָבן באַלאַגערט די אידישע שטאָט יָבֵשׁ אין גילעד. אין פֿאָלק האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן שָׁאוּלן, דעם באַפֿרייער פֿון פֿרעמדן יאָך. אַז שמואֵל האָט צונויפֿגערופֿן אַ פֿאָלקס-פֿאַרזאַמלונג אין דער שטאָט מִצפָּה און פֿאָרגעלייגט, מען זאָל שָׁאוּלן אויסקלייבן פֿאַר אַ מֶלֶך, האָבן זיך דערהערט באַגייסטערטע קולות: „יחי המֶלֶך! זאָל לעבן אונזער קיניג!" שאולס שטאָט גיבעה איז געוואָרן די הויפּט-שטאָט פֿון דער נייער אידישער מלוכה.

אַזוי איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע אידישע מלוכה אין אֶרץ-ישׂראֵל. דאָס איז געווען אַרום דריי טויזנט יאָר צוריק (1030 יאָר פֿאַר דער קריסטלעכער צייטרעכנונג).

די גאַנצע צייט פֿון שָׁאולס קיניגשאַפֿט איז אַריבער אין מִלחָמוֹת מיט די פּלישתּים און מיט די מִדבָּר-פֿעלקער (באַזונדערס מיט עמלֵק), וואָס פֿלעגן זיך אַריינרייסן אין לאַנד. צום סוף איז דער מֶלֶך מיד געוואָרן פֿון קריג-זאָרגן; אויף אים פֿלעגט אָפּט אָנפֿאַלן אַ מָרָה-שחוֹרה, אַן אומעט, מעלאַנכאָליע. האָט מען אַן עצה געגעבן, ער זאָל נעמען אַ מענטשן, וואָס קען שפּילן אויף אַ פֿידל און מיט זיין שפּילן צעטרייבן דעם אומעט. מען האָט געבראַכט אין קיניגס הויז אַ שיינעם קלוגן יונג פֿון שבט יהודה, מיטן נאָמען דָוִד, אַ פּאַסטוך פֿון בית-לֶחֶם, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיין שפּילן אויפֿן פֿידל. דָוִד פֿלעגט פֿריילעך מאַכן דעם אומעטיקן קיניג און איז געוואָרן באַליבט אין הויז. אינגיכן

האָט מען זיך דערוואוּסט, אַז ער איז אויך אַ גיבור, אַ העלד. איינמאָל בשעת אַ מלחמה האָט דער פירער פון די פלישתים, גָלית, אַ הויכער און שטאַרקער העלד, אויסגערופן: „זאָל איינער פון אייך אַרויסגיין אין פעלד און פאַרמעסטן זיך מיט מיר; אויב ער וועט מיך שלאָגן, וועלן מיר זיין אייערע קנעכט; אויב אָבער איך וועל אים שלאָגן, וועט איר זיין אונזערע קנעכט“. דאַן האָט שָאול אויסגערופן: „ווער עס וועט באַזיגן דעם פלישתישן העלד, וועט באַקומען מיין טאָכטער פאַר אַ ווייב!“ דאָ איז אַרויסגעטראָטן דָויד און געזאָגט: „איך גיי, גאָט וועט מיר העלפן“. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן גָליתן, האַלטנדיק אין האַנט אַ שטעקן און עטלעכע שטיינדלעך. גָלית האָט זיך באַלייִדיקט און געזאָגט: „וואָס בין איך אַ הונט, וואָס דו גייסט אויף מיר מיט אַ שטעקן?“ דאָ האָט דָויד אַ וואָרף געטאָן אַ שטיינדל און געטראָפן דעם ריז גלייך אין שטערן. יענער איז אַנידערגעפאַלן און זיך ניט געקענט אויפהויבן, איז דָויד צו אים צוגעגאַנגען, אַראָפגעריסן פון אים דעם שווערד און אָפגעהאַקט דעם קאָפ. די פיינד זיינען זיך צעלאָפן, און דָויד מיט זיין חַייל האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. אַנטקעגן זיינען אַרויס אידישע פרויען מיט געזאַנג און טענץ און האָבן אויסגערופן: „שָאול האָט געשלאָגן טויזנטער פיינד, דָויד אָבער — צענדליקער טויזנטער!“

שָאול האָט זיך געפרייט אויף דָוידס ניצָחון, אָבער ער האָט אויך מקַנֵא געווען דעם יונגן גיבור, וואָס מען שטעלט אים העכער פון דעם קיניג. דָויד האָט חתונה געהאַט מיט דעם קיניגס טאָכטער מיכַל, זיך באַפריינדעט מיט זיין זון יהונתן. נאָר מיט שָאולן האָט ער שוין ניט געקענט לעבן בשָלום, ווייל דער צערייצטער קיניג האָט אים חושד געווען, אַז ער וויל ביי אים אָפנעמען די מאַכט און ווערן אַליין קיניג. איינמאָל, בשעת אַן אָנפאַל פון צאָרן, האָט שָאול געוואָרפן זיין שפיז אויף דָוידן און אים שיער ניט דערהרגעט. דָויד האָט געמוזט אַנטלויפן. אַ לאַנגע צייט האָט ער געוואַנדערט מיט אַ חברה באַוואָפנטע מענטשן אין דעם מדבר און אין די פלישתישע לענדער, שָאול האָט זיך נאָך אים געיאָגט, אָבער ניט געקענט כאַפן.

אין דער דאָזיקער צייט האָט ווידער אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן אידן און פלישתים. שָאול מיט זיין זון יהונתן זיינען אַוועק

אויף דער מלחמה, אָבער די פּלישתּים האָבן די אידישע אַרמיי צע־שלאָגן, און דער קיניג מיטן זון זיינען אויך געפאַלן אין קריג. אַז מען האָט דאָס אָנגעזאָגט דָוידן, האָט ער זיך צעוויינט און געזונגען אַ טרויער־ליד אויף דעם גרויסן אומגליק: „ווי זיינען דאָס די העלדן געפאַלן! שָאוּל און יהוֹנתן, געליבטע און טייערע, ניט צעשיידט אין לעבן און אין טויט! אָ, ווי זיינען דאָס די העלדן געפאַלן!"

---

## 6. דָויד הַמֶלֶך אין ירושָלַיִם

די, וואָס האָבן אַמאָל געזעען דָוידס גבוּרות אין דער מלחמה, האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער מוז איצט ווערן אַ הערשער ביים פאָלק ישׂראל. צוערשט האָבן אים אָבער אָנערקענט פאַר אַ מֶלֶך נאָר די מענטשן פון זיין אייגענעם שֵבֶט יהוּדָה, און ער האָט זיך באַזעצט ביי זיי אין דער שטאָט חֶ ב ר וֹ ן. די אַנדערע שבָטים האָבן געהאַלטן, אַז לויט דעם געזעץ דאַרף שאוּלס זון אישבֵעל זיין דער יוֹרש פון דער קיניגלעכער מאַכט. עטליכע יאָר האָט זיך געצויגן אַ בירגער־קריג צווישן דָוידס צד און אישבֵעלס צד, ביז וואַנען אישבעל איז דערמאָרדעט געוואָרן און דאָס גאַנצע פאָלק איז אַריבער אויף דוידס זייט. קיין חֶברון זיינען געקומען די עלטסטע פאָרשטייער פון אַלע שבָטים און געקרוינט דָוידן פאַר אַ מֶלֶך.

דער נייער מלך האָט זיך געשאַפן אַ נייע הויפּטשטאָט אויף די בערג פון יהודה: י ר ו שָ לַ יִ ם. ביז יענער צייט איז די דאָזיקע שטאָט געווען באַזעצט מיט אַ פרעמד פאָלק, די יבוּסים, וואָס האָבן זיך באַ־פעסטיקט און ניט אַריינגעלאָזט זייערע שכנים פון שבט יהודה. דָויד האָט איינגענומען די פעסטונג פון ירושלים אויף דעם באַרג צ י וֹ ן, און די שטאָט האָט באַקומען אַ נאָמען „עיר־דָויד". דער נייער הויפּט־שטאָט פון דער אידישער מלוּכה איז באַשערט געווען צו ווערן אויף טויזנטער יאָרן לאַנג די באַרימטסטע שטאָט אין דער וועלט, די „הייליקע שטאָט". אַהער האָט דויד אַריבערגעפירט דעם הייליקן אָרוֹן, וואָס איז געשטאַנען ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל זינט דער צייט פון עלי הכּוֹהן און שמואֵל הנביא. דָויד האָט אַוועקגעשטעלט דעם



11. ירושָלַים. עיר דָויד, דָוידס טורעם

אָרון אין אַ באַזונדער געצעלט אין ירושלים, ביז וואַנען עס וועט געבויט ווערן דער גרויסער טעמפּל פון גאָט יַהוָה.

דָויד האָט געשאַפן אַ שטאַרקע ארמיי און האָט געפירט גרויסע מלחמות מיט אַלע פעלקער, וואָס פלעגן אָנפאַלן אויף פּאַלעסטינע. ער האָט אינגאַנצן אַרויסגעטריבן די פלישטים פון אידישע שטעט און זיי אָפּגעשטופּט צום דרום־גרעניץ. ער האָט באַזיגט אויך די פיינדלעכע פעלקער מואָב, עמון און אֶדום אויפן מִזרָח־גרעניץ; זיין אַרמיי איז אפילו אַריינגעדרונגען אין דַמֶשֶק, דער הויפטשטאָט פון אַרָם (סיריע). אַלע גרעניץ־פעלקער האָבן דערזעען, אַז עס שאַפט זיך אַ גרויסע אידישע מלוכה און האָבן מורא געהאַט זי אָנצורירן. פון דרויסן איז געוואָרן רואיק, אָבער אינעווייניק אין לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען אין קיניגס פאַמיליע גופא.

ווי עס האָט זיך געפירט אין יענער צייט, האָט דויד געהאַט עטלעכע ווייבער, חוץ זיין ערשטער פרוי, שָאולס טאָכטער מִיכַל, און פיל קינדער. ווען ער איז שוין געווען מלך אין ירושלים, האָט ער זיך פאַרליבט אין איינער אַ שיינער פרוי בַת־שֶבע, די ווייב פון זיין אָפיצער אוריה, און האָט זי אָפּגענומען ביי איר מאַן. דאָ איז צו אים געקומען דער „נביא" נתָן און האָט אים דערציילט אַזאַ מעשה: אין איינער אַ שטאָט האָבן געלעבט צוויי מענטשן, אַ רייכער, וואָס האָט געהאַט פיל שאָף און רינדער, און אַן אָרימער, ביי וועמען עס איז געווען נאָר איין שעפעלע; איינמאָל, ווען צום רייכן איז געקומען אַ גאַסט, האָט ער צוגענומען ביי דעם אָרימען שָכן זיין איינציקע שעפעלע און געמאַכט אַ מאָלצייט פאַרן גאַסט. אויסהערנדיק די מעשה, האָט דויד מיט צאָרן געזאָגט: „אַזאַ מענטש פאַרדינט מען זאָל אים טויטן און פאַר דער שעפעלע זאָל ער באַצאָלן דעם אָרימאַן פיר מאָל אַזויפיל, ווי זי איז ווערט". דאָ האָט דער נביא אויסגעשריען: „דו ביסט אַליין אַזאַ מענטש! גאָט האָט דיר געגעבן אַ מלוכה און רייכקייט און פיל ווייבער, און דו האָסט אָפּגענומען די איינציקע ווייב ביי אוריהן!" דער מלך האָט דערפילט אַ טיפע חַרָטה אין האַרצן און געזאָגט: „יאָ, איך האָב גע־זינדיקט". דער נביא נתן האָט אים געענטפערט: „פאַר דיין זינד וועסטו באַשטראָפט ווערן מיט דעם, וואָס אין דיין הויז וועט ניט זיין רואיק

און עס וועט זיך אויפהויבן אַן אומגליק אויף דיר פון דיין אייגענער משפחה".

פון יענער צייט אָן האָבן ניט אויפגעהערט שטרייטן און רייסענישן אין הויז פון דויד המלך. זיינע קינדער פון פאַרשיידענע פרויען האָבן זיך שטענדיק געקריגט. צוערשט האָבן זיך צוקריגט די צוויי עלטערע זין, אַ מ נ ו ן און אַ ב שָ ל ו ם, וואָס האָבן געהאַט פאַרשיידענע מוטערס. איינמאָל האָט אַמנון שווער באַליידיקט אַבשָלומס שוועסטער, די שיינע תָמר; אַבשָלום איז אַריין אין כַּעס און האָט אָפּגעטאָן אַזאַ מעשׂה: ער האָט פאַררופן אַמנון אויף אַ מאָלצייט און געהייסן זיינע דינער, זיי זאָלן אים דערהרגענען. אויס מורא פאַרן פאָטער איז ער אַנטלאָפן. אַבשָלום האָט געוואַנדערט איבערן לאַנד און אומעטום האָבן זיך אַרום אים געזאַמלט אומצופרידענע מענטשן, וואָס האָבן זיך געקלאָגט אויפן קיניג, אַז ער וויל ניט אויסהערן זייערע פאָדערונגען און בַּקָשות. אַבשלום האָט צו זיי געזאָגט: „אַז איך וועל ווערן קיניג, וועט איר אַלע צופרידן זיין". אַזוי איז אַ טייל פון פאָלק צוגעשטאַנען צום בֶּן־מלך, וואָס איז אויפגעשטאַנען קעגן זיין פאָטער און געוואָלט ווערן קיניג נאָך בּיי זיין לעבן. אין חֶברון האָט מען זיך שוין געגרייט אויס־צורופן אַבשָלומען פאַר אַ קיניג און גיין מיט אים קיין ירושָלַיִם.

דויד איז געווען גאַנץ דערשלאָגן פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס זיין אייגענער זון האָט אויפגעהויבן די האַנט אויפן פאָטער. ער האָט פאַרלאָזן ירושָלַיִם מיט זיין פאַמיליע און אַ טייל אַרמיי. מענטשן זיינען געשטאַנען אויף די גאַסן און זעענדיק ווי דער אַלטער קיניג גייט אַוועק פון דער הויפּטשטאָט, האָבן זיי שטאַרק געוויינט. די כּוהנים פון טעמפּל האָבן געוואָלט גיין צוזאַמען מיטן קיניג און טראָגן פאַר אים דעם הייליקן אָרון, נאָר דויד האָט זיי געהייסן בּלייבן אין ירושלים. „אויב גאָט וועט וועלן — האָט ער געזאָגט — און וועט מיך אומקערן אַהער, וועל איך ווידער זעען זיין הייליקן אָרט, און אויב ניט, זאָל ער מאַכן מיט מיר וואָס ער וויל". דער אויפשטאַנד האָט צעטיילט דאָס פאָלק אויף צוויי פּאַרטייען: איינע פאַר דָוידן, די אַנ־דערע פאַר אַבשָלומען. עס האָט זיך צעפלאַקערט דער בּרודער־קריג. דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דָוידס אַרמיי, דער גיבּור יואָב, האָט זיך געיאָגט נאָך אַבשָלומס חַיִל און האָט אים אָנגעיאָגט אין וואַלד אֶפרַיִם.

אַבשָלוֹם איז אַנטלאָפֿן רייטנדיק אוֹיף אַן אייזל אין אַ געדיכטן וואַלד, אָבער דאָרטן האָט ער זיך פֿאַרטשעפּעט מיט זיינע לאַנגע האָר אָן די צווייגן פֿון די בוֹימער; ווען דער אייזל איז פֿון אונטער אים אַוועק־געלאָפֿן, איז אַבשָלוֹם געבליבן הייִנגען אין דער לופֿטן. יוֹאָב איז אונ־טערגעקומען און האָט אים אַריינגעשאָסן דריי פֿיילן אין לייב. אינגעכן איז דער אוֹיפֿשטאַנד אונטערדריקט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד. דער קיניג האָט זיך געקענט פֿרייען מיט דעם נצָחון, אָבער ווען מען האָט אים דערציילט ווי אַבשָלוֹם איז אומגעקו־מען, האָט ער זיך צע־וויינט און געשריִען: „מיין זון, מיין זון אַבשָלוֹם! בעסער וואָלט איך פֿריער געשטאָרבן ווי דו!"



12. אַבשלומס טויט

דאָס לאַנד האָט זיך נאָך ניט אַזוֹי גיך באַרוּאיקט. עטלעכע שבָטים האָבן זיך צע־בונטעוועט קעגן דער הערשאַפֿט פֿון דָוידן דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיין שבט יהוּדָה אַוועקגעשטעלט העכער פֿאַר אַלע אַנדערע טיילן פֿון פֿאָלק. דעם קיניגס אַרמיי, אונטער יוֹאָבס פֿירונג, האָט זיך געטראָגן פֿון איין שטאָט צו דער אַנדערער, געכאַפּט אָדער פֿאַרטריבן די מוֹרדים. אפֿילו רוּאיק שטאַרבן איז ניט באַשערט געווען דעם גרויסן אידישן קיניג. מען האָט זיך אין דער פֿאַמיליע אָנגעהויבן קריגן, ווער זאָל ווערן קיניג נאָך דָוידס טוֹיט. די מַלכָּה בַּת־שֶבע האָט געפֿאָדערט די קיניגלעכע קרוֹין פֿאַר איר זון שלוֹמהן, אָבער איינער פֿון די עלטערע ברידער, אַדוֹנִיָהוּ, האָט זיך געשאַפֿן אַ פּאַרטיי, וואָס האָט אים אויסגערופֿן פֿאַר אַ מלך. דויד, וואָס איז שוֹין געלעגן אוֹיפֿן קראַנקן בעט, האָט דאַן געגעבן אַ באַפֿעל, מען זאָל באַלד קרוֹינען פֿאַר

אַ מֶלך זיין געליבטן זון שלומהן. אינגעכן איז דויד געשטאָרבן, און נאָך אַ קורצן קאַמף פֿון פּאַרטייען האָט דאָס פֿאָלק אָנערקענט די הער־שאַפֿט פֿון שלומה הַמֶלך.

---

## 7. שלומה הַמֶלֶך און דער בית־הַמִקדָש

שלומה האָט געיַרשנט פֿון זיין פֿאָטער אַ גרויסע מלוכה, וואָס איז געווען פֿאַרזיכערט פֿון אויסערלעכע אָנפֿאַלן. דאָס פֿאָלק האָט שוין ניט געדאַרפֿט פֿירן מִלחמות מיט די אַרומיקע פֿעלקער און האָט זיך געקענט אָפּגעבן דער פֿרידלעכער אַרבעט. אין שלומהס צייטן האָבן מענטשן געלעבט רואיק „יעדערער ביי זיין ווייַנגאָרטן און אונטער זיין פֿייגנבוים". מען האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט ערדאַרבעט, לאַנדווירט־שאַפֿט, מלאכה און האַנדל. שלומה האָט געשלאָסן אַ פֿריינדלעכן בונד מיט די שכֵנישע פֿיניקיער, דעם בעסטן האַנדלס־פֿאָלק אין דער אַלטער וועלט; די פֿיניקיער פֿון צור און צידון, צוויי האַפֿן־שטעט אויפֿן ברעג יַם, האָבן אויסגעלערנט אידן האַנדלען; סוחרים פֿון ביידע פֿעלקער פֿלעגן פֿאָרן אויף שיפֿן אין ווייטע לענדער, פֿאַרקויפֿן אייגענע סחורות און איינקויפֿן פֿרעמדע. מיט דעם הערשער־הויז פֿון מִצרַיִם איז שלומה געווען אַ מחותן: איינע פֿון זיינע ווייבער איז געווען אַ טאָכטער פֿון עגיפּטישן קיניג.

שלומה הַמֶלך איז געווען באַרימט אויף דער וועלט ווי דער קליגסטער מענטש פֿון יענער צייט. פֿון ווייטע לענדער פֿלעגט מען קומען הערן זיינע חָכמות, זיינע משָלים און שיינע געדאַנקען. מען דערציילט, ווי קלוג ער האָט איינמאָל אַלס ריכטער געפֿונען דעם ריכטיקן אורטייל. עס זיינען געקומען צו אים צוויי ווייבער און איינע פֿון זיי האָט געזאָגט: „מיר ביידע האָבן געלעבט אין איין הויז, און יעדע פֿון אונז האָט געהאַט אַ קליין קינד, אָבער איר קינד איז געשטאָרבן, ווייל זי האָט זיך ביינאַכט אין שלאָף אַרויפֿגעלעגט אויף אים אין בעט און האָט אים דערשטיקט; דאַן האָט זי שטילערהייט, ווען איך בין געשלאָפֿן, צוגענומען פֿון מיין בעט מיין קינד און מיר אַוועקגעלעגט איר טויט קינד, און איצט זאָגט זי, אַז דער לעבעדיקער

אינגעלע איז איר זון און דער טויטער איז מײנער״. די אַנדערע פרוי האָט געשריען: „דאָס איז ניט אֶמת, מײן זון איז דער לעבעדיקער, און דײנער דער טויטער!״ כּדי אויסגעפינען דעם אֶמת האָט שלומה אַ זאָג געטאָן צו זײן דינער: „ברענג מיר אַ מעסער און מיר װעלן צעשנײדן דאָס לעבעדיקע קינד אויף צװײען — אַ העלפט איין פרוי און אַ העלפט דער אַנדערער״. דאָ האָט אײנע פון די פרויען אויסגעשריען: „מײן האַר, לאָז ניט שנײדן דאָס קינד, נאָר גיב אים שוין בעסער אָפּ אַ לעבעדיקן יענער פרוי!״ די אַנדערע אָבער האָט געזאָגט: „נײן, זאָל זײן ניט מיר און ניט דיר — שנײדט אים!״ דאָ האָט שלומה געזאָגט: „איצט װײס איך, װער איז די אֶמתע מוטער פונם לעבעדיקן קינד. גיט אים אָפּ יענער פרוי, װאָס האָט רַחמנות געהאַט אויף אים און ניט דערלאָזט שנײדן״. דאָס גאַנצע פאָלק האָט באַװאונדערט די קלוגשאַפט פון דעם קיניג.

װי אַלע גרויסע מלָכים פון יענער צײט, האָט שלומה אויך ליב געהאַט בויען אין זײן הויפּטשטאָט שײנע בנינים. ירושָלַיִם איז אין זײן צײט געװאָרן אַ שײנע שטאָט מיט קיניגלעכע פּאַלאַצן און גרויסע הײזער. צוערשט האָט דער קיניג געהײסן בויען אַ „הויז פאַר גאָט״, אַ פּרעכטיקן בית־הַמִקדָש. טויזנטער אַרבעטער און קנעכט, אידישע און פיניקישע, האָבן געהאַקט שטײנער אין די בערג און האָלץ אין די צעדער־װעלדער פון לבָנון און געפירט קײן ירושָלים. שלומהס פרײנד, דער פיניקישער קיניג חירָם פון צור, האָט אים געשיקט די בעסטע פיניקישע בוי־מײסטער, װאָס האָבן מיט אידישע הענט אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ פאַר גאָט, פון דרויסן שטײן און פון אינעװײניק מיט ברעטער פון צעדער־האָלץ, מיט אויסגעשניצטער, גאָלד־באַדעקטער מאָלערײ אויף די װענט. אין הויז איז געשטאַנען אַ גרויסער קופּערנער מִזבֵחַ אָדער אַלטאַר פאַר קָרבָנות פון שאָף און רינד. אינעװײניק, אין אַ האַלב־טונקעלן זאַל, איז געשטאַנען דער הײליקער אָרון. אַהער האָבן זיך געצויגן מאַסן מענטשן פון גאַנצן לאַנד, באַזונדערס אין די גרויסע פײערטעג, װי פּסח און סוכּות. דער טעמפּל אין ירושלים איז געװען אַזוי שײן, אַז אַפילו פרעמדע פון װײטע לענדער פלעגן קומען אַ קוק טאָן אויף אים, װי אויך אויף די פּרעכטיקע פּאַלאַצן, װאָס מען האָט אויסגעבויט פאַר שלומהן, זײנע װײבער און זײנע דינער.

אָבער צו טייער האָט געקאָסט דעם פֿאָלק דער גלאַנץ פֿון דער הויף־שטאָט און דעם קיניגס הויז. מען האָט גענומען ביי יעדערן, רייכע און אָרעמע, גרויסע שטייערן, געטריבן טויזנטער מענטשן אויף שווערע אַרבעט; ערדאַרבעטער און האַנטווערקער זיינען פֿאַראָרעמט געוואָרן און גרויסע טיילן פֿון פֿאָלק זיינען געווען אומצופֿרידן. מיט דער דאָזיקער שטימונג אין פֿאָלק האָט זיך באַנוצט איינער פֿון דעם קיניגס באַאַמטער, יָרָבעם פֿון שֵבט אֶפֿרַיִם, און איז אַרויסגעטראָטן מיט שאַרפֿע רייד קעגן שלומהן. אים האָט געשטיצט דער נביא אַחִיָה פֿון שילה, וואָס האָט ניט ליב געהאַט דעם קיניג פֿאַר זיין פֿאַר־שווענדעריש לעבן. איינמאָל באַגעגנט אַחִיָה יָרָבעמען אין פֿעלד, נעמט אַראָפּ זיין מאַנטל און צערייסט אויף צוועלף שטיקער, גיט אים אָפּ צען פֿון זיי און זאָגט: „צען שבטים וועלן זיך אָפּרייסן פֿון שלומהס מלוכה און וועלן אויסקלייבן דיך פֿאַר אַ מלך". יָרָבעם האָט שוין צוגעגרייט אַן אויפֿשטאַנד אין שבט אֶפֿרַיִם, נאָר שלומה האָט זיך דער־וואוסט דערפֿון און געגעבן אַ באַפֿעל צו טויטן אים. דעמאָלט איז יָרָבעם אַנטלאָפֿן קיין מִצרַיִם און האָט זיך דאָרטן באַהאַלטן ביז שלומהס טויט.

ווען שלומה איז געשטאָרבן און אויף זיין אָרט האָט געזאָלט ווערן קיניג זיין זון רחַבעם, האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפֿשטאַנד. יָרָבעם האָט זיך אומגעקערט פֿון מִצרַיִם און צו אים איז צוגעשטאַנען זיין שבט אֶפֿרַיִם. אין דער אַלטער שטאָט שְכֶם האָבן זיך פֿאַרזאַמלט די עלטסטע פֿון פֿאָלק, כּדי צו באַראָטען זיך וועגן דעם נייעם מלך. ווען רחַבעם איז געקומען קיין שְכֶם, האָבן זיי אים געזאָגט: „דיין פֿאָטער האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אונז אַ שווערן יאָך, מאַך אים גרינגער — וועלן מיר דיר דינען". נאָר רחַבעם האָט זיי גראָב געענטפֿערט: „איך וועל דעם יאָך נאָך שווערער מאַכן". דאָ האָבן די בני־אֶפֿרַיִם אַ געשריי געטאָן: „וואָס האָבן מיר צו טאָן מיטן הויז פֿון דויד! צעגייט זיך אַהיים, אידן!" אֶפֿרַיִם און נאָך ניין שבטים האָבן אויסגעקליבן יָרָבעמען פֿאַר אַ קיניג, און נאָר די צוויי שבטים יהודה און בּנימין האָבן אָנערקענט רחַבעמען. אַזוי האָט זיך די אידישע מלוכה צעטיילט אויף צוויי מלוכות: יהוּדָה און אפֿרַיִם, אָדער „מַלכוּת יהוּדָה" און „מַלכוּת יִשׂרָאֵל" (אַרום 930 יאָר פֿאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג).

## 8. די צעטיילטע מלוכה: מַלכות ישׂרָאֵל

די מלוכה פון די צען שבטים, אָדער „מַלכות ישראל“, האָט פאַר־נומען דעם גאַנצן צָפון און מיטל פּאַלעסטינע. איר ערשטער מלך איז געווען יָרָבעָם, וואָס האָט געמאַכט זיין הויפּט־שטאָט אין שכם, אין לאַנד אֶפרַיִם. ירבעם האָט מורא געהאַט, אַז מענטשן פון זיין לאַנד וועלן גיין דינען גאָט אין גרויסן בית־הַמִקדָש, וואָס איז אין ירושלים, און דאָרטן וועלן זיי צושטיין צו רחַבעמען, האָט ער באַשלאָסן שאַפן צוויי טעמפּלען אין זיין אייגענער מלוכה: איינעם אין מיטן לאַנד, אין דער שטאָט בית־אֵל („גאָטס הויז“), און דעם אַנדערן אין דער צפון־שטאָט דָן. דאָ האָט ער געענדערט אויך די פאָרם פון גאָטס־דינסט: ער האָט אַוועקגעשטעלט אין יעדן טעמפּל אַ פיגור פון אַ קאַלב, אויס־געגאָסן פון גאָלד, און האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ געשטאַלט פון אַ גאָט, וואָס מען דאַרף זיך צו איר בוקן. דאָס האָט ער נאָכגעגעבן דעם פּשוטן פאָלק, וואָס האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען, ווי קען מען דינען אַ גאָט אין הימל, וואָס מען זעט אים ניט. אַזוי האָט מען זיך אין מַלכות יִשׂרָאֵל צונויפגעמישט מיט די אַרומיקע פעלקער, וואָס האָבן געהאַט זייערע אָפּגעטער.


13. פיניקישער בַעַל

באַזונדערס האָבן זיך די אידן באַ־פריינדעט מיט זייערע שכנים, די פּי־ניקיער. דאָס איז געווען אין דער צייט פונם אידישן מֶלֶך אַחאָב, וואָס האָט געמאַכט פאַר זיין הויפּטשטאָט שוֹמרוֹן, ניט ווייט פון שכֶם. שומרון האָט זיך גרויס אויסגעבויט, ווי אַ צווייטע ירושָלים. דאָ האָבן געוואוינט אויך אויסלענדער: פיניקיער און אַראַמייער. אַחאָבס ווייב, איזֶבֶל, איז געווען אַ טאָכ־טער פון דעם פיניקישן קיניג. זי האָט אַריינגעבראַכט אין שומרון די מִנהָגים פון איר פאָטערלאַנד. אַרום דער קיניגין האָבן זיך געשאַרט פּריסטער פון דעם

אָפּגאָט בַּעַל. אין די העכערע קלאַסן איז געוואָרן אַ מאָדע דינען גלייכצייטיק אין די טעמפּלען פון אידישן יַהֹוֶה און פיניקישן בַּעַל. אויסערדעם האָט מען געדינט דער געטין אַסטאַרטאַ (עשתּורת, אַשֵׁרה).

עס זיינען אָבער נאָך געווען אין פאָלק מענטשן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, ווי מיאוּס דאָס איז — דינען צו צוויי געטער, צונויפמישן זיך מיט געצנדינער און אָפּזאָגן זיך פון די געזעצן פון דער אידישער תּורה. ווידער איז געקומען אַ באַגייסטערטער מענטש, דער „נביא" אֵלִיָהוּ פון דער שטאָט תּישבי, אויף יענער זייט יַרדן, און האָט אָנגעהויבן ריידן אין שומרון, אַז דער מֶלֶך און די מַלכָּה פאַרפירן דאָס פאָלק אויף פאַלשע וועגן. די מַלכָּה איזֶבֶל איז בייז געוואָרן און האָט געהייסן באַשטראָפן אֵלִיָהוּ און זיינע פריינד, וואָס האָבן זיך גערופן „נביאים פון אידישן גאָט" (נביאֵי יַהֹוֶה). פיל פון זיי האָט מען געכאַפּט און געשלאָגן, אַנדערע זיינען זיך צעלאָפן. אֵלִיָהוּ האָט זיך באַהאַלטן אַרום דעם יַרדן אָדער אין דעם מִדבָּר פון סינַי, וואו משה רַבֵּנוּ האָט אַמאָל דעם פאָלק די תּורה געגעבן. אָבער ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען אין שומרון און זאָגן אַחאָבן דעם אֶמֶת אין די אויגן.



14. אַסטאַרטאַ

איינמאָל האָט זיך אֵלִיָהוּ דערוואוסט, אַז אַחאָב און איזֶבֶל האָבן אָפּגעטאָן אַ מיאוּסע מעשה. נאָענט צום קיניגס פּאַלאַץ איז געווען אַ וויינגאָרטן, וואָס האָט געהערט אַן ערלעכן ערדראַבעטער נבות. אַחאָב האָט געוואָלט קויפן דעם וויינגאָרטן און מאַכן פון אים אַ שיינעם גאָרטן אַרום פּאַלאַץ, אָבער נבות האָט ניט געוואָלט פאַרקויפן זיין נַחלָה. האָט די שלעכטע איזֶבֶל געהייסן איבערגעבן נבותן צום געריכט און געשטעלט פאַלשע עדות, וואָס האָבן געזאָגט, אַז נבות האָט

געלעסטערט גאָט און דעם קיניג; דאָס געריכט האָט אים פאַרמִשפּט
לויטן געזעץ צו טויט-שטראָף, און זיין שיינער וויינגאָרטן איז אָנגעקו-
מען דעם קיניג. דאָ איז אֵלִיָהוּ געקומען צו אַחאָבן און האָט מיט צאָרן
אויסגעשריען: „דו האָסט געהרגעט אַן אומשולדיקן מענטשן און בא-
קומסט נאָך זיין ירושה! דערפאַר וועט דיך גאָט שטראָפן: אויף דעם
פּלאַץ, וואו די הינט האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נבותן, וועלן זיי לעקן
דאָס בלוט פון דיר און דיין הויזגעזינד".

שפּעטער האָט זיך טאַקע אַזוי אויסגעלאָזט. אַחאָב האָט געפירט
מִלחָמות מיט דעם מֶלֶך פון אַרָם, בֶּן-הֲדַד, וואָס איז געוואָרן הערשער
איבער די אַרומיקע לענדער און געוואָלט אָפּנעמען אויך אַ שטיק לאַנד
ביי מַלכוּת ישׂרָאֵל. צוויי מאָל האָבן זיך די אַראַמייער אַריינגעריסן אין
לאַנד, האָבן באַלאַגערט שוֹמרוֹן, און אַחאָבס אַרמיי האָט זיי פאַרטריבן,
אָבער צום דריטן מאָל האָבן די פיינד געזיגט און אַחאָב אַליין איז גע-
פאַלן אין קריג. מען האָט אים אַ שווער פאַרוואונדעטן אין אַ וואָגן,
פאַרגאָסן מיט בלוט, אָפּגעפירט אין שוֹמרוֹן, און דאָרטן האָבן די הינט
געלעקט דאָס בלוט פון וואָגן אויף יענעם אָרט ביים קיניגס פּאַלאַץ, וואו
עס איז אַמאָל געווען דער וויינגאָרטן פון נבוֹת.

אַזוי איז מקוים געוואָרן אֵלִיָהוּס נביאות. אָבער די שלעכטע
איזֶבֶל האָט נאָך געלעבט און צוזאַמען מיט איר זון יוֹרָם געפירט די
מלוכה. דאָ איז אַרויסגעטראָטן אֵלִיָהוּס תַלמִיד, אֱלִישָע הַנביא. נאָך
דעם טויט פון אֵלִיָהוּ הַנביא (אין פאָלק האָט מען געגלויבט, אַז אַ
שטורעמווינד האָט אים אַוועקגעטראָגן לעבעדיקערהייט אין הימל
אַריין), האָט אֱלִישָע ווייטער געפירט דעם קאַמף קעגן דעם קיניגסהויז
אין שוֹמרוֹן. אֱלִישָע האָט איינגערעדט איינעם אַ קריג-פירער יֵהוּא,
ער זאָל מיט דער הילף פון זיינע סאָלדאַטן אַראָפּוואַרפן אַחאָבס יוֹרשים
פון טראָן און ווערן אַליין אַ מֶלֶך, מיט דעם תנאי, אַז ער זאָל פאַרניכטן
דעם קולט (גאָטס-דינסט) פון בַעל און ווידער איינפירן דעם איינציקן
קולט פון יַהוֶה. דער סאָלדאַטן-פירער האָט געמאַכט די זאַך מיט בלו-
טיקע הענט: ער האָט אויסגעהרגעט די גאַנצע משפחה אַחאָבס און די
אָנהענגער פון בעל-קולט. יהוא איז געוואָרן קיניג און האָט ווייטער גע-
פירט די מלחמות מיט אַרָם, וואָס האָבן זיך געצויגן אויך אונטער

דער הערשאַפט פון זיין זון און איניקל, אַמאָל מיט גליק, אַמאָל מיט שווערע מַפָּלות.

נאָר אויף אַ קורצער צייט איז געוואָרן רואיק אין מַלכות ישׂרָאֵל. דאָס איז געווען אין דער צייט פון מֶלך יָרָבעם דעם צווייטן, יהואס אוראייניקל, וואָס האָט געקיניגט מער ווי פופציק יאָר. ער האָט אויפגעשטעלט דעם פרידן אין לאַנד. אַזוי ווי אַמאָל שלומה המלך, האָט זיך ירבעם דער צווייטער אָפּגעגעבן מיט בויען שיינע הייזער אין זיין הויפּטשטאָט שומרון; פאַר זיך אַליין האָט ער געבויט צוויי פּאַלאַצן: אַ ווינטערדיקן און אַ זומערדיקן. אין די פרידנס־יאָרן האָט ווידער אויפגעלעבט דער האַנדל מיט פיניקיע און אַנדערע לענ־דער; פיל מענטשן זיינען רייך געוואָרן און האָבן געפירט אַ גבירישן לעבן: געבויט זיך פּרעכטיקע הייזער, מיט מעבל, באַפּוצט מיט גאָלד און עלעפאַנטן־ביין, געטראָגן קליידער פון די טייערסטע געוואַנטן, געגעסן די בעסטע מַאכָלים, געטרונקען די טייערסטע וויינען; באַזונדערס האָבן זיך אָנגעטאָן וואוילטאָג די רייכע ווייבער, וואָס האָבן זיך אָפט געפירט גאָר לייכטזיניק. צום גרעסטן טייל האָבן די רייכע געשאַפן זייערע פאַרמעגנס ניט מיט ריינע מיטלען: זיי פלעגן אונטערדריקן זייערע אַרבעטער, פלעגן פאַרלייען געלט אויף גרויסע פּראָצענטן, און אַז דער אָרימער בעל־חוב האָט ניט געקענט אָפּצאָלן צו דער צייט, פלעגן זיי ביי אים אָפּנעמען דאָס לעצטע אייגנטום אָדער מאַכן אים פאַר אַ קנעכט. אין יאָרן פון אומגערעטעניש פלעגן די תבואה־הענד־לער געבן אויף באָרג די אָרימע ערדאַרבעטער ברויט פאַר הויכע פרייזן און דערנאָך אָפּנעמען ביי זיי פאַרן חוב זייערע פעלדער און וויינגערט־נער. אַפילו די כּוֹהֲנים אין די טעמפּלען האָבן זיך געיאָגט נאָך געלט און פאַרגעניגנס. די אמתע גייסטיקע פירער, די נ ב י א י ם, האָבן ניט געקענט צוזען אַזאַ פאַרדאָרבנקייט און פלעגן אָפט דערמאָנען, אַז אַזאַ לעבן קען ברענגען צו אַן אומגליק פאַרן אידישן פאָלק.

דער בעסטער פון די נביאים צו יענער צייט איז געווען עָ מ ו ס, אַן ערלעכער ערדאַרבעטער פון אַ שטעטל אין יהודה. ווען ער איז געקומען פון זיין שטעטל אין דער גרויסער שטאָט בֵּית־אֵל, וואו עס איז געשטאַנען דער טעמפּל פון ירבעם דעם ערשטן, און האָט דערזען די צולאָזנקייט פון די איינוואוינער, האָט ער זיי אָנגעהויבן אויסריידן,

אַז זיי לעבן ניט נאָך די געזעצן פון אֶמֶת און יוֹשֶר, און געזאָגט נביאות, אַז זיי וועלן אָפּקומען פאַר זייערע זינד. צו די רייכע האָט ער געזאָגט: „דערפאַר וואָס איר טרעט דעם אָרימאַן מיט די פיס, וועט איר בויען הייזער פון בעסטן שטיין, נאָר וואוינען אין זיי וועט איר ניט". צו די צולאָזענע פרויען האָט ער געשריען: „הערט אויס, איר פעטע בהֵמות, וואָס איר באַרויבט די אָרימע, פאַרטרייבט די בעטלער און פאָדערט ביי אייערע מענער: גיב נאָך — מיר וועלן טרינקען! עס וועלן קומען טעג און מען וועט אייך אַוועקפירן אויף שיפלעך (אין גָלוּת)". דער נביא ווייזט אויף, אַז אין מַלכות יהוּדָה לעבט מען ערלעכער ווי אין מלכות ישׂרָאֵל, און זאָגט פאָראויס, אַז דאָס פאָלק וועט פאַרטריבן ווערן פון זיין לאַנד. איינער פון די כּוֹהַנים אין טעמפּל בֵּית־אֵל האָט אָנגעזאָגט דעם קיניג, אַז דאָ גייט אַרום אַ נביא פון יהודה און שרעקט דאָס פאָלק מיט אַלערליי אומגליקן. צו עמוסן האָט ער געזאָגט: „לויף צוריק קיין יהודה, דאָרטן זאָג נביאות, אָבער אין בית־אֵל זאָלסטו זיך מער ניט באַווייזן". עמוס האָט אים רואיק געענטפערט: „איך בין ניט קיין נביא און ניט אַ זון פון אַ נביא. איך בין אַ פּראָסטער פּאַסטוך און פלאַנצער פון פייגנבוימער; אָבער גאָט האָט מיך צוגענומען פון מיין שאָף און געזאָגט: גיי זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישׂרָאֵל!"

נאָך דעם טויט פון יָרָבעם דעם צווייטן האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע צייט. אַ גרויסע און שטאַרקע מלוכה אין אַזיע, אַ ש ו ר אָדער אַסיריע, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַלע קליינע לענדער, צווישן זיי אויך אויף מַלכות ישׂרָאֵל, און האָט זיי געוואָלט איינגעמען. די שוואַכע מלכים, וואָס האָבן געקיניגט נאָך יָרָבעמען, האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן דעם גרויסן אַסירישן קיניג תּיגלַת־פּילאֶסר. אַ נייער נביא, ה ו שֵ ע, האָט פאָר־



15. געפאַנגענע אידן אין אַשור

אויסגעזעען, אַז דאָס פאָלק ישראל און זיינע הערשער וועלן ניט ביי־שטיין קענען דעם מעכטיקן זיגער. די מלכים פון שומרון האָבן געפּרובט פאַרבינדן זיך מיט די אַרומיקע קליינע הערשער און מלחמה האַלטן קעגן אשור. אָבער זיי האָבן געהאַט אַ מפּלה. צוערשט האָט דער מעכ־טיקער קיניג פון אשור תּיגלת־פּילאֶסר אָפּגענומען אַ העלפט לאַנד פון מלכות ישׂראל און פאַרשיקט טויזנטער געפאַנגענע אין פרעמדע לענדער. שפּעטער האָבן זיינע נאָכפאָלגער שלמנאֶסר און סרגון דריי יאָר נאָכאַנאַנד באַלאַגערט די באַ־פעסטיקטע שטאָט שומרון און צום סוף זי איינגענומען. די באַזיגער האָבן חרוב גע־מאַכט די הויפּטשטאָט און די אַרומיקע ערטער און



15 a. געפאַנגענע אידן אין אשור בעטן גאָט

האָבן פאַרטריבן די איינוואוינער אין די ווייטע מדינות פון מיטל־אַזיע. אין די חרובע אידישע שטעט האָבן זיי באַזעצט אַסיריער און אַנדערע מענטשן פון פרעמדע פעלקער, וואָס האָבן זיך שפּעטער צונויפגעמישט מיט די רעשטן פון ישׂראל און האָבן געבילדעט אַ מיש־פאָלק מיט דעם נאָמען „שומרונים“ (סאַמאַריטאַנער).

די מלכות ישראל האָט עקזיסטירט כּמעט צוויי הונדערט יאָר. זי איז צעשטערט געוואָרן מיט 2650 יאָר פאַר אונזער צייט (אין יאָר 720 פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכנונג).

---

## 9. מלכות יהודה ביז דעם ערשטן חורבן

אין די צוויי הונדערט יאָר, ווען עס האָט עקזיסטירט די מלכות ישׂראל, איז אין מלכות יהודה אין דרום־פּאַלעסטינע געווען פיל רואיקער. דאָ האָט געהערשט איין איינציגע דינאַסטיע: דאָס קיניגס־הויז דוד, און עס האָבן זיך ניט געביטן מלכים פון פאַרשיידענע דינאַסטיעס אַזוי ווי אין מלכות ישׂראל. פעסט איז געשטאַנען די

הויפּטשטאָט ירושלַים מיט דעם גרויסן בֵּית־הַמִקדָש, וואוהין עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען „עולֵי־רגֶל" (פּיליגרימען) פונם גאַנצן לאַנד. דאָס לאַנד יהודָה איז געלעגן אָן אַ זייט פון די גרויסע קריגערישע מלוכות אַרָם און אַשור און האָט ניט געדאַרפט אויסהאַלטן אַזוי פיל מִלחָמות ווי דאָס לאַנד ישׂראֵל. אין דער צייט פון שלומהס זון ר חַ ב ע ם איז דער עגיפּטישער קיניג שישַק מיט זיין חַיִל אָנגעפאַלן אויף ירושָלַים און אַנדערע שטעט, אָבער רחַבעם האָט זיך ביי אים אויסגעקויפט מיט געלט, און די אָנפאַלער זיינען אַוועק צוריק. ווען אַחאָב האָט געהערשט אין שומרון האָט דער קיניג פון יהודָה י ה ו שָ פָ ט אים געהאָלפן אין דער מִלחָמה קעגן אַרָם. די צוויי מלָכים זיינען אפילו געוואָרן מחותָנים: אַחאָבס טאָכטער ע תַ ל יָ ה האָט חתונה געהאַט מיט יהושָפָטס זון יהורָם. אָבער ווען זי האָט אָנגעהויבן אריינפירן אין ירושָלַים דעם בַעל־קולט נאָך דער מאָדע פון שומרון, האָט דאָס פאָלק צעבראָכן אַלע בילדער פון בַעל און געהרגעט די קיניגין עתַליָה. שפּעטער האָבן זיך די הערשער פון ביידע אידישע מלוכות אָפט גע־קריגט און אפילו געגאַנגען אויף מִלחָמות איינער קעגן דעם אַנדערן. בשעת די אַסיריער האָבן באַלאַגערט שומרון און צעשטערט די מַלכות ישׂראֵל, זיינען איר די מלָכים פון יהודָה ניט געקומען צו הילף. דער יהודישער מֶלֶך אָ חָ ז האָט זיך אונטערגעגעבן דעם גרויסן אַסירישן קיניג תיגלַת־פילאֶסר און דערמיט האָט ער געראַטעוועט זיין לאַנד פון דעם גרויסן חורבן, וואָס די אַסיריער האָבן אָנגעמאַכט אין דעם ברודער־לאַנד.

צו יענער צייט איז אויך מַלכות יהודָה אריינגעצויגן געוואָרן אין דער וועלט־פּאָליטיק פון די גרויסע מלוכות. אין די העכערע קלאַסן האָט מען אָנגעהויבן נאָכמאַכן דעם לעבן־שטייגער פון פרעמדע פעלקער. דער אונטערשיד צווישן אָרים און רייך איז דאָ אויך געוואָרן אַזוי שטאַרק, ווי פריער אין מַלכות ישׂראֵל, און די נביאים האָבן גע־פילט, אַז עס קען קומען צו אַ סאָציאַלער קאַטאַסטראָפע. באַזונדערס זיינען זיי געווען אויפגעבראַכט, ווען דער מֶלֶך אָחָז האָט איינגעפירט אין ירושָלים אַסירישע מאָדעס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און אפילו אין רעליגיעזן קולט. דער גרויסער נביא י שַ ע יָ ה בֶּ ן אָ מ ו ץ, וואָס איז געווען נאָענט צו די העכערע קרייזן פון ירושָלים, האָט אין

זיינע פייערדיקע רעדעס אויפגעדעקט די מאָראַלישע פעלער פון די דאָזיקע קרייזן, האָט ניט געשאַנעוועט אויך דעם קיניג און די הויכע באַאַמטע. „ווי אויסגעלאַסן איז געוואָרן — האָט ער געשריען — די געטרייע שטאָט ירושָלים! אַמאָל האָבן אין איר געהערשט גערעכטיקייט און ערלעכקייט, און איצט — מערדער! דיינע פירסטן זיינען פאַרדאָרבענע מענטשן, חַברן זיך מיט גַנבים, האָבן ליב נעמען מַתָנות, יאָגן זיך נאָך געלט, דעם יָתום גיבן זיי ניט זיין רעכט און ווילן ניט הערן די קלאָג פון דער אַלמנה... צו וואָס קומט איר — זאָגט גאָט — אין מיין טעמפּל און ברענגט מיר קָרבָנות? איך קען אייערע תּפילות ניט הערן, ווייל אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט. רייניקט זיך, זאָגט זיך אָפּ פון אייערע שלעכטע מעשים, לערנט זיך גוטס טאָן, זוכט גערעכטיקייט, האַלט אויף דעם גערדריקטן, גיט זיין רעכט דעם יָתום, שטעלט זיך איין פאַר דער אַלמנה!" באַזונדערס שאַרף האָט ישעיָה גערעדט קעגן די „בנות ציון", די פרויען פון ירושָלים, וואָס האָבן געהאַט אין זינען נאָר פּוצן זיך און קליידן זיך, אַרומגיין אין די גאַסן, באַדעקט מיט צירונג, באַשמירט מיט פאַרשיידענע פאַרפומען, און זיך ניט אומגעקוקט ווי דער אָרימאַן זיצט אָן ברויט און אָן אַ קלייד.

קעגן דעם מֶלֶך אָחָז איז ישעיָה אַרויסגעטראָטן און האָט אים פאָרגעוואָרפן זיין פריינדשאַפט מיט דעם אַסירישן קיניג און זיין נייגונג צו אַסירישער לעבנספירונג. דער נביא האָט אים געזאָגט: „אַשור איז נאָר אַ שטעקן אין גאָטס האַנד, מיט וועלכן גאָט שלאָגט די זינדיקע פעלקער; דו אָבער האָסט מורא פאַרן שטעקן און ניט פאַר דעם, וואָס האַלט אים אין דער האַנט". דערפאַר איז ישעיָה געווען צופרידן, ווען אָחָז איז געשטאָרבן און דעם טראָן האָט פאַרנומען זיין זון ח י ז ק י ָ ה ו , וואָס האָט געוואָלט פירן די מלוכה אין דעם גייסט פון דער תּורה און פון די נביאים. חיזקיָהו האָט פאַרבאָטן אַלערליי געצנדינסט אין לאַנד, געהייסן צעברעכן אַלע בילדער פון האָלץ און מעטאַל, צו וועלכע פיל מענטשן האָבן זיך געבוקט אויף די אַלטאַרן (בָמות), און האָט אויפגעשטעלט דעם ריינעם גאָטס-דינסט אין דעם בֵית-המִקדָש פון ירושָלים. דאָ האָט ער געפייערט פּסח און די גרויסע יָמים טובים צוזאַמען מיט די פאָלקס-מאַסן, וואָס פלעגן זיך צונויפקומען פון אַלע עקן לאַנד אין דער הייליקער שטאָט ירושָלים.

חיזקיָהו האָט געזאָרגט װעגן איין זאַך: װי צו באַפרייען דאָס לאַנד פון דעם אַסירישן יאָך, װאָס האָט אויף זיך גענומען זיין פאָטער אָחָז. אין יענער צייט האָט אין אַשור געהערשט דער קריגערישער מֶלֶך סַנחֵריב, װאָס האָט געװאָלט איינגעמען אַלע לענדער צװישן מעסאָפּאָ־טאַמיע און מִצרַיִם. חיזקיָהו האָט געשלאָסן אַ בּונד מיט דעם עגיפּטי־שען קיניג, כּדי צוזאַמען צו קעמפן קעגן סַנחֵריבן. ער האָט באַפעס־טיקט די שטאָט־מויערן פון ירושָלַים, צוגעגרייט געװער און אַלע מיט־לען, װאָס זיינען נויטיק צו דער פאַרטיידיקונג פון דער הויפּטשטאָט אין פאַל פון אַ באַלאַגערונג. סַנחֵריב האָט זיך דערפון דערװאוסט בּשעת ער איז געגאַנגען אויף אַ מִלחָמה מיט די עגיפּטער, און האָט פון װעג געשיקט שלוחים צו חיזקיָהו מיט דער פאָדערונג, ער זאָל באַלד איבערגעבן די שטאָט ירושָלַים דעם אַסירישן חַיִל. די שטאָט־מויערן זיינען געװען פאַרשלאָסן, און די שלוחים זיינען געשטאַנען אינדרויסן, אונטער דעם פעסטונג־מויער, בּשעת אויבן אויפן מויער זיינען גע־שטאַנען די דערשראָקענע איינװאוינער. איינער פון די שלוחים האָט אויסגעשריגן: „זאָגט חיזקיָהון אין נאָמען פון דעם גרויסן קיניג פון אַשור: אויף װעמען פאַרלאָזט דו זיך, אויפהויבנדיק אַן אויפשטאַנד קעגן מיר? אויף מִצרַיִם, דעם צובראָכענעם שטעקן, װאָס שטעכט דורך די האַנט פון יענעם, װאָס שפּאַרט זיך אָן אויף אים? לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון אייער מֶלֶך חיזקיָהו און גיט זיך אונטער דעם מֶלֶך פון אַשור!" חיזקיָהו האָט זיך דערשראָקן און געבעטן דעם נביא ישַעיה, ער זאָל בעטן גאָט ראַטעװען ירושָלַים. ישעיה האָט אים באַרואיקט און אָנגעזאָגט, אַז גאָט װעט אָנשיקן אויף סַנחֵריבן אַ מַפָּלה. און אַזוי איז טאַקע געװען: מיטאַמאָל איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז סַנחריב האָט זיך אומגעקערט פון װעג צוריק אַהיים. מען האָט דערציילט, אַז אין זיין גרויסער אַרמײ האָט זיך אָנגעהויבן אַ מַגֵיפה (עפּידעמיע), פון װעלכער עס זיינען אויסגעשטאָרבן צענדליקער טויזנט מענטשן, און ער האָט געמוזט אַנטלויפן מיט דעם איבעריקן חַיִל צוריק קיין אַשור.

חיזקיָהוס זון מנַשֶה האָט זיך געפירט ניט װי זיין פרומער פאָטער, נאָר װי זיין זינדיקער זיידע אָחָז. ער האָט װידער צוגעלאָזן אומעטום אין לאַנד דעם קולט פון פרעמדע געטער; אַפילו אין ירושָלַים זיינען געבויט געװאָרן אַלטאַרן פאַרן בַּעל און אַנדערע אָפּגעטער, און

מען האָט אַהער געבראַכט קרבנות אַזוי ווי אין בית־המקדש; איינעם אַן אָפּגאָט מולך פלעגט מען דינען דערמיט, וואָס מען פלעגט פאַר־ברענען אויף זיין אַלטאַר קליינע קינדער. מען האָט זיך אונטערגעגעבן דער הערשאַפט פון אשור און איבערגענומען אַלע שלעכטע מידות פון די אַרומיקע פעלקער. נאָך נאָך דעם טויט פון מנשהן און פון זיין זון האָט פאַרנומען דעם טראָן פון מלכות יהודה אַ רעפאָרמאַטאָר אין דעם גייסט פון די נביאים — י א ש י ה ו.

יאשיהו האָט פאַרענדיקט דאָס, וואָס זיין עלטערזיידע חיזקיהו האָט אָנגעהויבן: ער האָט מיט דער הילף פון די נביאים אויפגעשטעלט די הערשאַפט פון דעם געזעץ, פון דער תורה. די מעשה איז געווען אַזוי: איינמאָל האָט מען געפונען אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל פון בית־המקדש אַ בוך, וואו עס זיינען געווען פאַרשריבן געזעצן און רעדעס פון משה רבנו. ווען מען האָט פאָרגעלעגט דאָס בוך פאַרן מלך, איז ער פאַר־וואונדערט געוואָרן: אין בוך (דאָס איז געווען דער ספר ד ב ר י ם, דער פינפטער טייל פון תורת משה) איז געווען געשריבן, אַז ווען אידן וועלן ניט פאָלגן אַלע געזעצן, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן דורך משהן, וועלן זיי באַשטראָפט ווערן, זייער לאַנד וועט זיין פאַרנומען פון פרעמדע פעלקער און שפעטער וועלן זיי גאָר פאַרטריבן ווערן אין פרעמדע לענדער. די נביאים האָבן געגעבן יאשיהון צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אמת: אָט איז דאָך די מלכות־ישראל גאָר צעשלאָגן געוואָרן און דער זיגער אשור הערשט אויך אין מלכות־יהודה; מסתמא וועט נאָך קומען דערצו, אַז ירושלים וועט אויך חרוב ווערן אַזוי ווי שומרון; מען דאַרף אָננעמען מיטלען, אַז דאָס זאָל ניט פאַסירן, און דעריבער מוז מען אָפּרייניקן דאָס לאַנד פון פרעמדע גלויבנס און מיאוסן געצנ־דינסט. יאשיהו האָט גענומען רייניקן: כדי אויסצוראָטן דעם געצנדינסט, האָט ער אַרויסגעטריבן פון לאַנד די פרעמדע פריסטער; ער האָט צונויפגערופן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין ירושלים און דער־קלערט, אַז פון איצט אָן מוזן אַלע זיך פירן לויט די געזעצן פון תורת משה.

אין דער דאָזיקער רעפאָרם האָט דעם קיניג פיל מיטגעהאָלפן דער נביא י ר מ י ה ו. דאָס איז געווען איינער פון די האַרציקסטע נביאים, וואָס האָט טיף געפילט יעדן וויטאָק פון פאָלק און האָט געזוכט מיט־

לען צו ראַטעווען זיינע ברידער פֿון אומגליק. נאָר אַ קורצע צייט האָט ער געהאַט נַחת פֿון יאשיָהוס רעפֿאָרם און געהאָפֿט, אַז די מַלכות־יהודָה וועט זיך פֿעסט האַלטן אָן די געזעצן, וואָס זיינען נויטיק פֿאַר אַ געזונטן סאָציאַלן לעבן. אינגיכן אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע קייט פֿון צָרות. די גרויסע אַסירישע מלוכה, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ סך צוזאַמענגעדריקטע לענדער און פֿעלקער, האָט זיך אָנגעהויבן צעפֿאַלן. די אַלטע שׂונאים פֿון אַשור, די הערשער פֿון מִצרים, האָבן אויך געוואָלט אָפּנעמען עטלעכע לענדער ביי דער אָפּגעשוואַכטער מלוכה און האָבן זיך גערוקט אַהין מיט זייער אַרמיי דורך דעם לאַנד יהודָה. אָבער יאשיָהו האָט זיי ניט געוואָלט דורכלאָזן, מורא האָבנדיק, אַז די עגיפּטער וועלן פֿאַרכאַפּן אויך זיין אייגן לאַנד. ער האָט זיך גע־שטעלט אַנטקעגן דעם עגיפּטישן חַיִל ביי דער שטאָט מגידו, און דאָרטן האָט ער געהאַט אַ ביטערע מַפּלה: די יידישע אַרמיי איז צע־שלאָגן געוואָרן און יאשיהו אַליין איז געפֿאַלן אין דער מִלחָמה.

דער ניצָחון פֿון די עגיפּטער האָט זיי געמאַכט פֿאַר הערשער אין מַלכות יהודָה. דער עגיפּטישער קיניג האָט געשטעלט פֿאַר אַ מֶלֶך אין ירושָלים דעם עלטערן זון פֿון יאשיָהו, י ה ו י ָ ק י ם. דער נייער מֶלֶך, אָנשטאָט צו זאָרגן וועגן פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון זיין פֿאָלק, האָט גע־זאָרגט נאָר וועגן דעם, ווי אויפֿצומאָנען די צינזן, וואָס די יידן האָבן געמוזט צאָלן זייער עגיפּטישן אויבערהאַר, און אויספֿירן אַלץ וואָס ער הייסט. דאָ איז יִרמיָהו אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מֶלֶך און קעגן דער גאַנצער אַריסטאָקראַטיע פֿון ירושָלים. ער האָט אין בית־המִקדָש גע־האַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז אויב די פֿירער פֿון פֿאָלק וועלן ניט בעסער ווערן, וועט דער גרויסער טעמפּל אין ירושָלים חרוב ווערן אַזוי ווי אַמאָל דער קליינער טעמפּל אין שילה צו דער צייט פֿון שמואֵל הַנביא. מען האָט געכאַפּט יִרמיָהון און איבערגעגעבן צום געריכט; מען האָט אים געוואָלט באַשטראָפֿן מיט טויט פֿאַר זיינע ווערטער וועגן דעם הייליקן אָרט, אָבער זיינע פֿריינד האָבן אים באַפֿרייט.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז די אַסירישע מלוכה אינגאַנצן צעפֿאַלן געוואָרן. אויף איר אָרט האָט זיך געשטעלט אַן אַנדערע מעכטיקע מלוכה פֿון מעסאָפּאָטאַמיע: בָּ בֶ ל , אָדער באַבילאָניע, וואָס איז גע־

וואָרן שטאַרק אונטער דער פירונג פון איר קיניג נבוכדנצאַר. אין אַ בלוטיקער שלאַכט אין סיריע האָט די גרויסע באַבילאָנישע אַרמיי צעשלאָגן די עגיפּטער און פאַרטריבן זיי אויך פון פּאַלעסטינע. יהויָקים האָט אויפגעהויבן אַ בונט קעגן דעם נייעם הערשער נבוכדנצאַר, אָבער דער נביא ירמיָהו האָט אים געוואָרנט, אַז אומזיסט איז דער קאַמף, ווייל ער האָט פאָראויסגעזעען, אַז די באַבילאָניער וועלן באַהערשן אַלע לענדער אַרום דעם מיטללענדישן יַם. אינגיכן איז יהויָקים געשטאָרבן און זיין אַכצעניאָריקער זון יהויָכין איז געוואָרן מֶלֶך פון ירושָלים. דערנסטמאָל איז געקומען נבוכדנצאַר מיט זיין חַיִל און באַלאַגערט די שטאָט. דער יונגער מֶלֶך האָט זיך דערשראָקן און איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיין מוטער און זיינע שָׂרוֹת צום באַבילאָנישן לאַגער, כּדי איבערבעטן דעם צערייצטן הערשער; אָבער נבוכדנצאַר האָט אים ניט געגלויבט און געהייסן פאַרשיקן אים מיט זיין פאַמיליע און די רייכסטע מענטשן פון ירושָלים קיין בָּבֶל. פאַר אַ מֶלֶך אין ירושָלים האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם אינגערן ברודער יהויָקימס, צ י ד ק י ָ ה ו , וואָס האָט געשוואָרן צו זיין שטענדיק געטריי דעם באַבילאָנישן הערשער.

זיבן יאָר האָט צידקיָהו אָפּגעהיט זיין שבועה, אָבער צום סוף האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און אויפגעהערט צאָלן צינז דעם באַבילאָנישן קיניג. ווען נבוכדנצאַר האָט דאָס דערהערט, האָט ער געשיקט אַ גרויסן חַיִל קיין יהודָה. די באַבילאָנער האָבן איינגענומען אַלע באַפעסטיקטע שטעט אויפן וועג צו ירושָלים און דערנאָך באַלאַגערט די הויפּטשטאָט. די שטאָט איז געווען פול מיט מענטשן, וואָס זיינען זיך צונויפגעלאָפן פון די קלענערע שטעט אין דער האָפענונג, אַז די שטאַרקע פעסטונגען פון ירושָלים וועלן אויסהאַלטן די באַלאַגערונג. די דיקע מויערן האָבן טאַקע אויסגעהאַלטן מער ווי אַ יאָר, אָבער די מענטשן, וואָס זיינען געווען הינטער זיי פאַרשפּאַרט, האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן. אין ירושָלים איז אויסגעגאַנגען די צוגעגרייטע שפּייז פאַר דער באַפעלקערונג, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער הונגער: מענטשן זיינען געפאַלן אין די גאַסן, אומעטום האָט זיך געהערט דער געשריי פון קינדער צו די מוטערס: „ברויט, ברויט!“

„מער זיינען געווען די געפאַלענע פון הונגער, ווי די געפאַלענע פון שווערד". די פאַרמאַטערטע קריגסלייט אויף די פעסטונג־מויערן האָבן שוין קיין כּוח ניט געהאַט פאַרטיידיקן די שטאָט. די באַבילאָנער האָבן דורכגעבראָכן די מויערן, זיך אַריינגעריסן אין שטאָט און האָבן גע־הרגעט, גערויבט, געברענט הייזער; ס'איז פאַרברענט געוואָרן אויך דער פראַכטפולער בית־המקדש. דעם מלך צדקיָהו, וואָס איז אַנטלאָפן פון ירושלים, האָט מען געכאַפּט אין וועג, געבראַכט צו נבוכדנצאַרן און אויף זיין באַפעל האָט מען אים אויסגעשטאָכן די אויגן. טויזנטער געפאַנגענע יידן האָט מען פאַרשיקט אין בבל, אַזוי אַז ירושלים איז געוואָרן אַ פוסטע שטאָט. דאָס איז געווען „דער ערשטער חורבן" פון דער הייליקער שטאָט (מיט 2500 יאָר פאַר אונזער צייט; אין יאָר 586 פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכנונג).



16. ירמיהו קלאָגט אויף די חורבות פון ירושלים

צווישן די חורבות פון ירושלים איז אומגעגאַנגען און געוויינט דער נביא ירמיָהו. „ווי איינזאַם איז געבליבן די גרויס באַפעלקערטע

שטאָט! זי איז געוואָרן אַן אַלמנה און קיינער קומט זי ניט טרייסטן!"
ירמיָהו האָט פאָראויסגעזעען דעם גרויסן אומגליק און געוואָרנט דאָס פאָלק פון אַן אויפשטאַנד קעגן דעם באַבילאָנישן קיניג. דערפאַר האָט אים נבוכדנצאַר געלאָזן פריי. ירמיָהוס פריינד, דער נשיא (פירסט) גדליָה, איז אויף נבוכדנצאַרס באַפעל געוואָרן פאַרוואַלטער פון לאַנד יהודָה און האָט זיך באַזעצט אין מיצפָּה, ניט ווייט פון ירושלים. אָבער ניט לאַנג האָט זיך געהאַלטן דער דאָזיקער קליינער רעשט פון דער אידישער מלוכה. קעגן גדליָהן, אַלס שטעלפאַרטרעטער פון דער פיינדלעכער מאַכט, האָבן זיך צעבונטעוועט עטלעכע איבערגעבליבענע אידישע אָפיצערן מיט זייערע זעלנער און האָבן אים געהרגעט.

דאַן האָט ירמיָהו מיט אַ גרויסער גרופּע מענטשן פאַרלאָזן דאָס לאַנד און איז אַוועק קיין מצרים. אַזוי האָט זיך געבילדעט אַ צווייטער אידישער ישוב אין „גָלות", חוץ דעם גרעסערן ישוב, וואָס איז געווען אין גָלות־בָּבל. אין דעם חרובן לאַנד יהודָה האָט נבוכדנצאַר אַנגעמאַכט אַ נייעם חורבן, פאַרשיקט נאָך טויזנטער מענטשן אין פרעמדע לענ־דער. דאָס פאָלק איז געווען צעזייט און צעשפּרייט. אָבער אַ גרויסן טייל פון די פאַרוואָגלטע איז נאָך באַשערט געווען שפּעטער, אין בע־סערע צייטן, אומקערן זיך אין זייער אייגן לאַנד.

---

## 10. ווי האָבן אידן געלעבט אין דער אַלטער צייט

אין דער צייט, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט אין זיין אייגענעם לאַנד כּנַען־פּאַלעסטינע אָדער אֶרץ־ישׂרָאֵל, איז ע ר ד־אַ ר ב ע ט געווען ביי אים די הויפּט־באַשעפטיקונג. „זיצן אין זיין וויינ־גאָרטן, אונטער זיין פייגנבוים" — דאָס האָט מען געהאַלטן פאַרן שענסטן און רואיקסטן אַרט לעבן. פון דעם ערדאַרבעטער־קלאַס זיינען אַרויס אַזעלכע גרויסע מענטשן, ווי שָאול הַמֶלֶך, דָוִיד הַמֶלֶך, די נביאים אֱלישע און עמוס. צו לאַנדווירטשאַפט זיינען געווען צוגעפּאַסט די גרויסע יערלעכע ימים טובים: פּ ס ח — דער יום־טוב פון פרילינג („חַג הָאָבִיב"), ווען עס הויבט אָן וואַקסן תבואָה אויפן פעלד; דער זומער־יום־טוב ש ב ו ע ו ת, ווען מען הויבט אָן שניידן די תבואָה („חַג הַקָציר"), און ס ו כּ ו ת אין האַרבסט, ווען מען זאַמלט איין אַלץ,

וואָס איז אויסגעוואַקסן אויפֿן פֿעלד און אין ווייַנגאָרטן („חַג הָאָסיף“). אין שפּעטערע צייַטן זייַנען די דאָזיקע דאָרפֿישע ימים־טובֿים פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין היסטאָרישע און רעליגיעזע. פּסח איז געוואָרן דער יום־טובֿ פֿון „יציאת מִצרים“, צום אָנדענק, וואָס דאָס פֿאָלק האָט זיך באַפֿרייַט פֿון עגיפּטישער קנעכטשאַפֿט; שבֿועות — צום אָנדענק פֿון „מַתּן תּוֹרָה“, ווען משה האָט איבערגעגעבן דעם פֿאָלק גאָטס געבאָטן ביים באַרג סיני; סוכּות — צום אָנדענק פֿון די וואַנדערונגען אין מִדבָּר, ווען אידן האָבן געוואוינט אין געלטן אָדער ביידלעך (סוכּות).

אַלע וואָך האָט יעדע אידישע פֿאַמיליע געהאַט איין אָפּרו־טאָג: שַׁבָּת (דאָס וואָרט אין העברעאיש הייסט אָפּרו). „זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און אויפֿן זיבעטן זאָלסטו אָפּרוען“ — דאָס איז געוואָרן אַ הייליקער געבאָט. דער שבת־אָפּרו האָט געהאַט אַ גרויסן עקאָנאָמישן און גייסטיקן איינפֿלוס אויפֿן לעבן: אַ זיבעטן טייל פֿון זייַן לעבן האָט דער מענטש אָפּגעגעבן העכערע גייסטיקע אינטערעסן און דערפֿרישט זייַנע כּוחות פֿאַר ווייַטערדיקער אַרבעט.

אין די גרעסערע שטעט האָבן זיך אידן באַשעפֿטיקט אויך מיט האַנדל. האַנדלען האָבן זיי זיך אויסגעלערנט ביי זייערע שכנים, די פֿיניקיער. אַמאָל פֿלעגט מען זאָגן: „דער פֿיניקיער (כּנַעני) האַלט אין די הענט פֿאַלשע וואָג און האָט ליב באַרייסן דעם קויפֿער“; אָבער שפּעטער האָט מען זיך שוין ניט געשעמט מיט מִסחר. מען האָט אפילו געהאַנדלט מיט געלט: רייכע מענטשן פֿלעגן אָפּגעבן געלט אויף צינזן (פּראָצענט) און אָפֿט, ווי מיר האָבן שוין געזען, אָפּנעמען דאָס לעצטע ביים אָרימאַן. די אידישע תּוֹרָה האָט דאָס פֿאַרבאָטן. „אויב דו וועסט לייען געלט אַן אָרימען מענטשן, לייג אויף אים ניט אַרויף קיין שווערע צינזן. אויב דו וועסט ביי אים נעמען פֿאַר אַ משכּון זייַן מאַנטל, גיב דאָס אים אָפּ צוריק איידער עס פֿאַרגייט די זון, וואָרעם דאָס איז זייַן צודעק, ווי וועט ער שלאָפֿן?“

דאָס פֿ אַ מ י ל י ע ־ ל ע ב ן ביי אַמאָליקע אידן איז געווען צוגעפּאַסט צום אָריענטאַלישן (מזרח) שטייגער, אָבער דאָס געזעץ האָט אויסגעבעסערט פֿיל פֿעלערן אין דעם דאָזיקן שטייגער. אַ מאַן האָט געמעגט האָבן צוויי ווייבער, און ביי רייכע נאָך מער, אָבער גע־

זוויינטלעך האָט בײַ אידן געהערשט די פאָרם פון מאָנאָגאַמיע — אֵיינ־
ווייבעריי. צוויי ווייבער אין איין הויז פלעגן זיך שטענדיק קריגן צווישן
זיך, און דער מאַן האָט געהאַט צָרות; דעם ניט רייכן איז דערצו געווען
שווער אויסצוהאַלטן אַ הויז מיט פיל קינדער פון ביידע ווייבער;
דעריבער האָבן קליגערע מענטשן געהאַלטן פון מאָנאָגאַמיע. דאָס
געזעץ האָט געשטעלט די מוטער גלייך מיט דעם פאָטער אין דער פאַ־
מיליע: „דו זאָלסט אַכטן דיין פאָטער און דיין מוטער" — ביידע גלייך.

אין פאַרמעגלעכע הייזער זיינען געווען קנעכט און דינסטן,
אָבער די שקלאַפעריי (קנעכטשאַפט) האָט בײַ אידן ניט אָנגענומען
אַזעלכע מיאוסע פאָרמען, ווי בײַ אַנדערע פעלקער, וואו מען פלעגט
זיך מיט אַ קנעכט באַגיין אַזוי ווי מיט אַ בהמה. אייביקע קנעכטשאַפט
איז געווען פאַרבאָטן. אַ אידישער קנעכט האָט געדאַרפט דינען זיין
האַר ניט מער ווי זעקס יאָר, אויפן זיבעטן יאָר האָט אים דער האַר
געמוזט אַרויסלאָזן פריי; אויב אָבער דער קנעכט האָט ניט געוואָלט
אַוועקגיין, ווייל ער איז צוגעבונדן צו דער פאַמיליע, האָט מען זיין
אויער אויף אַ ווײַלע צוגעפעסטיקט צו דער טיר פון הויז — אַ סימן,
אַז ער וויל אַליין בלייבן אין דעם הויז. פרעמדע קנעכט (פון אַנדערע
פעלקער) פלעגט מען האַלטן שטענדיק, אָדער מען פלעגט זיי פאַר־
קויפן פון איין האַר צו דעם אַנדערן.

אַלע פרייע איינוואוינער פון לאַנד האָבן געהאַט בירגער־
רעכט, אפילו אויסלענדער אָדער „גֵרים". די תּורה זאָגט: „דעם
גֵר זאָלט איר ניט דריקן. איר דאַרפט פאַרשטיין דאָס האַרץ פון אַ גֵר,
ווייל איר זייט אַליין אַמאָל געווען גֵרים אין מצרים". זאָרגן וועגן
אָרימעלייט איז געווען אַ חוֹב פאַר יעדער געמיינדע. די אָרימע האָבן
געהאַט רעכט צו קלייבן די רעשטן פון תבואה־שניט אויף די פעלדער
פון די פאַרמעגלעכע (לֶקט, שִׁכְחָה, פֵּאָה). לויטן געזעץ פון דער תּוֹרָה
האָט מען געמוזט איין מאָל אין זיבן יאָר מאַכן אַ „שַׁבַּת־יאָר" אָדער
שמיטה, ווען אַלע ערדבאַזיצער דאַרפן לאָזן זייערע פעלדער און
גערטענער פריי פאַר אָרימעלייט, און רייכע לייט דאַרפן ניט מאָנען
חוֹבוֹת בײַ ניט פאַרמעגלעכע.

דער מֶלֶךְ בײַ אידן האָט ניט געהאַט אומבאַגרעניצטע מאַכט, ווי
בײַ אַנדערע פעלקער. דעספּאָטן און טיראַנען זיינען צווישן אידישע

מלָכים געווען אַ זעלטנהייט. דער מֶלֶך האָט זיך אין מלוכה־זאַכן געמוזט באַראַטן מיט די „זקנים", מיט די עלטסטע, סענאַטאָרן. ווען אַ מֶלך האָט געטאָן עפּעס ניט געזעצלעך אָדער האָט געפירט אַ פאַלשע פּאָליטיק, פלעגט אים דער נביא שאַרף אויסריידן. אַזוי האָט זיך אַמאָל שמואל הַנביא באַגאַנגען מיט שאולן, נתן הנביא מיט דָוידן, אֵליהו מיט אחאבען, ישעיה מיט אָחָזן און ירמיהו מיט יהויקימען און צדקיהון. דער נביא האָט גערעדט אין נאָמען פון גאָט, און מען האָט זיך צו זיינע רייד צוגעהערט, ווען אַפילו מען איז מיט אים ניט געווען צופרידן.

די אידישע רעליגיע האָט זיך אין יענער אַלטער תקופה לאַנג־זאַם אַנטוויקלט. זי איז געווען פאַרשיידן אין פאַרשיידענע שיכטן פון פאָלק. עס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דער גאָט פון אידישן פאָלק („אלוהי ישראל") איז מער ניט ווי איינער פון די פילע געטער, וואָס פאַרשיידענע פעלקער האָבן אין זיי געגלויבט; עס זיינען אָבער געווען אַנדערע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז דאָ אֵיין איינציקער גאָט פאַר דער גאַנצער וועלט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד און האָט זיך צוערשט אַנטפּלעקט דעם אידישן פאָלק, כדי שפּעטער צוציען צום אֱמתן גלויבן אויך אַנדערע פעלקער. דעם געדאַנק פון אַ וועלט־גאָט האָבן די נביאים דערקלערט דעם פאָלק אין זייערע פייערדיקע רעדעס. זיי האָבן פאַרבונדן דעם גאָט־גלויבן מיט אַ הויכער מאָראַלישער לערע: גאָט וויל, אַז מענטשן זאָלן זיין ריין און ערלעך, זיי זאָלן ליב האָבן איינער דעם אַנדערן, ס'זאָל ניט זיין קיין אונטערשייד צווישן רייך און אָרים, מענטשן זאָלן לעבן ווי ברידער, ווי קינדער פון איין גאָט; אָט אַזעלכע מענטשן זיינען גאָט ליב און טייער, און ניט יענע, וואָס ברענגען אים קָרבָנות אין די טעמפּלען. דאָ איז געווען אַ קעגנזאַץ צווישן נביאים און כוהנים (פּריסטער): די כוהנים האָבן געהאַלטן, אַז גאָט מוז מען דינען דורך תפילות און קרבנות אין בית־הַמִקדָש, די נביאים אָבער (ווי דער אויבנדערמאָנטער ישַעיָה און אַנדערע) פלעגן שטענדיק דערמאָנען, אַז מען דאַרף דינען גאָט מיט גוטע מעשים, מיט אַ גוט האַרץ און ליבע צו מענטשן, מיט גע־רעכטיקייט אין סאָציאַלן לעבן.

אין די אַלטע הייליקע ביכער פֿון אידישן פֿאָלק — אין די פֿינף ביכער פֿון דער „תּורה“ (חומש) און אין די ביכער פֿון „נביאים“ — זיינען געוועזן פֿאַרשריבן ביידע לערעס, די כּוהנישע און די נביאישע, אויך אַלע געזעצן און פֿאָלקס־פֿאָרשטעלונגען וועגן גאָט און וועלט, לעבן און טויט, וועגן דער געשיכטע פֿונם אידישן פֿאָלק און זיין לאַגע צווישן אַנדערע פֿעלקער.

---

## 11. ווי האָט זיך דאָס פֿאָלק פֿאָרגעשטעלט גאָט, וועלט און געשיכטע

וועגן דעם, ווי די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן און ווי עס האָבן געלעבט די ערשטע דורות פֿון דער מענטשהייט, דערציילט אונז דער ערשטער ספֿר פֿון דער תּורה — ספֿר „בראשית“ („אין אָנהויב“). מען דאַרף ניט מיינען, אַז דאָס זיינען נאָר שיינע קינדער־מעשׂהס: דאָ זיינען באַהאַלטן גלויבנס און פֿאָרשטעלונגען פֿון אוראַלטע דורות ניט נאָר ביי אידן, נאָר אויך ביי אַנדערע פֿעלקער; אין דער אידישער תּורה אָבער זיינען אַלע דערציילונגען פֿאַרבונדן מיט טיפֿע געדאַנקען, וואָס דערקלערן דעם גאַנג פֿון דער וועלט און פֿון דער מענטשהייט.

די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן אין זעקס טעג. פֿריער איז די ערד געווען פּוסט און וויסט און באַדעקט מיט פֿינסטערניש. גאָט האָט אַ זאָג געטאָן: זאָל ווערן ליכט! — און עס איז ליכטיק געוואָרן. אויפֿן צווייטן טאָג האָט גאָט באַשאַפֿן דעם הימל. אויפֿן דריטן טאָג האָט זיך דאָס וואַסער אָפּגעטיילט פֿון דער טרוקענער ערד (יַבָּשָׁה), עס האָבן זיך געבילדעט יַמים און טייכן אויף איין זייט, גראָז, תּבואות און ביימער אויף דער אַנדערער. דעם פֿערטן טאָג האָבן זיך באַוויזן אויפֿן הימל די זון, די לְבָנה און די שטערן. אויפֿן פֿינפֿטן טאָג האָבן אין דער לופֿט אָנגעהויבן פֿליען אַלערליי פֿויגלען און אין וואַסער שווימען פֿישן. אויפֿן זעקסטן טאָג האָבן זיך אויף דער ערד באַוויזן אַלערליי לעבעדיקע באַשעפֿענישן, און צום סוף דער ערשטער מענטש. גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטשן אַזוי: ער האָט גענומען אַ הייפֿל ערד און אַריינגעבלאָזן אין אים אַ לעבעדיקע נשמה; דערנאָך האָט גאָט ביי אים אין שלאָף אַרויסגענומען אַ ריפּ פֿון דער זייט און פֿון דעם שטיק פֿלייש

באַשאַפֿן די פֿרוי. דעם ערשטן מענטשן האָט ער אַ נאָמען געגעבן אָדָם, ווייל ער איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿון דער „אֲדָמה“ (ערד), און די ערשטע פֿרוי האָט געהייסן חַוָה, ווייל זי איז די מוטער פֿון אַלע לעבעדיקע מענטשן (חַי). אַזוי איז אין זעקס טעג באַשאַפֿן געוואָרן די גאַנצע וועלט אין אַזאַ סֵדר: צוערשט די ניט־לעבעדיקע נאַטור (ערד, וואַסער), ווייטער די וואַקסנדיקע נאַטור (בוימער, גראָזן), די לעבעדיקע און באַוועגלעכע נאַטור (חַיות, עופֿות, פֿיש) און צולעצט דער מענטש, וואָס דאַרף הערשן איבער דער גאַנצער נאַטור. די תּורה גיט צו, אַז נאָכדעם ווי גאָט האָט באַשאַפֿן די וועלט אין זעקס טעג, האָט ער אויפֿן זיבעטן טאָג אָפּגערוט, און דערפֿאַר דאַרף דער מענטש אויך אָפּרוען איין טאָג אין דער וואָך — שַׁבָּת.

די ערשטע פּאָר מענטשן, אָדם און חַוה, האָבן געלעבט גליקלעך אין גַן־עֵדן, אַ שיינעם גאָרטן, וווּ עס זיינען געוואַקסן אַלערליי פּירות צום עסן. צווישן די בוימער זיינען געווען צוויי, דער בוים פֿון לעבן („עֵץ הַחַיים“) און דער בוים פֿון וויסן („עֵץ הַדַעת“). גאָט האָט אָנגעזאָגט אָדָמען, אַז ער מעג עסן פֿרוכטן פֿון אַלע בוימער, נאָר ניט פֿון בוים פֿון וויסן. אָבער חַוָה האָט דערזען אַ שיינע פֿרוכט אויפֿן בוים פֿון וויסן, האָט אָפּגעריסן און אויפֿגעגעסן; דאָס איז געווען זייער געשמאַק, און זי האָט איינגערעדט אָדָמען, ער זאָל אויך פּאַרזוכן; אָדָם האָט איר געפֿאָלגט. דאָ האָבן זיך ביי ביידן די אויגן געעפֿנט: זיי האָבן אָנגעהויבן וויסן און פֿאַרשטיין דאָס, וואָס זיי האָבן פֿריער ניט פֿאַר־שטאַנען. אַזוי האָבן זיי צום ערשטן מאָל באַמערקט, אַז זיי גייען אַרום נאַקעט, און האָבן זיך אָנגעהויבן שעמען; זיי האָבן זיך אויף גיך גע־מאַכט גאַרטלען פֿון פֿייגנבלעטער און צוגעדעקט דאָס לייב. מיטאַמאָל האָט אָדָם דערהערט גאָטס קול אין גאָרטן: „פֿאַרוואָס האָסטו געגעסן פֿונם פֿאַרבאָטענעם בוים?“ אָדָם האָט געענטפֿערט: „די ווייב האָט מיך איינגערעדט“; חַוָה האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז די קלוגע שלאַנג, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אין גאָרטן, האָט זי איינגערעדט. און גאָט האָט געזאָגט: „פֿאַר דיין זינד, חַוָה, וועסטו באַשטראָפֿט ווערן דערמיט, וואָס דו וועסט מיט שמערצן געווינען קינדער; און דו, אָדָם, וועסט מיט שווערער מי באַאַרבעטן די ערד, מיט שוויים פֿון דיין פּנים וועסטו אַרויסנעמען פֿון איר דיין ברויט, ביז דו וועסט זיך אומקערן צו דער

ערד נאָך דיין טויט". נאָכדעם זיינען די ערשטע פּאָר מענטשן פאַר־טריבן געוואָרן פון גן־עדן און האָבן געמוזט מיט שווערער אַרבעט און ליידן אויסהאַלטן זייער לעבן.

די ערשטע קינדער פון אָדם און חוה זיינען געווען צוויי זין: קַיִן און הֶבֶל. קַיִן איז געווען אַן ערדאַרבעטער, הֶבל אַ פּאַסטוך. איינמאָל האָבן זיך די ברידער צוקריגט אין פעלד; דער שטאַרקערער קַיִן האָט זיך געוואָרפן אויף הֶבלן און אים דערהרגעט. דאָ האָט דער מערדער דערהערט גאָטס קול: „וואו איז דיין ברודער הֶבל?" קַיִן האָט גע־ענטפערט: „איך ווייס ניט, איך בין דאָך ניט מיין ברודערס שומֵר (היטער)". גאָט האָט קַיִנען פאַרשאָלטן פאַר זיין שרעקלעכן פאַרברעך און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער וועט זיין גאַנצן לעבן זיין פאַרוואָגלט (נָע ונָד) און ניט האָבן קיין רו אויף דער ערד. אין דער דאָזיקער דערציילונג שפּיגלט זיך אָפּ פון איין זייט דער אַלטער קאַמף צווישן דעם איינגעזעסענעם ערדאַרבעטער און דעם וואַנדערנדיקן פּאַסטוך, פון דער אַנדערער זייט — די אייביקע מלחָמה צווישן מענטש און מענטש, פאָלק און פאָלק.

אָדָם און חַוָה האָבן געהאַט נאָך קינדער, זין און טעכטער. עס זיינען אויסגעוואַקסן גאַנצע מִשפָּחות מענטשן, שפּעטער גאַנצע דורות, אָבער געלעבט האָבן זיי צווישן זיך ווי חַיות: דער שטאַרקער האָט געשלאָגן און געדריקט דעם שוואַכערן; עס איז ניט געווען אֶמֶת און יושֶר אויף דער ערד. זעענדיק אַזוינס האָט גאָט באַשלאָסן ברענגען אַ מַבּול, אַ פאַרפלייצונג, אויף דער ערד, כּדי דער שלעכטער דור זאָל אויסשטאַרבן און מאַכן פּלאַץ פאַר אַ בעסערן מין מענטשן. גאָט האָט געוואָלט לאָזן לעבן נאָר דעם איינציקן ערלעכן מענטשן, מיטן נאָמען נֹחַ (נואַח), און האָט אים געזאָגט: „מאַך זיך אַ גרויסן הילצערנעם קאַסטן („תֵּיבָה") און גיי אַהין אַריין מיט דיין הויזגעזינד און מיט איין פּאָר פון יעדער מין לעבעדיקע באַשעפענישן, חַיות און עופות". נוח האָט אַזוי געטאָן, און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מַבּול און די גאַנצע ערד איז פאַרפלייצט געוואָרן, האָט זיך די תיבה אויפגעהויבן און געשוואומען איבער די הויכע וואַסערן. ווי נאָר די וואַסערן זיינען אָפּגעפאַלן, איז נוח אַרויס פון דער תיבה מיט זיין הויזגעזינד און מיט אַלע חַיות, וואָס פון זיי האָט געזאָלט געבאָרן ווערן אַ נייע לעבעדיקע

װעלט. גאָט האָט צוגעזאָגט נאָך מער ניט ברענגען קײן מבול אויף דער ערד און האָט באַװיזן אויף דעם רעגנבויגן אין די װאָלקנס, אַלס אַ סימן פון פרידן צװישן גאָט און מענטשן. — אַזאַ דערצײלונג װעגן אַ װעלט־מבול איז געװען פאַרשפּרײט צװישן אַלע פעלקער פון אַזיע, אָבער אין דער תורה האָט מען דערצו געגעבן אַ דערקלערונג: כּדי אַ שלעכטן דור פאַרבײטן מיט אַ גוטן.

נח האָט געהאַט דרײ זין: שם, חם און יפת. פון זײ, זײערע קינדער און קינדס־קינדער האָט זיך צעװאַקסן אַ נײע װעלט מיט מענטשן, משפּחות, שבטים און פעלקער. פון אָנהײב האָבן אַלע גערעדט אויף אײן שפּראַך און האָבן גוט פאַרשטאַנען אײנער דעם אַנדערן. אײנמאָל האָבן זיך מענטשן פאַרזאַמלט אין בבל און האָבן דאָרט אָנגעהױבן בויען אַ הויכן טורעם, װאָס זײן שפּיץ זאָל דערגרײכן צום הימל; דאָס האָט געזאָלט זײן אַ צײכן פאַר אַלע מענטשן, זײ זאָלן זען פון װײטן דעם טורעם און ניט צעשפּרײטן זיך אויף דער ערד. אָבער בשעת דער אַרבעט, װאָס האָט לאַנג געדױערט, האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך: די בויער האָבן אָנגעהױבן רײדן אויף פאַרשײדענע שפּראַכן און אײנער האָט ניט פאַרשטאַנען װאָס דער אַנדערער רעדט. דערמאָלט האָט זיך דער בוי אָפּגעשטעלט און מענטשן האָבן זיך פון בבל צעשאָטן אויף דער גאַנצער װעלט. זײ האָבן זיך צעטײלט אויף פעלקער אין פאַרשײדענע לענדער. יעדער פאָלק האָט גערעדט אין זײן שפּראַך. פון נחס דרײ זין זײנען אַרויסגעקומען דרײ גרופּעס פעלקער: ס ע מ י ט ן פון שם, ח מ י ט ן פון חם, י פ ת י ט ן פון יפת. צו די סעמיטן האָבן געהערט די אַזיאַטישע פעלקער: אַסירער, באַבילאָניער, אַראַמײער, אידן און אַראַבער; צו די חמיטן — די עגיפּטער, די כּושים (אַבעסיניער) און די שװאַרצע פעלקער אין אַפריקע; צו די יפתיטן — די װײסע אײ־ראָפּעאישע פעלקער. דאָס אידישע פאָלק האָט געשטאַמט פון דעם סעמיטישן שבט ע ב ר י ם (העברײער), און זײן ערשטער שטאַמפאָטער איז געװען „אברהם העברי“, װעגן װעלכן מיר האָבן דערצײלט אין אָנהײב פון אונזער געשיכטע.

## 12. גלות-בָבל

נאָך דעם חורבן פון ירושָלים איז דער גרעסטער טייל איינוואוינער פאַרטריבן געוואָרן קיין בָבל. דאָ האָבן זיי זיך אָבער ניט צעשאָטן איבערן גאַנצן לאַנד און ניט צונויפגעמישט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג; זיי האָבן זיך באַזעצט אין עטלעכע שטעט און געבילדעט געשלאָסענע קהילות (געמיינדעס). די „גולים" (פאַרטריבענע, עמי־גראַנטן) האָבן געהאַט זייערע תפילה־הייזער, וואו זיי פלעגן זיך פאַר־זאַמלען, לייענען זייערע הייליקע ביכער, זינגען פסאַלמען (תהילים), הערן רעדעס פון זייערע לערער און נביאים. ביים געבעט פלעגן זיי זיך שטעלן מיטן פנים צו דער זייט פון ירושלים, אַזוי ווי זיי וואָלטן גע־קוקט אויפן בית־המקדש. מען האָט דאָרטן געזונגען פאָלקס־לידער, פול מיט בענקשאַפט נאָך דעם פאָטערלאַנד, צום ביישפיל דאָס ליד „על נהרות בבל":

בײ די טײכן פון בָבל זײנען מיר געזעסן און געװײנט, דער־
מאָנענדיק ציון.
אויף די װערבעס דאָרטן האָבן מיר אויפגעהאנגען אונזערע
פידלען.
דאָרטן האָבן אונזערע פאַנגער געפאָדערט בײ אונז לידער...
אָבער װי זאָלן מיר זינגען גאָטס ליד אין אַ פרעמד לאַנד?
אויב איך װעל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל פאַרדאַרט
װערן מײן האַנט!...

אין בָבל האָבן זיך די נייע „גולי־יהודה" געטראָפן מיט גרופּעס אוראייניקלעך פון די „גולֵי־ישׂרָאל", וואָס זיינען אַמאָל פאַרטריבן געוואָרן פון שומרון קיין אַשור און בָבל. אין דער פרעמד האָבן זיך צונויפגעגאָסן רעשטן פון צוויי אידישע מלוכות. אַזוי האָט זיך אין בָבֶל געשאַפן אַ גאַנץ גרויסער אידישער ישוב. מען האָט געלעבט רואיק, זיך באַשעפטיקט מיט ערדאַרבעט, מלאכה און האַנדל. עטלעכע אידישע קינדער פון אַריסטאָקראַטישע הייזער אין ירושלים, דָניאֵל מיט זיינע דריי חברים, האָבן געוואוינט ביים הויף פון דעם גרויסן באַבי־לאָנישן קיניג נבוכַדנֶצאַר. מען דערציילט, אַז נבוכדנצאַר האָט זיי אַמאָל געהייסן, זיי זאָלן זיך בוקן צום באַבילאָנישן אָפּגאָט, און ווען

זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט, האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ ברענענדיקן קאַלך־אויוון; אָבער דאָ האָט זיך געטראָפן אַ נֵס: די יונגעלייט זיינען אַרויס פון פייער אומבאַשעדיקט, אַפילו די האָר ניט אָפּגעברענט. דאָ האָט נבוכדנֶצאַר פאַרשטאַנען, ווי גרויס איז דער אידישער גאָט, און האָט אויפגעהערט צווינגען אידישע קינדער צום גוייִשן גאָטס־דינסט.

אין דער ערשטער צייט פון גָלות־בָבל האָט דאָרטן געלעבט דער אידישער נביא י חֶ ז ק אֵ ל. מען האָט אים אַהין אַוועקגעפירט נאָך מיט דעם יונגן קיניג יהוֹיָכין אין דער ערשטער גרופּע געפאַנגענע פון ירושָלַים. יחֶזקאל איז געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון די פאַר־טריבענע; ער פלעגט זיי טרייסטן אין זייער טרויער, לערנען זיי ווי צו לעבן אין אַ פרעמד לאַנד בלייבנדיק געטריי דעם אייגענעם פאָלק. איינמאָל האָט ער זיי דערציילט אַזאַ נביאישן חָלום: „עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקער ווינט און מיך פאַרטראָגן אין אַ טאָל, פול מיט ביינער פון פאַרשטאָרבענע מענטשן; מיטאַמאָל האָבן זיך די צע־שאָטענע ביינער אָנגעהויבן צוזוקן איינע צו די אַנדערע, אויף זיי האָט זיך אַרויפגעצויגן פלייש און הויט, און עס איז אַריין איז זיי אַ לע־בעדיקער גייסט — און עס האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס אַ מאַסע לעבעדיקע מענטשן. איך האָב געפרעגט, ווער זיינען זיי, און האָב דערהערט אַ קול פון גאָט: דאָס זיינען אידישע קינדער; זיי קלאָגן זיך, אַז זיי זיינען אויסגעטריקנטע ביינער, אַ געשטאָרבן פאָלק, אָבער איך וועל די צעוואָרפענע ביינער צונויפזאַמלען און באַלעבן זיי מיט מיין גייסט, און וועל זיי אַרויספירן צוריק אין זייער לאַנד, און זיי וועלן ווידער זיין מיין פאָלק“.

עס זיינען אַריבער כּמעט פופציק יאָר. נבוכַדנֶצאַר איז שוין גע־שטאָרבן, זיינע נאָכפאָלגער זיינען געווען צו שוואַך כּדי אויפצוהאַלטן אַזאַ גרויסע מלוכה, ווי די באַבילאָנישע אימפּעריע. דער געוואַלטיקער בונד פון פאַרשידענע לענדער האָט זיך אָנגעהויבן צעפאַלן. אין מיטל־אַזיע האָט זיך באַוויזן אַ ניי שטאַרק פאָלק — די פּ ע ר ס ע ר; זייער העלדישער פירער כּ ו ר ש (קירוס) האָט אָפּגענומען אַ סך לענדער ביי די באַבילאָנישע הערשער און זיך ענדלעך אַ לאָז געטאָן צו דער הויפּט־שטאָט בָבל. די שטאָט איז געווען שטאַרק באַפעסטיקט מיט דיקע ווענט אַרום און אַרום, און דער באַבילאָנישער קיניג בֵלשאצַר איז

געוועזן זיכער, אַז דער פֿיינד וועט אין שטאָט ניט אַריינדרינגען. אין קיניגלעכן פּאַלאַץ איז מען זיך געזעסן רואיק, געמאַכט פֿריילאכע מאָלצייטן און געוואָלט פֿאַרגעסן וועגן דער בלוטיקער מלחמה. איינמאָל האָט בלשאצַר איינגעלאַדן פֿיל געסט אויף אַ גרויסער סעודה; ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען געטרונקען ווײַן פֿון די גילדערנע בעכערס, וואָס נבוכדנֶצאַר האָט אַמאָל אָנגערויבט אין בית־המִקדָש פֿון ירושלים. דאָ, ווי עס דערציילט די לעגענדע, האָט זיך באַוויזן אַ האַנט און האָט אָנגעשריבן אויף דער וואַנט פֿון סעודה־זאַל עטלעכע ווערטער, וואָס קיינער האָט זיי ניט געקענט איבערלייענען. מען האָט גערופֿן דעם אידישן חָכָם דָניאֵל, און ער האָט באַלד איבערגעלייענט די אַראַמעאישע ווערטער: „געציילט, אָפּגעוואויגן און צעטיילט”; דאָס האָט ער דער־קלערט דעם קיניג אַזוי: געציילט זיינען די טעג פֿון דיין הערשאַפֿט, אָפּגעוואויגן דיינע שלעכטע מעשׂים און צעטיילט איז דיין מלוכה צווישן פֿיינדלעכע פֿעלקער. די נבואה איז טאַקע באַלד מקוים געוואָרן. אין דער זעלביקער נאַכט האָבן זיך די פּערסער אַריינגעריסן אין שטאָט און האָבן געהַרגעט דעם קיניג בלשאצר.

אין גאַנצן לאַנד איז אויסגערופֿן געוואָרן, אַז כּורש איז איצט קיניג פֿון בָבל. די אידישע באַפֿעלקערונג האָט מיט פֿרייד באַגעגנט דעם נייעם פּערסישן הערשער. אַ גרויסער נביא, וואָס האָט דאַן געלעבט אין בָבל (מען רופֿט אים ישעיה דער צווייטער), האָט אויסגערופֿן אין נאָמען פֿון גאָט: „טרייסט, טרייסט מיין פֿאָלק. זאָג אָן דער שטאָט ירושלים, אַז די שווערע צייט איז שוין פֿאַרביי... איך האָב געגעבן כּורשן די גרויסע מאַכט צוליב מיין ליבן פֿאָלק ישׂראל... ער וועט אויפֿבויען מיין שטאָט און באַפֿרייען מיינע געפֿאַנגענע”. כּורשן איז זייער געפֿעלן געוואָרן, וואָס די אידן לייגן אויף אים אַזוינע האָפֿענונגען, און ער האָט צוגעזאָגט אָפּלאָזן די געפֿאַנגענע פֿון מַלכות יהודה צוריק אין זייער לאַנד. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַפֿעל, אַז די וואָס ווילן זיך אומקערן קיין יהודה מעגן דאָרטן ווידער אויפֿבויען די חָרובע שטאָט ירושָלים און דעם בית־המִקדָש; ער האָט געהייסן, מען זאָל דערויף אַרויסגעבן געלט פֿון זיינע קיניגלעכע אוצרות און אָפּגעבן צוריק אַלע טייערע כֵּלים, וואָס נבוכדנֶצר האָט אָנגערויבט אין בית־המִקדש. צענדליקער טויזנט אידן האָבן זיך געלאָזט אין וועג קיין

יהודה, אונטער דער פירונג פון דעם פירשט ז ר ו בָּ בֶ ל, אַן אייניקל פון מֶלֶך יהויָכין. נאָך פופציק יאָר געפאַנגענשאַפט אין בָּבל זיינען זיי מיט פרייד געגאַנגען צוריק אַהיים. שפּעטער האָט מען וועגן דעם געזונגען דאָס שיינע ליד (אין תּהילים):

אַז גאָט האָט אומגעקערט די געפאַנגענע פון ציון,
זיינען מיר אַזוי ווי אין חָלום געוועזן,
מיט פריילעכען געלעכטער איז געווען פול אונזער מויל
און אונזער צונג מיט געזאַנג.

---

## 13. יהודה אונטער פּערסישער הערשאַפט

ווען די פאַרטריבענע האָבן זיך אומגעקערט קיין יהודָה, האָבן זיי דערזעען אַ חָרוב לאַנד. ירושָלים און די אַרומיקע ערטער האָבן זיך נאָך ניט אויפגעבויט נאָך דעם חורבן; אין די פּראָווינצן האָבן זיך באַזעצט מענטשן פון פרעמדע פעלקער: פּלישתּים (אַשדודים), מואָבים, עמונים און די האַלב-אידישע שומרונים; צווישן זיי האָבן געוואוינט אָרימע אידישע משפּחות, וואָס האָבן זיך אָפּט צונויפגעמישט מיט די פרעמדע און גערעדט אין זייער שפּראַך.

די פירער פון די אָנגעקומענע גולִי-בָּבל, דער פירשט זרובָּבל און דער כּוהן גדול יהושוע, האָבן פאַרשטאַנען, אַז כּדי אויפצולעבן און פאַראייניקן דאָס פאָלק מוז מען צוערשט אויפבויען די הויפּטשטאָט ירושָלים מיט דעם בית-המִקדָש און שאַפן דאָרטן אַ נייע רעגירונג. אויף גיך האָט מען אויפן פּלאַץ פון אַלטן בית-המקדש אויפגעשטעלט אַן אַלטאַר (מִזבֵּח) פאַר קָרבָּנות און אָנגעהויבן לייגן גרונדשטיינער פאַר אַ קליינעם טעמפּל, ווייל צו אַ גרויסן בנין האָבן געפעלט מיטלען ביי דעם פאַראָרימטן פאָלק. צו דעם דאָזיקן יום-טוב זיינען געקומען מענטשן פון אַלע שטעט, די כּוהנים האָבן געזונגען פּסאַלמען (תּהילים), די נביאים האָבן באַגייסטערט דאָס פאָלק מיט זייערע פייערדיקע רעדעס. גרויס איז געווען די שימחָה. אָבער דערביי זיינען געשטאַנען אַלטע לייט, וואָס האָבן נאָך געזעען דעם ערשטן בית-המִקדָש פון שלומה המֶלֶך, און געוויינט: דער פונדאַמענט פון דעם נייעם „גאָטסהויז" איז געווען זייער קליין אין פאַרגלייך מיט דעם אַלטן, און מען האָט שוין

געזעצן, אַז דער אַמאָליקער גלאַנץ איז פאַרביי. אָבער אַפילו דער קליי־
נער בנין איז אָנגעקומען מיט גרויסע צרות. די שומרונים זיינען גע־
קומען צו זרובבלען און האָבן געזאָגט: „לאָמיר צוזאַמען בויען דעם בית־
המקדש". אָבער זרובבל האָט זיי אָפּגעזאָגט, ווייל מען האָט זיי גע־
האַלטן פאַר האַלבע אידן. זיינען זיי געגאַנגען צו די פּערסישע הערשער
און האָבן געמסרט, אַז אידן גרייטן צו אַן אויפשטאַנד קעגן די פּערסער
כדי צו באַפרייען די שטאָט ירושלים. די בוי־אַרבעטן האָבן זיך אויף
אַ צייט אָפּגעשטעלט; ערשט אין צוואַנציקסטן יאָר נאָך דעם צוריק־
קומען פון גלות בבל און אין זיבעציקסטן יאָר נאָכן חורבן פון „בית
ראשון" איז פאַרטיק געוואָרן דער צווייטער בית־המקדש, דער
„בית שני".

דאָס לאַנד יהודה, וואָס איז געוואָרן אַ פּראָווינץ פון דער גרויסער
פּערסישער אימפּעריע, האָט קיין אייגענעם קיניג ניט געהאַט. אָנשטאָט
אַ מלך איז בראש פון פאָלק געשטאַנען אַ כוהן גדול, אַ פאָרשטייער
פון דער אידישער רעליגיע. נאָך זרובבלס טויט איז דער כוהן גדול
(גרויס־פּריסטער) יהושע בן צדוק געבליבן דער איינציקער פירער פון
פאָלק, און נאָך אים האָבן געהערשט זיינע קינדער און קינדס־קינדער,
די כוהנים גדולים פון צדוקס משפחה. אָבער קיין רעכטע אָרדענונג אין
לאַנד איז נאָך ניט געווען. די הויפּטשטאָט ירושלים איז נאָך ניט געווען
צוריק אויפגעבויט און ניט באַפעסטיקט אַרום מיט מויערן; פרעמדע
באַנדעס פלעגן זיך אַהין אַריינרייסן און רויבן די באַפעלקערונג. ניט
אַלע אידן האָבן געפאָלגט די געזעצן פון דער תורה, ווייל נאָר ווייניקע
מענטשן — די כוהנים, נביאים און געלערנטע — האָבן געקענט לייענען
און פאַרשטיין די הייליקע ביכער. דאָס פאָלק האָט שוין לאַנג אויפגע־
הערט ריידן אין דער אַלטער העברעאישער שפּראַך, וואָס איז געבליבן
נאָר אַ בוך־שפּראַך: מען האָט גערעדט אין דער פּערסישער מלוכה־
שפּראַך — אַרמיש. איצט האָט מען געדאַרפט, כדי צו שאַפן אָרדע־
נונג אין לאַנד, באַקאַנט מאַכן דאָס פאָלק מיט זיין נאַציאָנאַלן געזעצ־
בוך, דער תורה, כדי אַלע זאָלן וויסן ווי צו פירן זיך, וואָס מען מעג
און וואָס מען טאָר ניט. די דאָזיקע אויפגאַבע האָבן דערפילט צוויי
גרויסן מענטשן, וואָס זיינען געקומען פון בבל און פּערסיע: ע ז ר א
און נ ח מ י ה.

עזרָא איז געווען אַ געלערנטער אין דער אידישער קהילה, וואָס איז געבליבן אין בָבל, נאָכדעם ווי די ערשטע געפאַנגענע האָבן זיך אומגעקערט אַהיים מיט זרובָבלן. ער האָט געהייסן „עֶזרָא הַסופר“, ווייל ער פלעגט זאַמלען און איבערשרייבן די הייליקע ביכער פון דער תורה און פאַרשפּרייטן זיי אין פאָלק. נחֶמיָה איז געווען אַ גרויסער תַקיף ביים הויף פון פּערסישן קיניג אַרטאַקסערקס אין דער הויפּטשטאָט שושָן (סוזי). ביידע האָבן באַקומען פולמאַכט פון קיניג צו פאָרן קיין ירושלים און צו שאַפן דאָרטן אָרדענונג, אָנשטעלן אידישע באַאַמטע און ריכטער און אויסרופן די תורת־מושה אַלס דאָס געזעצבוך פון אידישן פאָלק. עזרָא איז געקומען קיין ירושלים מיט אַ גרויסער גרופּע אידן פון בָבל און האָט צונויפגערופן אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג אויפן פּלאַץ פון בית־המִקדש. אין אַ פייערדיקער רעדע האָט ער דערמאָנט, אַז נאָך אַלע איבערגעלעבטע צָרות דאַרף שוין דאָס פאָלק אָנהויבן פירן אַ נייעם לעבן, לויט די געזעצן פון דער הייליגער תורה, און ניט אויסמישן זיך מיט פרעמדע פעלקער. ער האָט געפאָדערט, אַז יענע, וואָס האָבן געהאַט ניט אידישע פרויען, זאָלן זיך מיט זיי באַלד צעשיידן. אין פיל מִשפָחות האָט מען אַזוי געטאָן; עס האָט זיך געהערט אַ ביטערער יאָמער אין אַזעלכע הייזער, וואו מוטערס האָבן זיך געמוזט שיידן מיט זייערע מענער און קינדער. דאָס איז געווען אַ שווערער קָרבן צוליב דער ריינקייט און גאַנצקייט פון אידישן פאָלק.

נחֶמיָה האָט באַלד נאָך זיין קומען אָנגעהויבן בויען אַ מויערוואַנט אַרום ירושָלים, כדי צו באַפעסטיקן די שטאָט. טויזנטער מענטשן האָבן געלייגט די שטיינער. ביי דער אַרבעט פלעגן אויף זיי אָפט אָנפאַלן די שומרונים און אַנדערע שונאים, פון די פרעמדע פעלקער, אָבער די אַרבעטער זיינען געווען באַוואָפנט און האָבן די אָנפאַלער אָפּגעטריבן. ווען די פעסטונג־וואַנט איז שוין געווען פאַרטיק, האָבן עֶזרָא און נחֶמיָה ווידער צונויפגערופן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג. עזרָא האָט פאָרגעלייענט קאַפּיטלעך פון דער תורה און דערנאָך דעם כתַב פון אַ שבועה, וואָס אַלע האָבן געדאַרפט געבן, אַז זיי וועלן פאָלגן די געזעצן פון דער תורה. אויף דעם כתַב האָבן זיך געחַתמעט די עלטסטע פון די פאַמיליעס. אַזוי האָט דאָס פאָלק געוואָרן אָפּצוהיטן די תורה, וואָס איז געוואָרן אַ מלוכה־געזעצבוך.

די שומרונים, וואָס זיינען אָפּגעשטויסן געוואָרן פון יידישן פאָלק, האָבן זיך אויפגעבויט אַ באַזונדער טעמפּל אויפן באַרג גריזים, אַרום דער שטאָט שכֶם. זיי האָבן אויך געהאַלטן די תורה פאַר אַ הייליק בוך, אָבער זייערע מִנהָגים זיינען געווען אַנדערע. זיי זיינען געבליבן שטענדיק פיינדלעך דעם אידישן פאָלק.

אין יענער צייט, ווען עס האָט זיך ווידער אויפגעבויט דאָס לאַנד יהודה, האָבן יידן געלעבט אויך אין אַנדערע לענדער פון דער גרויסער פערסישער אימפּעריע: אין בָבל און אין די עכט־פערסישע שטעט, באַזונדערס אין דער הויפּטשטאָט שוּשָן. דאָ האָט זיך איינמאָל געטראָפן אַזאַ מעשה. ביי דעם פערסישן קיניג אַחַשוֵרוֹש (קסערקס) איז געווען אַ מיניסטער הָמן, וואָס האָט זייער פיינט געהאַט אידן. איינמאָל זאָגט ער צום קיניג: „אין דיין לאַנד איז דאָ אַ פאָלק (די אידן), וואָס איז אומעטום צעזייט און צעשפּרייט, זייערע געזעצן זיינען גאָר אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער און דיינע געזעצן פאָלגן זיי ניט. אויב דו ווילסט, גיב אַרויס אַ בעפעל, מען זאָל אַלע אידן טויטן". אַחַשוֵרוֹש האָט אַזאַ באַפעל אַרויסגעגעבן, און די אידן אין פערסיע האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסער סַכָנה. דעמאָלט איז געקומען צו הילף איינער פון די אָנגעזעענע אידן אין שושָן, מרדכי, וואָס איז געווען נאָענט צום קיניגלעכן הויף. זיין יונגע קרובה, אֶסתר, איז צוליב איר גרויסער שיינקייט געוואָרן אַ קיניגין, איינע פון אחשורושעס ווייבער; זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אויף איר פאָלק און האָט ניט געזאָרגט וועגן דעם אומגליק, וואָס קומט אויף אים. דאָ האָט איר מרדכי דערמאָנט, אַז זי שטאַמט אַליין פון אידישן פאָלק און אויב זי וועט ניט בעטן דעם קיניג ער זאָל צוריקנעמען זיין מערדערישן באַפעל, וועט זי אויך פאַרפאַלן ווערן מיט איר גאַנצער אידישער מִשפָחה. אסתר האָט זיך דערשראָקן און האָט געזאָגט דעם קיניג, אַז זי איז אַ אידיש קינד, און אויב מען וועט אויספירן זיין באַפעל, וועט מען זי אויך טויטן; דערביי האָט זי געגעבן צו פאַרשטיין אַחַשוֵרוֹשן, וואָס פאַר אַ שלעכטער מענטש הָמן איז. דענסטמאָל האָט דער נאַרישער קיניג פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ צָרָה ער האָט אָנגעטאָן; ער האָט געהייסן מען זאָל דעם רָשָע הָמנען אויפהענגען און די אידן ערלויבן באַוואָפענען זיך און שלאָגן זייערע פיינד. אַזוי זיינען טויזנטער אידן געראַטעוועט געוואָרן פון טויט. צום

אָנדענק פון דער דאָזיקער ישועה האָט מען שפּעטער איינגעפירט אַ יום־טוב אין חודש אָדר, מיט דעם נאָמען פּורים.

אַ אידישע קאָלאָניע איז אין יענער צייט געווען אויך אין מ צ ר י ם, וואָס איז דאַן געוואָרן אַ טייל פון דער פּערסישער אימפּעריע. דאָס זיינען געווען די קינדס־קינדער פון יענע אידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד יהודה נאָך דעם גרויסן חורבן און דעם טויט פון גדליָהן און זיינען אַוועק קיין מִצרים צוזאַמען מיט דעם נביא יִרמיָהו. אַ טייל פון זיי האָבן זיך באַזעצט אויף דעם דָרום־גרעניץ פון מִצרים, אין אַ פעסטונג־שטאָט ע ל ע פ אַ נ ט י נ ע (די העלפאַנט־שטאָט), און האָבן געדינט אין דער עגיפּטישער אַרמיי. די אידישע קהילה האָט זיך אויסגעבויט אַ קליינעם טעמפּל, נאָך דעם מוסטער פון בֵּית־הַמִקדָש, מיט כּוהנים און קָרבָּנות. זיי האָבן גערעדט אַראַמעאיש און האָבן אין דער דאָזיקער שפּראַך געשריבן בריוו צו זייערע ברידער אין ירושָלים.

---

## 14. כּוהנים־רעגירונג. דער תּנ"ך (תּוֹרָה־נביאים־כּתובים)

צוויי הונדערט יאָר האָט געדויערט די פּערסישע הערשאַפט אין לאַנד יהודה (לערך פון 2500 ביז 2300 יאָר פאַר אונזער צייט). אין פּאַלעסטינע איז געזעסן אַ פּערסישער גובערנאַטאָר, אַ פֶּחָה, וואָס האָט אויפגעפּאַסט די מלוכה־שטייערן ביי דער באַפעלקערונג און געזאָרגט וועגן רו און אָרדענונג אין לאַנד. אין זייער אינווייניקסטן לעבן זיינען אידן געווען פריי און זעלבשטענדיק. אַזוי ווי זייער געזעצבוך איז געווען די תּורה, וואָס לויט דעם פאָלקס־גלויבן איז זי געגעבן געוואָרן פון גאָט דורך מושה רבנו, האָבן די מאַכט אין לאַנד געדאַרפט האָבן די גייסטלעכע פירער, די כּוהנים גדולים פון הייליקן טעמפּל אין ירושלים. אין דער מִשפָּחָה צָ ד וֹ ק, וואָס האָט געשטאַמט פון דעם ערשטן כּוהן־גָדוֹל יהוֹשוּע בן־צדוק, פלעגט די מאַכט אַריבערגיין פון פאָטער צום זון. דער כּוהן גָדוֹל האָט געהאַט אַרום זיך אַ ראַט פון ז ק נ י ם (עלטסטע, חָשובע מענטשן) און פלעגט זיך מיט זיי מיַשב זיין וועגן די עניָנים פון די קהילות. אַ גרויסן איינפלוס אויף דער פאַרוואַלטונג האָבן געהאַט די געלערנטע אָדער שרייבער, די „סוֹפרים", וואָס פלעגן דערקלערן דעם פאָלק די געזעצן פון דער תּורה. די „זקנים" צוזאַמען מיט די

„סופרים“ האָבן געשאַפן אַ גרויסן פאָלקס־ראַט, וואָס האָט געהייסן „כּנֶסֶת הגדולָה“ און פלעגט באַטראַכטן די וויכטיקסטע פראַגן פון דער פאַרוואַלטונג.

דער לאָזונג פון דער כּנֶסֶת הגדולָה איז געווען: „זייט פאַרזיכטיק אין זאַכן פון געריכט, שטעלט אויף וואָס מער לערנער און מאַכט אַ צוים אַרום דער תּורה“, — דאָס הייסט מען זאָל באַשטימען ערלעכע ריכטער, מען זאָל שאַפן שולן פאַר קינדער און יונגע לייט, כּדי אַלע זאָלן קענען לייענען און שרייבן, און מען זאָל אָפּהיטן די געזעצן פון דער תּורה און צופּאַסן זיי צום לעבן. די כּנֶסֶת הגדולה האָט אַרויס־געגעבן אַ ריי נייע געזעצן; מען זאָגט, אַז פון איר שטאַמט דער סֵדר פון דאַווענען, די תּפילות „שמַע ישראל“ און „שמונה עֶשרה“, וואָס דער איד איז מחויב געווען זאָגן יעדן טאָג. די תּפילות זיינען אין בית־המקדש געווען נאָר אַ צוגאָב צו דעם אַלטן סֵדר פון קָרבָּנות, אָבער אין די קליינע „בָּתי־הַכּנֶסֶת“ (פאַרזאַמלונג־הייזער, תּפילה־הייזער) איז דער גאַנצער גאָטס־דינסט באַשטאַנען פון דאַווענען און לייענען קאַפּיטלעך פון דער תּורה. וויכטיקער איז געווען דאָס לערנען אין די שולן: אין יענע צייטן, ווען נאָר געציילטע מענטשן האָבן געקענט לייענען און שרייבן, האָבן די אידישע „סופרים“ געזאָרגט, אַז יעדער פאָלקסמענטש זאָל לערנען און קענען לייענען די תּורה. דאָס האָט אויפגעהאַלטן אין פאָלק די אַלטע שריפטלעכע שפּראַך, ע ב ר י ת, אין דער צייט ווען די אומגאַנג־שפּראַך אין לעבן איז געווען אַ ר אַ מ ע א י ש, אויף וועלכער מען האָט גערעדט און געשריבן אין אַלע לענדער פון דער פּערסישער מלוכה. צו ביידע שפּראַכן האָבן די סופרים צוגעפּאַסט אַ נייע האַנט־שריפט: „כּתַב אַשורי“ (אַסירישע שריפט), אָדער „כּתַב מרוּבָּע“ — קוואַדראַט־אותיות, וואָס מען באַנוצט זיי אין געשריבענע ספרי תּורות און געדרוקטע ספרים ביז היינטיקן טאָג.

פון דעם גרויסן רעפאָרמאַטאָר עזרָא הַסופר און זיינע תּלמידים, די „סופרים“, שטאַמט דער סֵדר פון אונזער אַלטער ביבל־ליטעראַטור, וואָס באַשטייט פון דריי טיילן: ת ו ר ה, נ ב י א י ם און כּ ת ו ב י ם (געקירצט תּנַ״ך). עזרא האָט געזאַמלט אַלץ, וואָס עס האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן געשריבן די כּוהנים, נביאים און מחַברים פון גע־שיכטע־ביכער, האָט אויסגעבעסערט די פאַרגרייזטע טעקסטן און

| פיניקישע שריפט | סאמאריטאנישע שריפט | אלט־עברישע שריפט | נייער כתב מרובע |
|---|---|---|---|
| | | | א |
| | | | ב |
| | | | ג |
| | | | ד |
| | | | ה |
| | | | ו |
| | | | ז |
| | | | ח |
| | | | ט |
| | | | י |
| | | | כ ך |
| | | | ל |
| | | | מ ם |
| | | | נ ן |
| | | | ס |
| | | | ע |
| | | | פ ף |
| | | | צ ץ |
| | | | ק |
| | | | ר |
| | | | שׂ שׁ |
| | | | ת |

18. העברעאישע שריפט· אלטע און נייע

צונויפגעשטעלט גאַנצע ווערק פון שטיקלעך האַנטשריפטן. ער האָט צונויפגעשטעלט דעם גאַנצן טעקסט פון דער ת ו ר ה אין פינף ביכער: 1) ב ר א ש י ת, וואו עס ווערט דערציילט וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט ביז אַבְרָהָם אָבִינוּ און וועגן דעם לעבן פון אידישן פאָלק אין דער צייט פון די אָבוֹת (פּאַטריאַרכן): אברהם, יצחק און יעקב; 2) ש מ ו ת, וואו עס ווערט דערציילט וועגן דער קנעכטשאַפט פון אידן אין מצרים און זייער אויסלייזונג דורך מוֹשהן, וועגן די געבאָטן פון באַרג סיני און אַנדערע וויכטיקסטע געזעצן פון דער תורה; 3) וַ י ִּ ק ְ ר ָ א אָדער „תּורת־כּוהנים" — געזעצן וועגן גאָטס־דינסט אין בית־המקדש, יָמים־טובים און אויפפיר פון דעם מענטשן אין דער פאַמיליע און געזעלשאַפט; 4) בְּ מִ ד ְ בַּ ר — אַ באַשרייבונג פון די וואַנדערונגען אין מִדבָּר אונטער מוֹשהס פירונג; 5) ד ְ ב ָ ר י ם אָדער מִ ש ְ נ ֶ ה ־ ת ו ר ה (איבערגעחזרטע תורה) — יענעם בוך, וואָס מען האָט געפונען אין בית־המקדש אין מלך יאשיהוס צייטן: הויכע מאָראַלישע געזעצן אין גייסט פון די נביאים און אין דער פאָרם פון מוֹשהס רבנוס צוואה פאַר זיין טויט. די דאָזיקע פינף ביכער הייסן נאָך ביז היינט ח ו מ ְ ש (גרופּע פון פינף).

די „סופרים", וואָס האָבן ווייטער געפירט עזראס אַרבעט האָבן געבראַכט אין אָרדענונג די ה י ס ט אָ ר י ש ע ב י כ ע ר, וואָס דערציילן די געשיכטע פון אידישן פאָלק פון דער צייט, ווען אידן האָבן זיך באַזעצט אין כנען, ביזן ערשטן חורבן פון ירושלים און גלות בָבל; די דאָזיקע ביכער הייסן „נביאים ראשונים" און באַשטייען פון פיר טיילן: „יהושוע" און „שופטים", „שמואל" און „מלכים". נאָך זיי קומען די „נביאים אחרונים" — פופצן ביכער מיט רעדעס פון דריי גרויסע נביאים (ישַעיה, ירמיָה, יחֶזקאל) און פון צוועלף קלענערע נביאים (הושע, יוֹאֵל, עמוס, עוֹבדיָה, יונה, מיכָה, נחום, חֲבַקוק, צפניה, חַגי, זכריה, מלאָכי).

„תורה" און „נביאים" — דאָס זיינען די ערשטע צוויי אָפּטיילונגען פון דער ב י ב ל אָדער תּנ"ך. די דריטע אָפּטיילונג הייסט כ ת ו ב י ם, שריפטן, ליטעראַטור. אַהער גייען אַריין פאַרשיידענע ווערק, וואָס אַ טייל פון זיי איז שוין געווען פאַרטיק אין דער צייט פון עזרָא און די סופרים, און דער אַנדער טייל איז געשריבן געוואָרן אין שפּעטערע צייטן. צו די עלטערע שריפטן געהערט דער גרויסער זאַמלבוך

„תהילים“ — רעליגיעזע שירים (לידער) און תּפילות (פּסאַלמען), וואָס פיל פון זיי פלעגט מען זינגען אין בּית־המקדש און אין די שולן; אַ טייל פון די פּסאַלמען טראָגן דעם נאָמען פון דָויד המלך, ווייל זיי זיינען פאַר־בּונדן מיט פאַרשיידענע מאָמענטן פון זיין לעבן. די פּסאַלמען דריקן אויס אַזוי טיף די ליידן און פריידן פון דער מענטשלעכער נשמה, אַז מען האָט זיי שפּעטער אַריינגענומען אויך אין די קריסטלעכע תּפילות.
דריי בּיכער אין די „כּתובים“ זיינען פאַרבּונדן מיט דעם נאָמען פון שלומה המלך: 1) „שיר השירים“ — אַ וואונדערשיינע אידיליע, וואו עס ווערט בּאַזונגען די ליבּע פון אַ יונגער דאָרף־מיידל שולַמית, וואָס וויל זיך אַרויסרייסן פון שלומה המלכס פּאַלאַץ און צוריקקומען זיך אויפן פעלד מיט איר געליבּטן פּאַסטוך; 2) מִשלֵי שלומה“ — מְשָלים און שפּריכווערטער וועגן אַלערליי ערשיינונגען פון לעבן און קלוגע עֵצות, ווי מען זאָל זיך פירן; 3) „קוֹהֶלֶת“ — טרויעריקע בּאַטראַכטונגען וועגן לעבן און טויט, וועגן דער נישטיקייט פון דעם מענטשן, וואָס קען קיינמאָל ניט וויסן דעם אֶמת און גליקלעך זיין. אַזעלכע געדאַנקען קומען אויך אין בּוך „אִיוֹב“, וואו עס ווערט דערציילט, ווי דער צַדיק אִיוֹב איז געוואָרן בּאַשטראָפט פון גאָט, אָנשטאָט צו בּאַלוינט ווערן פאַר זיינע גוטע מעשים, און ווי ער טענהט זיך אוים מיט גאָט, פאָדערט גערעכטיקייט אויף דער וועלט. ווייטער קומען דריי קליינע ספָרים, וואָס ווערן גערופן „מגילות“: „איכה“ — טרויער־לידער אויף דעם חורבּן פון ירושלים, וואָס לויט דער טראַדיציע שטאַמען זיי פון ירמיהו הנביא; „אֶסתּר“ — וועגן דער מעשה פון אַחַשוֵרוש, הָמן און מרדכי; „רות“ — אַ בּילד פון דאָרף־לעבּן אין דער צייט פון די שופטים. צו די נביאישע בּיכער געהערט דאָס שפּעטערע בּוך „דָניאֵל“ — אַ בּאַ־שרייבּונג אין דער אַראַמעאישער שפּראַך פון דעם, וואָס דער בּאַבּילאָ־נישער צַדיק דָניאל האָט געזעען אין חלום וועגן דעם גורל פון אַלע מלוכות און פון דעם אידישן פאָלק בּיז דער צייט פון גריכישער הער־שאַפט. די לעצטע דריי בּיכער פון די „כּתובים“ זיינען היסטאָרישע כראָניקעס: „ספר עזרָא“ און „ספר נחֶמיה“ דערציילן וועגן דעם, וואָס עס האָבּן אויפגעטאָן די דאָזיקע בּיידע פאָלקס־פירער, און דאָס בּוך „דברי הַיָמים“ איז אין גרונד אַ כראָניק וועגן די מלכי בּית־דויד, פון דויד המלך בּיז צדקיָהו.

## 15. גריכישע הערשאַפט: פּטאָלעמייער

אַרום צוויי און צוואַנציק הונדערט יאָר פֿאַר אונזער צייט האָט זיך די פּאָליטישע לאַגע אין די מזרח־לענדער אינגאַנצן געביטן. פֿון גריכנלאַנד, דעם געבילדעטסטן לאַנד אין אייראָפּע, איז אַרויס מיט אַ מעכטיקער אַרמיי דער גרויסער העלד אַלכּסנדר מוקדון (מאַקעדאָנער) און האָט אין אַ קורצער צייט איינגענומען אַלע לענדער פֿון אַזיע און אַפֿריקע, וואָס ליגן ביים מיטללענדישן ים. ער האָט דאָרטן אַראָפּגעוואָרפֿן די פּערסישע הערשאַפֿט און אויפֿגעשטעלט הערשער פֿון זיינע קריגפֿירער. אַ פֿאָלקס־לעגענדע דערציילט, אַז ווען אַלכּסנדר איז צוגעגאַנגען מיט זיין חיל צו ירושלים, איז צו אים אַרויס אַנטקעגן דער כּוהן גדול ידוע מיט אַנדערע כּוהנים און חשובֿסטע לייט פֿון דער שטאָט. ווי נאָר אַלכּסנדר, רייטנדיק אויף אַ פֿערד, האָט דערזען די אידישע דעפּוטאַציע, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען און האָט זיך פֿאַרנייגט פֿאַרן כּוהן גדול. די אַרומיקע קריגסלייט האָבן אים געפֿרעגט, פֿאַרוואָס ניט ער אָפּ אַזאַ כּבֿוד דעם אידישן פּריסטער, האָט אַלכּסנדר געענטפֿערט: „ווען איך בין נאָך געווען אין מאַקעדאָניע און האָב געטרוימט וועגן איינגעמען די מזרח־לענדער, האָט זיך מיר איינמאָל אין חלום באַוויזן אַזאַ געשטאַלט, ווי ביי דעם דאָזיקן כּוהן גדול, און האָט מיר פֿאַראויסגעזאָגט, אַז איך וועל דערגרייכן מיין ציל; איצט זע איך ווידער די זעלביקע געשטאַלט אויף דער וואָר און איך פֿאַרנייג זיך פֿאַר גאָט, וואָס האָט גערעדט דורך אים". ווען אַלכּסנדר איז אַריין אין ירושלים, האָט ער באַזוכט דעם בית־המקדש און געבראַכט אַ קרבן דעם אידישן גאָט.



19. אַלכּסנדר מוקדון

דערפאַר וואָס די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך פרייווויליק אונ־טערגעגעבן, האָט אַלכסנדר געלאָזן איר די פרייהייט, וואָס זי האָט געהאַט אונטער דער פערסישער הערשאַפט. ער האָט געהייסן זיין פאַר־וואַלטער אין פאַלעסטינע, ער זאָל די אידן ניט דריקן מיט שווערע שטייערן און זאָל זיך מיט זיי גוט באַגיין. די אידן האָבן אים אָפּגע־דאַנקט דערמיט, וואָס זיי האָבן אַלע זייערע אינגלעך, געבאָרענע אין יענעם יאָר, אַ נאָמען געגעבן אַלכּסנדר. ווען אלכּסנדר מוקדון האָט איינגענומען מִצרַים און האָט דאָרטן געגרינדעט די גרויסע האַנדל־שטאָט אַלכּסנדריה (אַלעקסאַנדריע), האָט ער זי באַזעצט מיט גריכן און מיט אידן און זיי געגעבן גלייכע בירגער־רעכט.

נאָכן טויט פון אַלכסנדר האָבן זיינע גענעראַלן צעטיילט צווישן זיך די איינגענומענע לענדער. איינער פּטאָלעמיי (תַּלמַי) לאַגאָס איז געוואָרן הערשער פון מִצרַים. דאָס לאַנד יהודָה האָט ער אָפּגענומען ביי אַן אנדער גענעראַל: ער האָט באַלאַגערט די שטאָט ירושלים אין אַ שבת־טאָג, ווען די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך ניט געקענט פאַרטיידיקן מיט געווער, איז אַריין אין שטאָט און פון דאָרטן אַוועק־געפירט אַ סך מענטשן קיין אלכסנדריה. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אַן אַנדער גריכישער קריגפירער סעלעווק געמאַכט פאַר אַ הערשער אין סיריע, קליין־אַזיע און מעסאָפּאָטאַמיע (בָּבל), וואו עס האָבן אויך געוואוינט אַ סך אידן. זיין הויפּטשטאָט איז געוואָרן אַנטיאָכיע (אנטיוכיה). אַזוי האָבן זיך געבילדעט צוויי גרויסע מלוכות מיט צוויי דינאַסטיעס (קיניגלעכע משפחות): די פּטאָלע־מייער און די סעלעווקידן. אַזוי ווי דאָס לאַנד יהודה איז געלעגן צווישן ביידע מלוכות, האָבן זיך די צוויי דינאַסטיעס שטענדיק געקריגט פאַר דער הערשאַפט אין דעם דאָזיקן לאַנד.

מער ווי הונדערט יאָר האָבן אין יהודה געהערשט די פּטאָלעמייער. די ערשטע מלכים פון דער דאָזיקער דינאַסטיע האָבן זיך באַצויגן גוט צו אידן. אין ירושלים איז געבליבן די כּוהנים־רעגירונג. דער כּוהן גדול האָט באַקומען אַ גריכישן נאָמען „עטנאַרך“, פאָלקס־פאָרשטייער, און זיין עלטסטן־ראַט — „גערוסיאַ“. דער עטנאַרך האָט געמוזט צושטעלן דעם פּטאָלעמייאישן הערשער די יערלעכע שטייער פון יהודה־לאַנד, און ווייטער איז ער געווען פריי אין דער פאַרוואַלטונג.

אין דער הויפּטשטאָט פון די פּטאָלעמייער, אַלעכּסנדריָה, זיינען אָנגע־
פאָרן אַזוי פיל אידן, אַז זיי האָבן דאָרטן פאַרנומען אַ גאַנצע ריי גאַסן.
דאָס צוזאַמענלעבן מיט די גריכן האָט געבראַכט דערצו, אַז אַלעכּסנדריער
אידן האָבן אָנגעהויבן ריידן גריכיש אַנשטאָט אראַמעאיש. דער
צווייטער הערשער פון דער גריכישער דינאַסטיע, פּטאָלעמיי פילאַדעלף,
האָט זיך באַזונדערס גוט באַצויגן צו אידן. ער איז געווען אַ פריינד פון
וויסנשאַפט און קונסט און האָט ביי זיין הויף איינגעאָרדנט אַ גרויסע
ביבליאָטעק מיט אַ מוזיי; דאָרטן זיינען געווען אויפגעזאַמלט ביכער
פון אַלע פעלקער, עס האָבן נאָך געפעלט די אידישע הייליקע
שריפטן. דאַן האָט דער קיניג געשיקט אַ בריוו צום כּוהן גדול אליעזר
אין ירושלים און געבעטן שיקן קיין אַלעכּסנדריה געלערנטע לייט, וואָס
זאָלן איבערזעצן די תּורה פון העברעאיש אויף גריכיש. עס זיינען גע־
קומען זיבעציק „זקנים“, אַלטע געלערנטע; מען האָט זיי אַוועקגעזעצט
אויף אַן אינזל הינטערן שטאָט און יעדערן אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער;
יעדער איינער האָט איבערגעזעצט די גאַנצע תּורה פאַר זיך, און ווען
אַלע האָבן געענדיקט די אַרבעט און מ'האָט פאַרגליכן אַלע איבער־
זעצונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי שטימען וואָרט אין וואָרט.
פּטאָלעמיי האָט געדאַנקט די זקנים פאַר זייער אַרבעט און האָט זיי
געגעבן אַ קאָפּיע פון דער איבערזעצונג כּדי צו פאַרשפּרייטן זי אין די
אידישע קהילות, וואו מען האָט גערעדט גריכיש. דאָס איז אַ פאָלקס־
לעגענדע. אין דער אמתן האָט מען טאַקע אַרום יענער צייט אָנגעהויבן
איבערזעצן די תּורה, און שפּעטער האָט מען צוביסלעכווייז איבער־
געזעצט אַלע ביכער פון תּנ"ך אויף גריכיש, ווייל די שפּעטערע דורות
האָבן שוין גאָרניט געקענט לייענען העברעאיש. די איבערזעצונג האָט
געהייסן „סעפּטואַגינטאַ“, די זיבעציקערין, ווייל לויט דער לעגענדע
האָבן זי אָנגעהויבן שרייבן די זיבעציק זקנים.

אין דער צייט פון פּטאָלעמיי דעם דריטן און דעם פערטן איז שוין
אין יהודה געוואָרן אומרואיק. די סירישע מלכים, די סעלעווקידן, האָבן
זיך אָנגעהויבן צורוקן צו פּאַלעסטינע, כּדי אָפּצונעמען דאָס לאַנד ביי די
פּטאָלעמייער. אין ירושלים אַליין האָט זיך געבילדעט אַ אידישע
פּאַרטיי, וואָס האָט געוואָלט איבערגעבן דאָס לאַנד דעם סירישן קיניג;
צו איר האָט געהערט אויך דער כּוהן גדול חוניו דער צווייטער. איינ־

מאָל האָט חוניו ניט אָפּגעשיקט קיין אַלכּסנדריה די יערלעכע שטייער־געלדער; פון פּטאָלעמיי דעם דריטן איז געקומען אַ שליח מיט דער פאָדערונג באַלד באַצאָלן דאָס געלט, און אויב ניט וועט ער שווער באַשטראָפן דאָס אידישע פאָלק. אין ירושלים האָט מען זיך דערשראָקן, און דער פּלימעניק פון כּוהן גדול יוסף בן טוביה איז אַוועקגעפאָרן קיין אַלכּסנדריה כּדי צו פאַרענטפערן זיך פאַר דעם קיניג. דער יונגער יוסף איז אַזוי געפעלן געוואָרן אַלעמען אין קיניגלעכן הויף, אַז פּטאָלעמיי האָט אים באַשטימט פאַר אַ שטייער־זאַמלער אין גאַנץ פּאַלעסטינע מער ווי צוואַנציק יאָר האָט יוסף געטריי געדינט דעם עגיפּטישן הערשער און האָט באַרייכערט זיין קאַסע מיט שטייער־געלדער, אָבער ער אַליין און זיינע אַגענטן זיינען אויך דערפון רייך געוואָרן. אין ירושלים האָבן די רייכע נאָכגעמאַכט די גריכישע מאָדע: מען האָט געלעבט פרייליך, זיך אָנגעטאָן פאַרגניגנס און מען האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט פון דער פאָלקס־מאַסע.

פּטאָלעמיי דער פערטער האָט געפירט מלחמה מיט דעם סירישן קיניג און איז איינמאָל געקומען קיין ירושלים אַ קוק טאָן דעם בית־המקדש. די כּוהנים האָבן אים באַוויזן די פאָדערשטע צימערן, אָבער ניט געלאָזן ווייטער אין דעם אינעווייניקסטן הייליקסטן צימער („קודש הקדשים“), וואוהין עס האָט געמעגט אַריינגיין נאָר דער כּוהן גדול. דער קיניג אָבער האָט זיך מיט געוואַלט אַריינגעריסן אין דעם פאַר־מאַכטן צימער — און איז באַשטראָפט געוואָרן: אויפן שוועל איז ער געפאַלן אין אָנמאַכט און מען האָט אים קוים אַ לעבעדיקן אַרויס־געטראָגן. פון דעמאָלט אָן האָט ער פיינט געקראָגן דאָס אידישע פאָלק און זיין גלויבן. ביי זיך אין אַלכּסנדריה האָט ער אָנגעהויבן פאַרפאָלגן אידן. איינמאָל האָט ער געהייסן צונויפטרייבן אַ מאַסע אידן אויפן שפּיל־פּלאַץ און אַרויפלאָזן אויף זיי ווילדע העלפאַנטן, אָבער די אידן האָבן אויפגעהויבן אַזאַ שרעקלעכן געשריי, אַז די ווילדע חיות האָבן זיך דערשראָקן און געוואָרפן זיך צוריק אויף זייערע טרייבער, דעם קיניגס דינער, און האָבן זיי צוטראָטן.

די פיינדשאַפט פון דעם לעצטן עגיפּטישן הערשער האָט אָפּגע־שטויסן די אידישע פאָלקס־מאַסן פון די פּטאָלעמייער. מען האָט געמיינט, אַז אונטער דער הערשאַפט פון די סירישע סעלעוקידן וועט

זיין בעסער. ווען דער סירישער קיניג אַנטיוכוס (אַנטיאָך) דער גרויסער האָט צושלאָגן די עגיפּטישע אַרמיי ביים יַרדן און איז אַריין אין ירושלים, האָבן אים די חשובסטע פאָרשטייער פון דער שטאָט פריינדלעך באַגעגנט און האָבן אָנערקענט די הערשאַפט פון די סעלעווקידן. זיי האָבן זיך אָבער געטאַרט אין זייערע האָפענונגען אויף בעסערע צייטן.

---

## 16. די סעלעווקידן און דער אויפשטאַנד פון די חַשמונאים

דער ערשטער סעלעווקידישער הערשער אין יהודה, אַנטיוכוס דער דריטער אָדער דער גרויסער, איז זיך גוט באַגאַנגען מיט אידן. ער האָט געהייסן אַרויסגעבן דעם כּוהן גדול שמעון הַצדיק אַ היבשע סומע געלט פאַרן בית־המקדש, פאַר דער באַפעסטיקונג און פאַרשענערונג פון ירושלַים; ער האָט אויך פאַרבעסערט די לאַגע פון די אידישע קהילות אין בָבל און סיריע. אָבער ער האָט אינגעכן געהאַט אַ מַפָלה בשעת אַ מלחמה מיט די רוימער און איז דערנאָך געשטאָרבן. נאָך זיין טויט האָט עטלעכע יאָר געקיניגט זיין זון סעלעווק דער פערטער, און דאָ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן שלעכטע צייטן. דער קיניג האָט זיך גע־נויטיקט אין געלט אויף צו באַצאָלן די גרויסע קאָנטריבוציע (שטראָף־געלט) דער רוימישער רעגירונג און ער פלעגט אויספּרעסן שווערע שטייערן ביי אידן. איינמאָל האָט ער געשיקט זיין שאַצמייסטער העליאָדאָרן קיין ירושלים מיט אַ באַפעל אַרויסצונעמען פון בית־המקדש די געלט־סומעס, וואָס זיינען געווען דאָרט באַהאַלטן. דער שָליח האָט זיך אַריינגעריסן אין הייליקן אָרט, און דאָ האָט זיך מיט אים געטראָפן עטוואָס ענלעכעס צו דעם, וואָס אַמאָל מיט דעם פּטאָלע־מייער: צוויי געזונטע יונגען האָבן אים געכאַפּט און אָפּגעשמיסן. אַ קראַנקער האָט ער זיך אומגעקערט קיין אַנטיאָכיע. דער כּוהן גדול פון ירושלים חוניו דער דריטער איז אויך געקומען אהין, כּדי צו פאַר־ענטפערן זיך פאַרן קיניג. אָבער אינגעכן איז סעלעווק געשטאָרבן און זיין אָרט האָט פאַרנומען זיין ברודער אַנטיוכוס דער פערטער.

די גריכן האָבן געגעבן דעם דאָזיקן אַנטיוכוסן אַ צונעמעניש עפּיפאַן, „דער פון גאָט געשיקטער“, אָבער אַנדערע האָבן אים

גערופן עפּימאַן, „דער משוגענער“; בײַ אידן האָט מען אים גערופן „אַנטיוכוס הָרָשע“, ווײַל ער האָט זיי אָנגעטאָן פיל צרות. אַנטיוכוס האָט געוואָלט מאַכן אַלע פעלקער אין זײַן מלוּכה, בפֿרט אָבער די אידן, פאַר גריכן, זיי זאָלן אָננעמען די גריכישע רעליגיע מיט אירע געטער און געטינס: זעווס, אַפּאָלאָן, אַפֿראָדיטע און אַנדערע, זיי זאָלן זיך בוקן צו זייערע בילדער און סטאַטויעס און זאָלן זיך אין היימישן לעבן פירן ווי גריכן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, וואָס צווישן אידן אַליין האָט זיך אין יענער צײַט באַוויזן אַ פּאַרטיי, מיט דעם נאָמען „העלע־ניסטען“, ליבהאָבער פון העלענישן אָדער גריכישן אַרט לעבן. די העלעניסטן, דאָס רוב יונגעלײַט פון רײַכע משפּחות, פלעגן נאָכמאַכן די גריכן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן: געגאַנגען אין טעאַטערס, אויף ספּאָרט־שפּילן, געטרונקען ווײַן, צוזאַמען מענער און פרויען, און געמאַכט זיך פריילעך. די שטרענגע אידישע מידות האָבן דאָס ניט דערלאָזט און קעגן די העלעניסטן האָבן שטאַרק געקעמפט די פרומע, די „חסידים“. אַפילו אין דער משפּחה פון די כּוהנים זײַנען אויך געווען אָנהענגער פון בײדע פּאַרטייען: דער כּוהן גדול חוניו האָט געהאַלטן מיט די חסידים — און זײַן ברודער יהושע, וואָס האָט איבערגעמאַכט זײַן אידישן נאָמען אויפן גריכישן יאַסאָן, איז געווען דער פירער פון די העלעניסטן.

יאַסאָן האָט געוואָלט אָפּנעמען בײַם ברודער דעם אַמט פון כּוהן גדול, איז ער געקומען צו אַנטיוכוסן און האָט אים צוגעזאָגט אײַנפירן גריכישע מאָדעס אין ירושלים און צאָלן מער שטײַערן, אויב מען וועט אים באַשטימען פאַר אַ כּוהן גדול. דער גריכישער קיניג האָט דאָס גערן געטאָן, און יאַסאָן האָט תּיכף אָנגעהויבן אײַנפירן זײַנע נײַע אָר־דענונגען. ער האָט געענדערט די ערציאונג פון דער אידישער יוגנט אויפן גריכישן שטייגער, האָט געבויט אַ „גימנאַזיע“, וווּ נאַקעטע אידישע קינדער האָבן זיך געלערנט גימנאַסטיק און געמאַכט מי־ליטערישע איבונגען. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט זיך געפונען אין ירושלים אַן אַנדערער העלעניסט, מיטן נאָמען מענעלאַי, וואָס האָט אויך געוואָלט ווערן אַ כּוהן גדול. אײנמאָל, ווען יאַסאָן האָט דורך אים געשיקט די יערלעכע שטײַער־געלט קיין אַנטיאָכיע, האָט מענעלאַי אויסגעבעטן בײַם קיניג, ער זאָל אָפּנעמען די כּהונה בײַ יאַסאָנען און זאָל

אים, מענעלאַיען, שטעלן אויף זיין אָרט, וועט ער אים צאָלן נאָך מער שטייערן. באַקומענדיק דעם הויכן אַמט, האָט דער שווינדלער גע׳הייסן אַרויסנעמען פון ירושלימער בית־המקדש טייערע גאָלדענע כּלים און אַוועקשיקן קיין אַנטיאָכיע. דאָ האָט דעם גנב געכאַפּט דער גע־וועזענער כּהן גדול חוניו און האָט אים שטאַרק געזידלט. דאַן האָט מענעלאַי אונטערגעשיקט צו חוניון אַ מערדער, וואָס האָט דעם אַלטן דערהרגעט. אַז מען האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט אין ירושלים, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפשטאַנד: דער המון האָט געהרגעט מענעלאַיס ברודער, וואָס האָט דאָס גערויבטע גאָלד פון בית־המקדש אָפּגעשיקט צום ברודער אין אַנטיאָכיע.

דער אויפשטאַנד האָט זיך פאַרשטאַרקט. דער צערייצטער אַנטיוכוס האָט זיך אַריינגעריסן מיט זיין אַרמיי אין ירושלים, אויס־געהרגעט הונדערטער אידן און ווידער אויסגערויבט דעם בית־המקדש. נאָר דערמיט האָט ער זיך נאָך ניט באַנוגנט: ער האָט געוואָלט אינ־גאַנצן אויסוואָרצלען די אידישע אֱמונה און נאַציאָנאַלע קולטור, וואָס


20. גריכישער גאָט זעווס

אונטערשיידן אידן פון גריכן, און האָט באַ־שלאָסן מיט געוואַלט צונויפמישן זיי מיט די אַרומיקע פעלקער. ער האָט אַרויסגע־געבן אַ באַפעל, אַז אַלע אידן אין יהודה טאָרן ניט דינען זייער אייגענעם גאָט און האַלטן זיינע געבאָטן און מוזן דינען די געטער פון דעם הערשנדיקן גריכישן פאָלק. אין בית־המקדש פון ירושלים האָט מען אויפגעשטעלט אַ גרויסע סטאַטויע פון דעם גריכישן גאָט זעווס; אַזעלכע סטאַ־טויעס האָט מען געשטעלט אויך אין אַנ־דערע שטעט און מען האָט געצוווּנגען די אידן, זיי זאָלן זיך בוקן צו די דאָזיקע אָפּגעטער און ברענגען זיי קרבנות פון חיות, באַזונדערס פון חזירים, וואָס זיי־נען געווען טמא (אומריין) ביי אידן. פאַר פאַרזאַמלען זיך צו דאַוו־נען אין די שולן, אָפּהיטן שבת און יום־טוב אָדער עסן כּשר פלייש פלעגט מען אידן באַשטראָפן מיט טויט.

פיל מענטשן האָבן אין יענער צייט געליטן פאַר זייער גלויבן און האָבן אָפּגעגעבן פאַר אים זייער לעבן. מען דערציילט וועגן אַ מוטער מיט זיבן זין, וואָס מען האָט זיי פאַרשפאַרט אין תפיסה און געפייניקט דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אָפּטרעטן פון זייער גלויבן. דער רָשע אַנטיוכוס האָט צוגערופן דעם עלטערן זון און געזאָגט: „פאַרזוך אַ שטיקל פלייש פון אַ חזיר, וועט מען דיך אויפהערן שלאָגן". נאָר דער יונג האָט געענטפערט: „גיכער וועל איך זיך דערווערגן איידער עסן דאָס, וואָס אונזער געזעץ האָט פאַרבאָטן". דאַן האָט אַנטיוכוס גע־הייסן אָפּהאַקן אים די צונג און אַריינוואַרפן אים אין אַ קעסל מיט זודיקע וואַסער. דערנאָך האָט דער קיניג אַרויסגערופן די איבעריקע זין איינעם נאָך דעם אַנדערן, אָבער קיינער האָט ניט געפאָלגט, און ער האָט געהייסן פייניקן זיי און טויטן. אַז עס איז געקומען צום אינגסטן זון האָט דער רָשע געזאָגט צו דער מוטער: „רייד איין דיין זון, ער זאָל מיך פאָלגן, וועט ער בלייבן לעבן". די מוטער אָבער האָט זיך גע־ווענדעט צום זון און געזאָגט: „מיין קינד, ניט האָב קיין מורא פאַר דעם דאָזיקן מערדער און טו אַזוי ווי דיינע ברידער האָבן געטאָן". און דעם קיניגס תּליונים האָבן געטויט דעם אינגערן ברודער צוזאַמען מיט דער מוטער.

דאָס פאָלק האָט שוין מער ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די אַכזריות פון אַנטיוכוס הרָשע. ניט אין ירושלים, וואו די סירישע סאָלדאַטן האָבן אונטערדריקט דעם ערשטן אויפשטאַנד, נאָר אין די קלענערע שטעט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער אויפשטאַנד, אַן אמתע רעוואָלוציע. אין אַ קליין שטעטל מודיעין האָט געלעבט אַן אַלטער כּוהן מתּתיָהו, פון דער משפּחה חשמונאים, מיט זיינע פינף זין. איינמאָל איז אַהער געקומען אַ סירישער אָפיצער מיט סאָלדאַטן, אויפגעשטעלט אינמיטן מאַרק אַן אַלטאַר מיט אַן אָפּגאָט און גע־פאָדערט פון מתּתיָהו, ער זאָל ברענגען אַ קָרבּן דעם גריכישן גאָט, דעם גאָט פון דער מלוכה, וועמען אַלע פעלקער מוזן דינען. מתּתיָהו האָט געענטפערט: „זאָלן אַלע פעלקער פאָלגן אייער קיניג, איך אָבער און מיינע ברידער וועלן קיינמאָל ניט אָפּטרעטן פון אונזער גלויבן". דאָ איז צוגעגאַנגען צום אַלטאַר איינער פון די אידישע העלעניסטן און געוואָלט ברענגען אַ קָרבּן, האָט זיך אויף אים מתּתיהו געוואָרפן

און געטויט אויפן אָרט. דעם סירישן אָפיצער האָבן מתתיָהוס קינדער אויך געהרגעט און דעם אַלטאַר צעשטערט.

דאָס איז שוין געווען אַן אָפענער אויפשטאַנד. מַתתיָהו האָט אויסגערופן אין גאַנצן לאַנד: „ווער איז פאַר גאָט און זיין תּורה זאָל קומען צו מיר!" און עס האָבן זיך אָפּגערופן טויזנטער אידישע פּאַטריאָטן און פרומע לייט („חסידים"), האָבן געבילדעט אומעטום קליינע בונטאַרישע מַחנות, וואָס פלעגן זיך באַהאַלטן אין די בערג און אָנפאַלן אויף פאַרביייגייענדיקע גריכישע סאָלדאַטן.

אינגעכן איז דער אַלטער מַתתיָהו געשטאָרבן, און זיינע זין האָבן אויף זיך גענומען פירן דעם קאַמף. דער שטאַרקסטער העלד צווישן זיי איז געווען יהוּדָה, וועלכער האָט געקראָגן אַ צונעמעניש מַכַּבִּי אָדער מַקָּבִי (דער האַמער) נאָכדעם ווי ער האָט צעשלאָגן די פיינד אין עטלעכע שלאַכטן. צוערשט איז קעגן די אידישע קעמפער אַרויסגעטראָטן דער סירישער פאַרוואַלטער אין פּאַלעסטינע אַפּאָלאָניוס מיט זיין חַיִל; יהודהס לייט האָבן זיך געשלאָגן ווי צע־רייצטע לייבן. אַפּאָלאָניוס איז געפאַלן, און יהודה האָט ביי אים אָראָפּגענומען דעם גרויסן שווערד. מיט דעם דאָזיקן גריכישן שווערד האָט דער אידישער העלד שפּעטער געשלאָגן די פיינד פון זיין פאָלק. נאָך דעם ערשטען ניצָחון האָט זיך אַרום יהודה מַכּבּי צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע אידישע אַרמיי, מיט וועלכער ער האָט שוין געקאָנט אַרויס־טרעטן קעגן די נאָך גרעסערע אַרמייען פון אַנטיוכוס. ער האָט פאַרטריבן די סירישע מַחנות פון דעם גאַנצן געביט אַרום ירושָלים און האָט געקענט אַריינגיין אין דער הייליקער שטאָט. דאָ איז געבליבן בלויז אַ קליינער סירישער גאַרניזאָן, וואָס האָט זיך פאַרשפּאַרט אין דער פעסטונג. יהודה מיט זיינע לייט זיינען אַרויף אויפן הַר־הַבַּיִת, דעם באַרג פון בית־המקדש, און האָבן דערזעען אַ טרויעריק בילד: דאָס הייליקע הויז וויסט און צערויבט, אויפן מִזבֵּחַ די „עקלדיקע פיגור" פון דעם אָפּגאָט זעוס, אַרום און אַרום חורבות און שמוץ. מען האָט גענומען רייניקן דעם הייליקן אָרט, אַרויסוואַרפן די געצנבילדער, אויפ־שטעלן די פריערדיקע אָרדענונג, און ווען די אַרבעט איז געווען פאַר־ענדיקט, האָט מען געמאַכט אַ יום־טוב פון חֲנוּכַּת־הַבַּיִת, באַנייאונג פון גאָטס הויז. אכט טאָג האָט געדויערט די שימחה; יעדן אָוונט האָט

מען אילומינירט דעם בית־המקדש מיט העלע פייערן. מען האָט דער־ציילט וועגן אַזאַ נֵס: צו דער אילומינאַציע האָט מען געזוכט אין בית־המקדש און געפונען אין אַ ווינקל נאָר אַ קליין קריגל מיט בוימל, וואָס איז געווען קנאַפּ אפילו פאַר איין אָוונט, אָבער אַז מען האָט אים אָנגעגאָסן אין דער מנוֹרָה האָט זי העל געברענט אַכט אָוונטן נאָכ־אַנאַנד. אין אַנדערע שטעט האָט מען אויך געמאַכט אילומינאַציעס. אַזוי איז דער יום־טוב פון חֲנוּכָּה מיט אָנצינדן חנוכה־ליכטלעך אַ גאַנצע וואָך (פון 25 טאָג אין חודש כיסלו און ווייטער) פאַרבליבן ביי אידן אויף צוויי טויזנט יאָר, ביז היינטיקע צייטן.

דאָס אַלץ איז אָבער געווען נאָר אַן אָנהויב פון אַ לאַנגן קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון פאָלק, וואָס האָט געדויערט נאָך פינף און צוואַנציק יאָר. דער רָשע אַנטיוכוס איז געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים, אָבער זיינע נאָכפאָלגער האָבן ווייטער געפירט דעם קריג. אין איינער אַ שווערער שלאַכט איז געפאַלן דער גבוֹר יהודה מַכַּבִּי. אויף זיין אָרט איז געוואָרן קריגפירער זיין ברודער יוֹנָתָן חַשְׁמוֹנָאִי. יוֹנתן איז געווען אויך אַ קלוגער פּאָליטיקער; ער האָט אויסגענוצט יעדן צופאַל אין דער אַלגעמיינער פּאָליטיק, כדי ביסלעכוויַיז צו פאַר־טרייבן די סיריער פון אידישן לאַנד. צום גליק פון אידישן פאָלק האָבן זיך אין יענער צייט אָנגעהויבן גרויסע מהומות אין דער סע־לעווקידן־מלוכה. די יורשים פון אַנטיוכוסן האָבן זיך געקריגט פאַר דער קיניגס־קרוין, און דאָ האָבן זיך אַריינגעמישט גאָר פרעמדע און אָפּט פאַרכאַפּט די מאַכט. יעדערער פון די פּרעטענדענטן אויפן קיניג־טיטול האָט זיך באַמיט שליסן אַ בּונד מיט יונתָנען, כדי ער זאָל אים העלפן מיט זיין אַרמיי קעגן דעם אַנדערן צד, און דערפאַר האָט ער דעם אידישן פירער געגעבן אַלערליי הֲנחות. אַזוי אַרום איז יונתן געוואָרן אַ כּוֹהן גדוֹל מיט פולמאַכטן פון אַ לאַנד־פירשט. צו ביסלעכ־וויַיז האָט ער מיט דער הילף פון זיין ברודער שִׁמְעוֹן אָפּגענומען שטיקער אידיש לאַנד ביי די סיריער. ווען יונתן איז געפאַלן אין קריג, האָט שמעון איבערגענומען די פירונג פון דער אידישער אַרמיי. אים איז באַשערט געווען אַרויסטרייבן דעם סירישן גאַרניזאָן פון דער פעסטונג פון ירושלים און דערמיט מאַכן אַ סוף צו דער פרעמדער הערשאַפט אין לאַנד יהודה. אין אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין

ירושלים איז שמעון אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ כּוהן גדול און אַ נשיא (עטנאַרך) פון דעם באַפרייטן פאָלק.

---

## 17. די פרייע חשמונאים־מלוכה

נאָך פיר הונדערט יאָר פּערסישער און גריכישער הערשאַפט איז יהודה ווידער געוואָרן אַ פרייע מלוכה, אונטער אַן אייגענעם הערשער, אַ „נשיא" פון דער העלדישער חַשמונאישער משפּחה, וואָס האָט אויסגעקעמפט די נאַציאָנאַלע פרייהייט.

דער נשיא שמעון חַשמונאי האָט זיך מיט אַלע כּוחות באַמיט באַרויִקן דאָס לאַנד נאָך דרייסיק יאָר מלחמות און חורבּונות. ער האָט געזאָרגט וועגן דעם אויפלעבן פון ערדאַרבעט אין די דערפער און פון האַנדל אין די שטעט. ער האָט אויסגעבויט אַ גרויסן האַפן אין דער שטאָט יָפוֹ ביים מיטללענדישן יַם, וועלכע ער האָט אָפּגענומען ביי די סיריער, כּדי צו פאַראייניקן ירושלים מיט דעם ברעג יַם. דאָס האָט אים אָבער אַריינגעצויגן אין אַ נייעם קריג מיט דעם סירישן קיניג פון יענער צייט אַנטיוכוס סידעט. שמעון איז שוין געווען אַלט, און דעם קריג האָבן געפירט זיינע זין, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט יוֹחָנן הורקנוס. דאָ האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק. ביי שמעון חַשמונאי איז געווען אַן איידעם מיט אַ גריכישן נאָמען פּטאָלעמיי, אַ פאַרוואַלטער פון דער שטאָט יריחו; אָט דער האַלבער איד האָט זיך פאַרבונדן מיט אַנטיוכוסן און האָט אומגעבראַכט זיין אייגענעם שווער. איינמאָל האָט ער איינגעלאַדן דעם נשיא און זיין פרוי אויף אַ מאָלצייט אין יריחו; נאָכדעם ווי די געסט האָבן זיך אָנ־געטרונקען מיט וויין, האָט ער געהייסן זיינע קנעכט טויטן דעם שווער און פאַרשפּאַרן די שוויגער אין אַ פעסטונג אַרום יריחו. יוחָנן הורקנוס האָט מיט זיין אַרמיי באַלאַגערט די פעסטונג און געוואָלט כאַפּן דעם מערדער, אָבער פּטאָלעמיי האָט אַרויסגעפירט אויף דעם פעסטונג־מויער זיין געפאַנגענע שוויגער, הורקנוסעס מוטער, און האָט גע־סטראַשעט אַראָפּוואַרפן זי פון מויער, אויב הורקנוס וועט ניט אָפּ־טרעטן. הורקנוס האָט געמוזט אַוועקגיין קיין ירושָלים, וואו מען

האָט אים אויסגערופן פאַר אַ נשיא און כוהן גדול. דער מערדער פּטאָלעמיי איז שפּעטער אַנטלאָפן צו די סיריער.

יוחנן הורקנוס, וואָס האָט געהערשט דרייסיק יאָר, איז געווען דער ערשטער נשיא פון דעם חשמונאים-הויז, וואָס האָט געשאַפן אַ גאָר זעלבסטשטענדיקע מלוכה. פון זיינע סירישע פיינד איז ער ענדלעך פּטור געוואָרן, ווייל די סעלעווקידן אַליין זיינען געווען צוויי-שן זיך צעריסן. די אַרומיקע קליינע פעלקער אין פּאַ-לעסטינע, וואָס פלעגן זיך אָפט פאַראייניקן מיט דעם פיינד און אָנ-טאָן צרות דעם אי-דישן פאָלק, האָט ער אונטערטעניק געמאַכט. ער האָט באַשטראָפט די שומרונים, וואָס האָבן געלעבט אינמיטן פון לאַנד אַרום דער שטאָט שכם; זייער טעמפּל אויף דעם באַרג




21. פּאַלעסטינע אין דער חשמונאים-צייט.

גריזים האָט ער צעשטערט. דאָס קליינע פאָלק אדום, וואָס האָט געלעבט אין דרום-פּאַלעסטינע, האָט זיך געמוזט אינגאַנצן אונטער-געבן דעם הערשער פון יהודה און אַפילו אָננעמען דעם אידישן

גלויבן: אַלע אֶדומישע מענער האָבן זיך מגייר געווען; זיי זיינען אָבער געבליבן האַלבע אידן.

גרויסע רעפאָרמעס האָט יוחנן הורקנוס געמאַכט אין דער מלוכה־פאַרוואַלטונג. אין זיין צייט איז געשאַפן געוואָרן דער גרויסער מלוכה־ראַט, וואָס האָט זיך גערופן מיט דעם גריכישן נאָמען סַנהֶדרין און מיט דעם אידישן „בית־דין הגדול" (דאָס גרויסע געריכט־הויז). דער סַנהדרין איז באַשטאַנען פון זיבעציק מיטגלידער און איין פאָרזיצער (אב בית־דין). דאָרטן פלעגט מען באַטראַכטן אַלע נייע געזעצן, וואָס מען האָט געדאַרפט אַרויסגעבן אויפן גרונד פון די דינים פון דער תּורה; אויסער דעם איז דער סַנהדרין געווען דער העכסטער געריכט (בית־דין) פאַר אַלע מִשפָּטים און פּראָצעסן. אין דעם סַנהדרין, דעם אידישן פּאַרלאַמענט, האָבן אָפט געפירט אַ קאַמף פאָרשטייער פון צוויי פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט געבילדעט אין ירושלים: צדוקים און פרושים. די צדוקים (פון דער כּוהנישער משפּחה צָדוֹק) זיינען געווען אַ וועלטלעכע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס האָט געוואָלט, אַז די אידישע מלוכה זאָל זיין אַזוי ווי אַלע אַנדערע מלוכות פון יענער צייט, וואָס האָבן גרויסע אַרמייען און פירן מלחמות, כּדי איינצונעמען פרעמדע לענדער און פאַרגרעסערן זייער מאַכט אין דער וועלט. זיי האָבן געהאַלטן די תּורה אַלס גרונד־געזעץ פון דער אידישער מלוכה, אָבער האָבן ניט געוואָלט צוגעבן צו איר נייע רעליגיעזע געזעצן און דערמיט „שאַפן אַ צוים אַרום דער תּורה". צו דער צדוקישער פּאַרטיי האָט געהערט דער העכערער קלאַס, רייכע לייט און באַאַמטע. דער מיטעלער קלאַס האָט געהערט צו דער פּאַרטיי פון די „פּרושים", וואָס זייער נאָמען הייסט „אָפּגעזונדערטע". זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס אידישע פאָלק דאַרף זיין אָפּגעטיילט פון פרעמדע פעלקער, ווייל דאָס איז אַ גייסטיקע נאַציע, אַ גאָטס־פאָלק, וואָס דאַרף פירן גאָר אַן אַנדער אַרט לעבן; אַלע מיינונגען און געזעצן מוז מען אַרויסדרינגען פון דער הייליקער תּורה, שאַפן וואָס מער שטרענגע געזעצן, כּדי צו פאַרהיטן דאָס פאָלק פון צונויפמישן זיך מיט די אַרומיקע פעלקער. דערצו מוז מען די תּורה לערנען, וויסן גענוי יעדעס געזעץ, קענען אויסטייטשן יעדעס וואָרט, ווי דאָס האָבן געטאָן די „סופרים". אַזוי איז פאַר די פּרושים דער עיקר געווען דאָס פאָלק, פאַר די צדוקים — די מלוכה.

דער נשיא יוחָנן הורקנוס איז מער געניייגט געווען צו די צדוקים איידער צו די פרושים. איינמאָל בשעת אַ מאָלצייט האָט ער געשטעלט די פירער פון ביידע פאַרטייען אַ פראַגע, צי האַלטן זיי, אַז ער איז געטריי דער תורה און אירע געזעצן. אַלע האָבן געענטפערט: יאָ. אָבער איינער פון די פרושים, אֶלעזר, האָט אויסגעשריען: „גענוג פאַר דיר, וואָס דו ביסט אַ נשיא, צו וואָס דאַרפסטו נאָך זיין כהן גדול!” ער האָט געוואָלט דערמיט זאָגן, אַז פאַר אַ הערשער, וואָס פירט בלוטיקע מלחמות, פאַסט ניט צו זיין אַ פאַרבעטער פאַר גאָט אין בית־המקדש. דער נשיא האָט זיך באַליידיקט, און פון יענער צייט האָט ער זיך נאָך מער דער־נעענטערט צו די צדוקים און געזאָרגט, אַז זיי זאָלן זיין די מערהייט אין סַנהדרין.

די יורשים פון יוחָנן הורקנוס, זיינע צוויי זין אַריסטאָבול און אַלכסנדר־ינאַי זיינען שוין געווען אינגאַנצן אויף דער־זייט פון דער צדוקים־פאַרטיי. דער עלטערער האָט צו זיין אידישן נאָמען „יהודה” צוגעגעבן דעם גריכישן „אַריסטאָבול” און האָט אָנגענומען דעם טיטול “מֶלֶך” אַנשטאָט „נשיא”. ער האָט אָנגעהויבן פירן מלחמות מיט די אַרומיקע פעלקער, נאָר ער איז געווען שוואַך אין געזונט און איז צו פרי געשטאָרבן. זיין ברודער און נאָכפאָלגער אַלכסנדר־ינאַי איז געווען אַן אמתער „איש מִלחָמה”, אַ סאָלדאַט, און אַ שאַרפער קעגנער פון די פרושים. אין משך פון זיין גאַנצער רעגירונג־צייט (27 יאָר) האָט ער אָן אויפהער געפירט צווייערליי מלחמות — קעגן פרעמדע פעלקער: סיריער און אַראַבער, און קעגן אַ גרויסן טייל פון זיין אייגענעם פאָלק, וואָס איז געשטאַנען אויפן צד פון די פרושים. אין די אויסערלעכע מלחמות האָט אַלכסנדר־ינאַי געהאַט אי גוטע אי שלעכטע צייטן, אָבער צום סוף האָט ער דאָך פאַרגרעסערט די טע־ריטאָריע פון מַלכות יהודה אַזוי, אַז זי איז ווידער געוואָרן גרויס ווי אין אַמאָליקע גוטע צייטן. דער אינערלעכער בירגער־קריג איז אָבער געווען זייער אַ שווערער און אַ טרויעריקער. דער מֶלֶך האָט געהאַט אויף זיין צד נאָר די מיליטער, די כהנים און די גבירים, וואָס האָבן געהערט צו דער צדוקים־פאַרטיי; קעגן אים און זיין קריגערישער פאָליטיק איז געווען דער מיטלשטאַנד און דאָס אָרים פאָלק, וואָס האָט געהאַלטן מיט די פרושים.

איינמאָל אין יום־טוב סוכּות האָט אַלכּסנדר־ינאַי אַלס כּוהן גדול געפירט דעם גאָטס־דינסט אין בית־המקדש; מען האָט אים דערלאַנגט אַ כּלי מיט וואַסער, ער זאָל אויסגיסן אויף דעם מזבּח, אַזוי ווי עס איז געווען דער מנהג בײַ די פּרושים; אָבער דער צדוקישער מלך האָט אויסגעגאָסן דאָס וואַסער אויף דער ערד, כּדי צו באַווײַזן, אַז ער האַלט ניט פון דעם מנהג. דער אויפגעבראַכטער עולם האָט פאַר־וואָרפן דעם מלך מיט אתרוגים. דאַן האָבן זיך אין בית־המקדש אַרײַנגעריסן דעם קיניגס זעלנער און האָבן אויסגעהרגעט פיל מענטשן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפענער אויפשטאַנד קעגן דעם גרויזאַמען מלך. זעקס יאָר האָט געדויערט דער בירגער־קריג. בּרידער האָבן געקעמפט קעגן בּרידער, אָפט מיט דער הילף פון געדונגענע פרעמדע זעלנער. צום סוף פון זײַן לעבן האָט דער מלך חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך צוקריגט מיט זײַן פאָלק, און האָט פאַרן טויט אַן עצה געגעבן זײַן ווײַב, זי זאָל שלום מאַכן מיט די פּרושים, וואָרעם פאַר זיי שטייט דאָס רוב פאָלק.

די קיניגין, שלומית־אלכּסנדרה, האָט טאַקע אַזוי געטאָן. זי האָט געמאַכט פאַר אַ פאָרזיצער אין דעם סנהדרין איר בּרודער, שמעון בן שטח, וואָס איז געווען פירער פון די פּרושים. דער נײַער סנהדרין האָט ווידער אויפגעשטעלט די געזעצן, וואָס דער פריערדיקער צדוקישער סנהדרין האָט אָפּגעשאַפט. אויף דער זײַט פון די פּרושים איז געווען דער עלטערער זון פון דער מלכּה, הורקנוס, וואָס האָט באַקומען דעם טיטול כּוהן גדול. אָבער דעם אינגערן, אריסטאָבול, אַ מיליטערישן פירער, האָט געצויגן צו די צדוקים, וואָס זײַנען געווען שטאַרק אין דער אַרמײ. ווען די אַלטע קיניגין איז שוין געווען נאָענט צום טויט און דער קיניג־טיטל האָט געזאָלט אַריבּערגיין צו הורקנוסן, האָט אַריסטאָבול צוגעגרייט אַ מיליטערישן בונט, כּדי זיך אַליין אויס־רופן פאַר אַ קיניג און הערשן מיט דער הילף פון די צדוקים. ווען די קיניגין איז געשטאָרבן, איז דער בּרידער־קריג געווען אין רעכטן ברען.

הורקנוס האָט געהאַט אַ שוואַכן כאַראַקטער און האָט ניט געטויגט צו פירן אַ מלוכה, זײַן בּרודער אָבער איז געווען צו קריגעריש און האָט געקענט אָנמאַכן די זעלביקע צרות, ווי זײַן פאָטער אַלכּסנדר־ינאַי. נאָך דער ערשטער מלחמה צווישן די אַרמייען פון די צוויי בּרידער,

האָט אַריסטאָבול געזיגט, און הורקנוס האָט אים געמוזט אָפּגעבן זיין מֶלך־טיטול. אינגעכן אָבער האָבן הורקנוסן זיינע פריינד איינגערעדט, ער זאָל אַנטלויפן צום אַראַבישן קיניג אַרעט און מיט זיין הילף אָפּ־נעמען די מאַכט ביים איינגענעם ברודער. די אַראַבער צוזאַמען מיט הורקנוסעס לייט האָבן זיך אַריינגעריסן אין ירושָלים און באַלאַגערט דעם הַר־הַבַּיִת (טעמפּל־באַרג), וואו עס האָבן זיך אַרום בֵּית־הַמִקדש באַפעסטיקט אַריסטאָבול מיט זיינע אָנהענגער. דאָס איז געווען פּסַח־צייט. די באַלאַגערטע האָבן ניט געהאַט גענוג שעפּסן אויף יום־טובדיקע קָרבָּנות אין בֵּית־הַמִקדש, האָבן זיי דאָס געמוזט קויפן ביי זייערע פיינד. יעדן טאָג פלעגן זיי אַראָפּלאָזן אויף קייטן פון דעם הויכן פעסטונג־מויער אַ קאָרב מיט גאָלדענע מַטבְּעות און די באַ־לאַגערער האָבן זיי צוריקגעשיקט שעפּסן; איינמאָל האָבן די אַראַבער צוריקגעשיקט אַנשטאָט אַ שעפּס אַ חַזיר, וואָס איז געווען אַן אומריינע חַיָה פאַר אידן; די באַלאַגערטע האָבן זיך באַליידיקט, און די מלחמה האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט. אין הורקנוסעס לאַגער איז געווען אַ פרומער מאַן מיטן נאָמען חוניו; מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ היי־ליקן און געגלויבט, אַז זיינע תּפילות וועלן אָנגענומען אין הימל. הורקנוס לייט האָבן פון אים געפאָדערט, ער זאָל אויסבעטן ביי גאָט אַ מַפָּלה אויף אַריסטאָבולס לייט. דער גוטער מאַן האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און אויסגערופן: „אָ, גאָט, אי די באַלאַגערטע אי די באַלאַגערער זיינען דיינע קינדער, בעט איך דיך, דו זאָלסט ניט טאָן דאָס, וואָס זיי ווינשן איינע די אַנדערע!“ די סאָלדאַטן האָבן אים פאַר־וואָרפן מיט שטיינער.

צו יענער צייט האָט אַ גרויסע געשעעניש געענדערט די גאַנצע לאַגע אין אַזיע: דער פירער פון דער מעכטיקער רוימישער אַרמיי, פּאָמפּיי, האָט איינגענומען סיריע און די גאַנצע סעלעווקידישע מלוכה. נאָך די פּערסן און די גריכן האָבן איצט די ר ו י מ ע ר איינגענומען די וועלט. דאָס קליין פאָלק פון איטאַליע האָט אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן זיין הערשאַפט אין מערב־אייראָפּע פון איין זייט און אין אַזיע־אַפריקע פון דער אַנדערער. באַקומען סיריע, האָט פּאָמפּיי זיך אָפּגעשטעלט מיט זיין אַרמיי אין דער סירישער שטאָט דַמֶשק, אויפן גרעניץ פון פּאַ־לעסטינע, און האָט זיך געגרייט צו פאַרנעמען אויך דאָס לאַנד יהודה.

אַהער זיינען געקומען צו פּאָמפּייען ביידע חשמונאים־ברידער, הורקנוס און אַריסטאָבול, און געבעטן, ער זאָל אַנטשיידן, ווער פון זיי האָט רעכט אויף דעם קיניגס־טיטול. פּאָמפּיי האָט צוגעזאָגט געבן אַ תשובה שפּעטער, און דערווייל האָט ער אַ רוק געטאָן זיין אַרמיי קיין ירושלים. ער האָט איינגענומען די פעסטונג פון הר הבית אין דעם הייליקן טאָג פון יום־כפור, ווען דאָס פאָלק האָט זיך פאַרזאַמלט אין בית־המקדש און די כוהנים זיינען געשטאַנען ביי דער „עבודה". רוימישע סאָלדאַטן האָבן געהרגעט עטלעכע כוהנים און יענע אַריסטאָבולס לייט, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן. פּאָמפּיי האָט אויסגערופן, אַז פון איצט אָן איז דאָס לאַנד יהודה אונטערטעניק דער רוימישער רעפּובליק; דעם שטילן הורקנוסן האָט ער געלאָזט דעם טיטול פון אַ כוהן גדול און „עטנאַרך" (פאָלקס־פירער), אָבער ניט דעם טיטול „מלך"; דעם שטור־רעמדיקן אַריסטאָבולן, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן גרייטן זיך צו אַן אויפשטאַנד קעגן רוים, האָט ער אַוועקגעפירט קיין רוים אַלס אַ גע־פאַנגענעם מיט זיין פאַמיליע.

אויף אַזאַ אופן איז געפאַלן די פרייע חשמונאישע מלוכה, וואָס האָט זיך געהאַלטן קוים אַכציק יאָר. דאָס איז געווען מיט צוויי טויזנט יאָר פאַר אונזער צייט (אין יאָר 63 פאַר דער קריסטלעכער צייט).

---

## 18. יהודה אונטער רוימישער השגחה; דער קיניג הורדוס

דאָס לאַנד יהודה איז ווידער געוואָרן אָפּהענגיק פון אַ פרעמדער מאַכט. הורקנוס האָט געמוזט טאָן דאָס, וואָס רוים האָט געוואָלט. ער אַליין האָט ניט געקענט פירן אַלע פּאָליטישע ענינים אין אַזאַ שווערער צייט, האָט אים דערין שטענדיק געהאָלפן זיין פאַרוואַלטער אַ נ ט י פּ אַ ט ע ר, וואָס האָט געשטאַמט פון די האַלב־אידישע אדומים. אַנטיפּאַטערן זיינען ניט געווען טייער די אינטערעסן פון אידישן פאָלק, אים האָט מער געלוינט צו טאָן דעם רצון פון די אויבערהערשער, די רוימער, און ער האָט אין נאָמען פון הורקנוסן אָפּגעטאָן אַזוינע זאַכן, וואָס זיינען געווען שעדלעך פאַר זיין אייגענעם לאַנד. ביז וואַנען פּאָמפּיי איז געווען דער הערשער איז אַזוי, איז אַנטיפּאַטער אים געווען אַ געטרייער דינער, און ווי נאָר דער אַנדערער פירער פון דער רוימישער אַרמיי, י ו ל י ו ס צ ע ז אַ ר, האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, האָט

אים דער אידישער פאַרוואַלטער געהאָלפֿן מיט חיל אין זיינע מלחמות. דערפֿאַר האָט אים צעזאַר געמאַכט פֿאַר אַן „אַפּוטראָפּוס“ פֿון יהודה, ד. ה. אַ משגיח אויף דער פאַרוואַלטונג און אויף הורקנוסן אַליין.

אַנטיפּאַטער האָט אָפּגעגעבן די פאַרוואַלטונג אין דער צפֿונדיקער העלפֿט פֿון יהודה, וואָס האָט געהייסן גָליל (גאַליליייע), זיין זון הורדוסן, אַ שטאַרקן און ענערגישן יונגענמאַן, וואָס איז געווען מער פֿאַרבונדן מיט די רוימער און גריכן, ווי מיט די אידן. אין גָליל האָבן זיך נאָך געפֿונען קרייזלעך פֿון אידישע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן געוואָלט באַפֿרייען דאָס לאַנד פֿון דער פרעמדער הערשאַפֿט. האָט הורדוס גע־כאַפּט זייער פֿירער חיזקיה און זיינע פֿריינד און האָט זיי געהייסן טויטן. דער סנהדרין האָט אים גערופֿן און געפֿרעגט: ווי האָסטו דאָס געטאָן אָן אַן אורטייל פֿון געריכט? הורדוס איז געשטאַנען, אַרומגערינגלט מיט זיין מיליטערישער וואַך, און האָט געשוויגן. דער סנהדרין האָט מורא געהאַט אים צו פֿאַרמשפּטן. נאָר איינער פֿון די פּרושים, שמעיה, האָט זיך אויפֿגעהויבן און געזאָגט: „איר האָט איצט מורא פֿאַר הורדוסן, אָבער עס וועט קומען אַ טאָג, ווען ער וועט אייך אַלעמען פֿאַרמשפּטן צום טויט“. די דאָזיקע נבואה איז שפּעטער מקוים געוואָרן.

הורדוס האָט תּמיד געשטרעבט צו מאַכט. ווערן אַ מלך אין יהודה מיט דער הילף פֿון די רוימער — דאָס איז געווען זיין טרוים. ער האָט אָבער געהאַט אַ געגנער: דער חשמונאישער פּרינץ אַנטיגאָן, אַ זון פֿון דעם געפֿאַנגענעם אַריסטאָבולן, וואָס איז געשטאָרבן אין רוים, האָט געוואָלט באַקומען דעם מלך־טיטול קעגן די רוימער, דורך קאַמף מיט די פרעמדע הערשער. אים איז טאַקע געלונגען, מיט דער הילף פֿון אידישע רעוואָלוציאָנערן און געדונגענע פּערסישע סאָלדאַטן, פֿאַר־טרייבן פֿון ירושלים הורדוסן מיט זיינע לייט, און אויף פֿיר יאָר ווערן אַ קיניג. הורדוס אָבער איז צוריקגעקומען מיט אַ גרויסן רוימישן חיל און האָט איינגענומען די הויפּט־שטאָט. די רוימער האָבן אַנטיגאָנען אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ און אויסגערופֿן הורדוסן פֿאַר אַ קיניג אין יהודה. געקומען צו דער מאַכט, האָט הורדוס אָנגעהויבן פֿאַרפֿאָלגן אַלע אָנ־הענגער פֿון דער חשמונאים־פּאַרטיי און פֿונאַנדערגעלאָזט דעם סנהדרין.

צו יענער צייט האָבן זיך אין רוים אָפּט געביטן די הערשער. פֿאַרשיידענע קריגפֿירער האָבן איינער ביי דעם אַנדערן אָפּגענומען

די מאַכט. יוּליוּס צעזאַרן האָבן זיינע געגנער דערהרגעט אין רוים. אינגעכען איז פוּן דער רוימישער רעפּוּבליק געוואָרן אַ מאָנאַרכיע. אָקטאַוויאַן אַווגוּסט איז געוואָרן דער ערשטער רוימישער „קיסר" (צעזאַר) אָדער אימפּעראַטאָר, אַ הערשער פוּן צענדליקער לענדער אין אַלע טיילן פוּן דער וועלט: אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע. הוּרדוס האָט זיך געמוּזט צוּפּאַסן צוּ יעדן רוימישן הערשער, חנפענען אים, אוּנטערקויפן מיט געלט אָדער מיליטערישער הילף, כּדי דער הער-שער זאָל אים האַלטן אויפן יהוּדהשן טראָן קעגן דעם ווילן פוּן פאָלק.

הוּרדוס איז געווען ניט באַליבט אין זיין אייגענער פאַמיליע. כּדי צוּ מאַכן אַן אָנשטעל, אַז ער איז דער געזעצלעכער יורש פוּן די חשמונאים, האָט ער חתוּנה געהאַט מיט דער שיינער מִרְיָם, אַן אייניקל פוּן גע-וועזענעם מלך הוּרקנוס. די גאַנצע פאַמיליע אירע האָט ער געהאַלטן אין זיין קיניגלעכן פּאַלאַץ: איר זיידן, דעם אַלטן הוּרקנוס, איר מוּטער אַלכּסנדרה און איר אינגערן בּרוּדער אַריסטאָבּוּל III. הוּרדוס האָט דאָס געטאָן ניט פוּן ליבשאַפט צוּ זיינע חשמונאישע קרובים, נאָר כּדי צוּ האַלטן זיי אוּנטערן אויג, זיי זאָלן זיך שטילערהייט ניט צוּנויפרעדן מיט די אידישע פּאַטריאָטן וועגן אַ נייעם אויפשטאַנד. זיין שוואָגער אַריסטאָבּוּלן, אַן איידעלן זיבּצעניאָריקן אינגל, האָט הוּרדוס באַשטימט פאַר אַ כּוהן גדול, כּדי צוּפרידנשטעלן די פאַמיליע; אָבער אַז ער האָט דערזעען, ווי דאָס פאָלק פאַרגעטערט דעם שיינעם פּרינץ בּשעת זיין אַרויסטרעטן אין בּית-המִקדש, איז ער געוואָרן אוּמרוּאיק. איינמאָל, אין יום-טוב סוּכּות, האָט דער מלך פאַרזאַמלט פיל געסט אויף אַ מאָל-צייט אין יריחו; עס איז געווען אַ הייסער טאָג, און אַריסטאָבּוּל מיט זיינע חברים פוּן דער יוּגנט זיינען געגאַנגען באָדן זיך אין טייך; בּשעתן שווימען האָבן אַ פּאָר חברים צוּגעהאַלטן אַריסטאָבּוּלן אַביסל אוּנטערן וואַסער, און ער איז דערטרוּנקען געוואָרן. עס איז אַרוים אַ קלאַנג, אַז דאָס איז געווען אַן אוּמגליקלעכער צוּפאַל, אָבער אוּמעטוּם האָט מען גערעדט, אַז שוּלדיק איז דערין הוּרדוס, וואָס האָט געוואָלט אויף אַזאַ אופן פּטוּר ווערן פוּן זיין שוואָגער, דעם באַליבטן ביים פאָלק.

פוּן יענער צייט אָן האָט הוּרדוס אין זיין פאַמיליע קיין רוּ ניט געהאַט. די שוויגער אַלכּסנדרה האָט אים שוין לאַנג פיינט געהאַט און האָט זיך געקלאָגט אויף אים אין רוים. די קיניגין מִרְיָם האָט אויך

נאָכן טויט פון איר ברודער באַקומען צום מאַן אַ שינאָה, וואָס איז געוואָרן באַזונדערס שטאַרק שפּעטער, ווען זי האָט זיך דערוואוסט וועגן זיינעם אַ מערדערישן פּלאַן. צוויי מאָל האָט מען הורדוסן אַרויסגערופן צו די רוימישע הערשער, ער זאָל זיך פאַרענטפערן פאַר זיינע מעשים אין דער היים, און ביידע מאָל האָט ער פאַרן אַוועקפאָרן פון ירושלים בסוד געהייסן זיין פּאַלאַץ־אויפזעער האַלטן מרים און איר מוטער פאַרשפאַרט אין פּאַלאַץ און טויטן זיי, אויב מיט אים וועט פּאַסירן אַן אומגליק. ער איז ביידע מאָל געקומען צוריק בשלום, אָבער די פרויען האָבן זיך דערוואוסט וועגן זיין מערדערישן פּלאַן און האָבן אים נאָך מער פיינט געקראָגן.

שינאָה פון איין זייט און מורא פון דער אַנדערער האָבן פאַרוואַנדלט דעם קיניגלעכן פּאַלאַץ אין אַ גיהינום. הורדוס האָט געציטערט, טאָמער וועט ווער עס איז פון די איבערגעבליבענע חשמונאים אָפּנעמען ביי אים דעם טראָן, האָט ער געהייסן טויטן דעם אַכציקיעריקן זקן הורקנוסן, וואָס האָט געוואָלט אַרויסרייסן זיך פון דעם פאַמיליע־גיהינום און אַנטלויפן מיט דער הילף פון זיינע פריינד. נאָכדעם האָט הורדוס באַשולדיקט די קיניגין מרים אַליין, אַז זי האָט געוואָלט צוטראָגן אים סם דורך אַ דינער, און נאָך אין אַזעלכע חטאים. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט זי פאַרמשפּט צום טויט, און מרים האָט געמוזט אַוועקלייגן דעם קאָפּ אונטער דער האַק פון אַ תליון. אַזאַ ביטערן סוף האָט אויך געהאַט די מוטער אַלכסנדרה, וואָס האָט ביז צולעצט געזוכט מיטלען נקמה צו נעמען פון דעם מערדער פון איר משפּחה.

דאָס פאָלק האָט מיט ביטערע קללות געשאָלטן הורדוסן, דעם „אדומישן קנעכט" און „האַלבן אידן", ווי מען האָט אים גערופן. הורדוס האָט געוואָלט צוציען צו זיך דאָס פאָלק דורך דעם, וואָס ער האָט געהייסן איבערבויען דעם בית־המקדש אין ירושלים און געמאַכט פון אים אַ פּרעכטיקן טעמפּל, אַזוי ווי ס'איז געווען דער ערשטער בית־המקדש פון שלומה המלך; אָבער אויף די טויערן פון דעם בנין האָט געשיינט אַ גרויסער גאָלדענער אָדלער, אַלס אַ הערב פון דער רוימישער אימפּעריע, און דאָס האָט באַליידיקט דעם אידישן נאַציאָנאַלן געפיל. אויסער דעם זיינען פרומע לייט געווען אין כעס אויף הורדוסן, פאַרוואָס ער האָט געבויט אין דער הייליקער שטאָט

טעאַטערס און צירקן, וואו מען האָט זיך פֿאַרנומען מיט ספּאָרט אויפֿן גריכישן שטייגער. הורדוס האָט אויך אויסגעבויט נייע שטעט און האָט זיי געגעבן נעמען לכּבֿוד דעם רוימישן קיסר. אַזוי איז איבערגעבויט געוואָרן אויפֿן ברעג יַם די שטאָט קיסריָה, וועלכע איז געווען באַזעצט מיט גריכן און רוימער; דער אַלטער שטאָט שומרון האָט מען אַ נאָמען געגעבן „סעבאַסטע" (טיטול פֿון קיסר אַווגוסט, וואָס האָט געהייסן אויף גריכיש: דער הייליקער).

הורדוס האָט געהאַט קינדער פֿון עטלעכע ווייבער, נאָר פֿאַר זיינע יורשים האָט ער געהאַלטן די צוויי זין פֿון מרימען, אַלכּסנדר און אַריסטאָבול. די יונגע פּרינצן האָבן זיך געהאָדעוועט אין רוים ביים קיסרס הויף, און דאָך האָבן זיי ניט פֿאַרגעסן, אַז זיי זיינען קינדער פֿון אַ חשמונאישער מַלכּה, וואָס איז אומגעקומען פֿאַר איר איבערגעגעבנקייט דער נאַציאָנאַלער דינאַסטיע. הורדוס האָט באַמערקט, אַז די ביידע זין האָבן אים ניט ליב; זיין זון פֿון אַן אַנדער פֿרוי, אַנטיפּאַטער, וואָס האָט מקַנא געווען די פּריווילעגירטע פּרינצן, האָט אָנגערעדט ביים פֿאָטער, אַז אַלכּסנדר און אַריסטאָבול טראַכטן אים צו טויטן, כּדי נקָמה צו נעמען פֿאַרן טויט פֿון דער מוטער. דער אָנגעשראָקענער הורדוס האָט איבערגעגעבן ביידע זין צום געריכט, און מען האָט זיי פֿאַרמִשפּט צום טויט. אַנטיפּאַטער איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר אַ יורש פֿון טראָן. אָבער באַלד האָט הורדוס זיך דערוואוסט, אַז דער דאָזיקער יורש האָט אויך געוואָלט וואָס גיכער פּטור ווערן פֿון אים; אַזוי איז אַנטיפּאַטער אויך געפֿאַלן. מען דערציילט, אַז ווען דער קיסר אַווגוסט האָט דערהערט וועגן דעם טויט פֿון דריטן הורדוסעס זון, האָט ער אויסגערופֿן: „אין הויז פֿון דעם אידישן קיניג איז בעסער צו זיין אַ חזיר איידער אַ זון" (ווייל זיינע זין האָט ער געבראַכט פֿאַר אַ קָרבן און אַ חזיר טאָר ביי אידן קיין קרבן ניט זיין).

הורדוס איז געשטאָרבן נאָכדעם ווי ער האָט געקיניגט דריי און דרייסיק יאָר. פֿאַרן טויט האָט ער צעטיילט די מלוכה צווישן זיינע איבערגעבליבענע דריי זין, אָבער די יורשים האָבן געמוזט פֿאָרן קיין רוים צו באַקומען אַ צושטימונג פֿון קיסר אַווגוסט. דער קיסר האָט תּחילת מַסכּים געווען, אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז אין יהודָה הערן ניט אויף אויפֿשטאַנדן און מהומות, האָט ער באַשלאָסן איבער־

געבן די פאַרוואַלטונג אין די הענט פון רוימישע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך גערופן „פּראָקוראַטאָרס". אַזוי איז דאָס לאַנד יהודה געוואָרן אַ פּראָווינץ פון דער רוימישער אימפּעריע.

---

## 19. די פּראָקוראַטאָרס, דער נאַציאָנאַלער קריג און דער צווייטער חורבן

אין דער שטאָט קיסריה, ניט ווייט פון ירושלים, איז געזעסן אַ רוימישער פּראָקוראַטאָר, אָדער גובערנאַטאָר, און אַרום אים האָבן געלאַגערט גאַנצע מַחנוֹת רוימישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געזאָלט אָפּהיטן די אָרדענונג אין יהודה. אין די טעג פון גרויסע ימים טובים, ווי פּסח און סוכּות, ווען ירושלים איז געווען פול מיט „עוֹלֵי־רגל" (טעמפּל־באַזוכער) פון גאַנצן לאַנד, פלעגט דער פּראָקוראַטאָר מיט זיינע סאָלדאַטן קומען אַהער, כּדי ניט דערלאָזן אַן אויפשטאַנד פון פאָלק קעגן דער פרעמדער הערשאַפט. די רוימער פלעגן זיך צוקוקן צום אידישן לעבן און צו די רעליגיעזע מִנהָגים, וואָס זיינען זיי געווען אַזוי פרעמד און אומפאַרשטענדלעך, למשל ווי מענטשן בעטן צו אַ גאָט, וואָס מען זעט אים ניט, אין אַ טעמפּל אָן בילדער, מיט וועלכע די גריכישע און רוימישע טעמפּלען זיינען געווען פול. פיינדלעך האָבן געקוקט אידישע אויגן אויף די ניט געבעטענע פרעמדע געסט. דאָס פאָלק האָט שוין געפילט דעם ביטערן טעם פון פרעמד־הערשאַפט: מען האָט געמאָנט ביי אים שווערע שטייערן פאַרן רוימישן קיסר און פאַר זיינע פאַרוואַלטער אין יהודה; מען האָט געריסן די הויט פון אָרימעלייט. דאָס האָט שוין באַמערקט דער קיסר טיבעריוס, דער נאָכפאָלגער פון אַווגוסט, און האָט אָנגעזאָגט איינעם אַ פּראָקוראַטאָר, ווען ער האָט אים געשיקט קיין יהודה: „אַ גוטער פּאַסטוך נעמט אַראָפּ די וואָל, אָבער ניט די הויט ביי זיינע שעפסן". עס זיינען אָבער געווען אויך אַזעלכע פּראָקוראַטאָרס, וואָס האָבן גערייצט דאָס פאָלק און באַליידיקט זיין רעליגיעזן געפיל. אַזוי האָט דער בייזער פּילאַטוס געהייסן זיינע סאָלדאַטן טראָגן איבער די גאַסן פון ירושלים רוימישע פאָנען מיט דעם קיסרס בילד, וואָס מען האָט ניט געטאָרט אין דער הייליקער אידישער

שטאָט, ווייל אין רוים האָט מען דעם קיסרס בילד פאַרערט אַלס אַן אָפּגאָט און אין ירושלים איז געצנדינסט געווען שטרענג פאַרבאָטן.

איינמאָל האָט זיך אַ רוימישער קיסר, דער משוגענער קאַי קאַליגולאַ, דערוועגט צו פאָדערן, אַז מען זאָל זיין בילד אַריינשטעלן אין בית־המקדש. קאַליגולאַ האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ געטלעכער פּערזאָן און געהייסן מען זאָל זיך בוקן צו זיין בילד אין אַלע טעמפּלען פון דער אימפּעריע. אומעטום איז מען געשטאַנען אויף די קני פאַר דעם קיסרס סטאַטויעס, אָבער אידן האָבן דאָס ניט געטאָן, ווייל זייער אמונה לאָזט ניט צו קיין בילדער־קולט. דאַן האָט קאַליגולאַ געשיקט אַ באַפעל צו זיין אַרמיי־קאָמאַנדיר אין סיריע, ער זאָל אַריינשטעלן אין בית־המקדש פון ירושלים דעם קיסרס סטאַטויע און צווינגען אידן בוקן זיך צו איר. דאָ האָבן זיך אויפגעהויבן אידישע מאַסן און האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן דאָס ניט דערלאָזן: „דו וועסט ביי אונז דעם קיסרס באַפעל ניט אויספירן, סיידן דו וועסט אַלעמען אויסקוילען" — האָבן געשריען די אידן צום קאָמאַנדיר. ער האָט געשריבן קיין רוים, אַז ס'איז אוממעגלעך אויספירן דעם קיסרס פאָדערונג אָן אַ שרעקלעכער בלוט־פאַרגיסונג. צום גליק איז אינגעכן אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז דער משוגענער קאַליגולאַ איז געשטאָרבן: אָפיצערן פון זיין אייגענער אַרמיי האָבן אים געהרגעט.

אויף אַ קורצער צייט האָט זיך אין יהודה אויפגעשטעלט עפּעס אַזוי ווי אַן אייגענע מלוכה. אַן אייניקל הורדוסעס, מיטן נאָמען אַגריפּאַ, האָט זיך געהאָדעוועט אין רוים און האָט געהאַט פיל פריינד אין קיסרס הויף; אפילו קאַליגולאַ אַליין האָט אים געשטיצט און האָט אים באַשטימט פאַר אַ פאַרוואַלטער פון גליל. קאַליגולאַס יורש, דער קיסר קלאַוודיוס, האָט אָפּגעגעבן אַגריפּאַן אויך די פאַר־וואַלטונג פון יהודה מיט דעם טיטול „מֶלֶך". אַזוי אַרום איז אַגריפּאַ געוואָרן כמעט אַ זעלבשטענדיקער הערשער, אַזוי ווי אַמאָל זיין זיידע הורדוס. ער איז אָבער ניט געגאַנגען אין דעם זיידנס דרכים; פאַרקערט, ער האָט געוואָלט דערנעענטערן זיך צום פאָלק און זיין אַן אֶמתער אידישער מלך, ניט אַ רוימישער אָנגעשטעלטער. ער האָט זיך באַפריינדעט מיט די דעמאָקראַטישע פּרושים, פלעגט אָפט קומען צום גאָטס־דינסט אין בית־המקדש. אום שבועות פלעגט ער אַליין טראָגן

אין בית-המקדש זיין קאָרבּ מיט פרישע פרוכטן (לויט דעם מִנהָג פוּן ביכּוּרים) גלייך מיט פּראָסטע דאָרפסלייט. איינמאָל האָט אַגריפּאַ געלייענט פאַרן עולם אַ קאַפּיטל פוּן דער תּורה. ווען ער איז צוּגעקוּמען צוּ דעם פּסוק אין דבָרים (קאַפּ. 17): „פוּן דיינע בּרידער זאָלסטוּ אויפשטעלן אויף זיך אַ קיניג, ניט פוּן פרעמדע“ — האָט ער זיך צעוויינט: ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער אַליין שטאַמט ניט פוּן ריינע יהוּדים, נאָר פוּן געמישטע אֶדוֹמים. דער עולם האָט אים צוּגערוּפן: „ניט האָבּ קיין צַער, אַגריפּאַ! דוּ בּיסט אוּנזער בּרוּדער!“ אַגריפּאַ האָט דאָך טאַקע געהאַט אין זיך חַשמוֹנאיש בּלוּט: ער איז געווען דער זוּן פוּן אַריסטאָבּוּלן און דער איניקל פוּן דער קיניגין מִריָם, וואָס בּיידן האָט הוּרדוֹס געשיקט אויפן עשאַפאָט. ווי די ערשטע חַשמוֹנאים האָט אַגריפּאַ געזאָרגט וועגן פאַרזיכערן ירוּשלים קעגן פיינדלעכע אָנפאַלן. ער האָט אָנגעהויבּן בּויען אַ נייע פעסטוּנג אַרוּם דער שטאָט, אָבּער ער האָט געמוּזט די אַרבּעט אָפּשטעלן, ווייל אין רוים האָט מען געמיינט, אַז אַגריפּאַ גרייט צוּ אַן אויפשטאַנד, כּדי צוּ בּאַפרייען זיין לאַנד פוּן רוימישער הערשאַפט.

נאָר פיר יאָר האָט געדויערט אַגריפּאַס מלוּכה. ער איז געשטאָרבּן און האָט איבּערגעלאָזט אַ זיבּעצניאָריקן זוּן, וואָס האָט אויך געהייסן אַגריפּאַ („אַגריפּאַ דער צווייטער“). אָבּער אים האָט דער רוימישער קיסר שוין ניט איבּערגעגעבּן די פאַרוואַלטוּנג אין יהוּדה: מען האָט אין רוים מוֹרא געהאַט פאַר אַ אידישן מלך, ער זאָל ניט אָנהויבּן בּוּנטעווען דאָס פאָלק קעגן דעם קיסר. ערשט שפּעטער האָט מען אין רוים אים געשיינקט נאָר דעם טיטוּל „מלך“, אָבּער ניט די רעכט פוּן אַ פאַרוואַלטער. די פאַרוואַלטוּנג איז ווידער אַריבּערגעגאַנגען צוּ אַ פּראָקוּראַטאָר, וואָס דער קיסר האָט געשיקט פוּן רוים.

די נייע פּראָקוּראַטאָרס, וואָס האָבּן זיך אָפט געבּיטן אויף זייער שטעלע, זיינען געווען נאָך ערגער ווי די אַלטע. די דאָזיקע בּאַאַמטע, גריכן אָדער רוימער, האָבּן זיך שלעכט בּאַצויגן צוּ אידן. אין זייער רעזידענץ קיסריָה האָבּן זיי דערלאָזט, אַז די גריכישע בּאַפעלקערוּנג זאָל בּאַליידיקן אידישע איינוואוינער. מען האָט זיך געקלאָגט אויף זיי אין רוים, אָבּער דער בּייזער קיסר נירון (נעראָן) האָט זיך ניט געוואָלט איינשטעלן פאַר אידן. אין פאָלק האָט זיך פאַרשטאַרקט די

פּאַטריאָטישע באַוועגונג פון די „זעלאָטן“ אָדער „קַנאים“, וואָס האָבן געוואָלט אַראָפּוואַרפן דעם פרעמדן יאָך. די געדולד האָט ענדלעך געפּלאַצט בײם פאָלק, ווען נירון האָט געשיקט קיין יהודה אַ נײעם פּראָקוראַטאָר, מיטן נאָמען פלאָרוס, „וואָס איז געקומען ווי אַ תּליון צו באַשטראָפן פאַרברעכער“. פאַר אים איז די אומצופרידנקייט פון אידישן פאָלק שוין געווען אַ פאַרברעך. ער האָט אָנגערײצט גריכן אויף אידן, געפאָדערט גאָלד פון די אוצרות פון בית־המקדש, און אַז מען האָט אים אָפּגעזאָגט, האָט ער געהײסן זײנע סאָלדאַטן צעראַבעווען אידישע הײזער אין ירושלים. די באַפעלקערונג אָבער האָט זיך געוואָרפן אויף די רויבער און האָט זײ אַרויסגעטריבן פון שטאָט. עס האָט אויסגעבראָכן אַן אָפענער אויפשטאַנד. די זעלאָטן האָבן גערופן דאָס פאָלק צו אַ קאַמף אויף לעבן און טויט מיט דער פרעמדער הערשאַפט. און אַז דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוימישער אַרמײ האָט צוגעפירט זײנע לעגיאָנען קיין ירושלים, האָט זיך דאָס באַגײסטערטע פאָלק געוואָרפן אויף זײ מיט אַזאַ אימפּעט, אַז זײ האָבן געמוזט אַנטלויפן: אידישע העלדן האָבן זײ נאָכגעיאָגט און צעשלאָגן.

אין ירושלים האָט מען פאַרשטאַנען, אַז נאָך אַזאַ אויפשטאַנד איז שוין ניט אויסצומײדן אַ שווערע מלחמה מיט דער מעכטיקער רוימישער אימפּעריע. צו דער מלחמה האָט מען זיך געגרײט. דער סַנהֶדרין האָט געשאַפן אַ צײטווײליקע רעגירונג, וואָס האָט געהײסן בויען נײע פעסטונגען אַרום ירושלים און אַנדערע שטעט, אָרגאַניזירן אַ פרײוויליקע אַרמײ און אָנשטעלן געניטע קריגפירער. מען האָט געוואַרט, אַז די רוימישע לעגיאָנען וועלן קומען פון דער גָליל־זײט. דעריבער האָט מען צוערשט אין גליל קאָנצענטרירט די אידישע אַרמײ. אַלס פירער איז באַשטימט געוואָרן יוסף בן מַתִּתְיָהו, אַ מענטש מיט אַ גרויסער אידישער און רוימישער בילדונג, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אונטער דעם נאָמען יוסיפוס פלאַוויוס אַלס פאַרפאַסער פון אידישער געשיכטע. פריער איז ער קײנמאָל קײן קריגפירער ניט געווען; ער האָט אַפילו פאַרשטאַנען, אַז פירן אַ קריג מיט דעם מעכטיקן רוים איז געפערלעך; אָבער ער האָט זיך אין דעם מאָמענט פון אַלגעמײנער פּאַטריאָטישער באַגײסטערונג ניט געקענט אָפּזאָגן צו דינען דעם פאָטערלאַנד.

באַלד ווי דער קיסר נירון האָט זיך דערוואוּסט וועגן דעם אויפ־שטאַנד אין יהודה, האָט ער אַהין אַוועקגעשיקט זיין בעסטן קריג־פירער וועספּאַסיאַן מיט אַ באַפעל באַשטראָפן דאָס בוּנטאַרישע פאָלק. וועספּאַסיאַן איז געקוּמען קיין גָליל מיט אַ גרויסער אַרמיי, אין וועלכער עס האָט זיך געפוּנען אויך דער פאַפירענער „מלך" אַגריפּאַ דער צווייטער, וואָס איז געווען אַ געגנער פוּן אידישן אויפשטאַנד. די אידישע באַפעלקערוּנג האָט זיך פאַרשלאָסן אין עטליכע באַפעסטיקטע שטעט (טבֵריָה, גַמלָא, יודפת) אוּן האָט זיך פאַרטיידיקט מיט דעם גרעסטן מוּט אוּן גבורה. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן: די רוימער האָבן איינגענוּמען איין שטאָט נאָך דער אַנדערער, ביז זיי האָבן באַזעצט דעם גאַנצן גָליל. יוסיפוּס אַליין האָט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פוּן וועספּאַסיאַן; ער האָט זיך איבערצייגט, אַז מ'מוּז שָלום מאַכן מיט רוים.

אין ירוּשלים האָט מען זיך געגרייט צוּם לעצטן קאַמף. דער קיסר נירון איז אין יענער צייט געשטאָרבן אוּן זיין אָרט האָט פאַרנוּמען וועספּאַסיאַן. דער פירער פוּן דער אַרמיי קעגן יהוּדה איז געוואָרן וועספּאַסיאַנס זוּן, ט י ט וּ ס. מיט אַ מוֹראדיקער אַרמיי אוּן מיט קריגס־מאַשינעס האָט ער באַלאַגערט ירוּשלים, וואָס איז געווען באַ־פעסטיקט מיט דריי דיקע ווענט פוּן אַלע זייטן. אין דער שטאָט האָבן געהערשט די פירער פוּן די זעלאָטן (קנאים), באַזוּנדערס יוֹחָנן פוּן גָליל אוּן שמעוֹן בַר־גיוֹרָא. די זעלאָטן האָבן זיך געשלאָגן ווי גיבוֹרים. זיי פלעגן אָפט אַרויסגיין פוּן שטאָט אוּן מאַכן אָנפאַלן אויפן רוימישן לאַגער. די אייזערנע מאַשינעס פוּן די רוימער האָבן אָן אויפהער געבראָכן די פעסטוּנגס־ווענט פוּן ירוּשלַים, אָבער קוים האָבן זיי דוּרכגעבראָכן איין וואַנט איז פאַר זייערע אויגן אויסגעוואַקסן אַ צווייטע אינעווייניקסטע וואַנט.

די באַלאַגערוּנג האָט געדויערט עטליכע חַדשים, אוּן דערווייל איז אויסגעגאַנגען די צוּגעגרייטע שפייז אין דער פאַרשלאָ־סענער שטאָט. הוּנגעריקע מענטשן זיינען געפאַלן אין די גאַסן. מען דערציילט, אַז די רייכסטע אוּן איידעלסטע פרויען פלעגן זוּכן אין מיסט אויף די גאַסן ברעקלעך שפייז צוּ שטילן דעם הוּנגער. די פאַר־טיידיקער פוּן ירוּשלים האָבן שוין געקעמפט מיט די לעצטע קרעפטן.

ענדלעך האָבּן זיך די רוימער אַריינגעריסן אין שטאָט און האָבּן אונ־
טערגעצונדן דעם בית־המקדש. פאַרצווייפלטע מענטשן האָבּן זיך
געוואָרפן אין פייער, אַנדערע זיינען געפאַלן פון דער שווערד פון
רוימישע סאָלדאַטן, וואָס האָבּן אויסגעהרגעט אָן אַ צאָל מענער, פרויען
און קינדער. די זעלאָטן־פירער יוחנן און שמעון האָט מען געפאַנגען
און אַוועקגעפירט קיין רוים געשמידטע אין קייטן. טויזנטער געפאַנגענע
האָט מען געפירט אויף די מערק פון גאַנץ אַזיע און פאַרקויפט פאַר
קנעכט. ירושלים איז געוואָרן אַ באַרג אַש און חורבות, יהודה איז
געוואָרן אַ קליינע פּראָווינץ אין באַשטאַנד פון דער רוימישער
אימפּעריע.

אין דער שטאָט רוים האָט מען געמאַכט אַ יום־טוב לכּבוד דעם
גרויסער ניצחון. איבּער די גאַסן זיינען געגאַנגען רוימישע לעגיאָנען
אונטער דער פירונג פון וועספּאַסיאַן, וואָס איז שוין געוואָרן קיסר,



22. טריאומף־צוג פון טיטוס

און זיינע צוויי זין טיטוס און דאָמיציאַן, הינטער זיי די אידישע גע־
פאַנגענע געשמידט אין קייטן; מען האָט געטראָגן די גערויבּטע
גאָלדענע און זילבּערנע כּלים פון בית־המקדש. פון די געפאַנגענע האָט
מען אַרויסגעפירט דעם זעלאָטישן גיבּור שמעון בּר גיורא, אַרויפ־
געוואָרפן אים אַ שטריק אויפן האַלז און אויפגעהאַנגען; דעם אַנדערן
פירער, יוחנן, האָט מען פאַרמשפּט צו אייבּיקער תּפיסה. דאָס גאַנצע
בּילד פונם „טריאומף" האָט מען אויסגעמאָלט אויף דער „טריאומ־

פאַלער אַרקע", וואָס מען האָט אויפגעבויט אין דער שטאָט רוים לכּבוד „טיטוסן דעם באַזיגער פון יהודה". מען האָט געלאָזט אויסגיסן באַזונדערע מטבעות מיט דעם בילד פון אַ וויינענדיקער פרוי און מיט דער לאַטיינישער אונטערשריפט: „יהודה באַזיגט, יהודה געפאַנגען".

מער ווי אַכצען יאָרהונדערטן זיינען אַריבער פון דער צייט פון „צווייטן חורבן" ביז אונזער צייט (טיטוס האָט איינגענומען ירושלים אין יאָר 70 נאָך קריסטוס־געבורט). דעם ערשטן חורבן פון ירושלים האָט געמאַכט בּבל, דעם צווייטן — רוים. צווישן איין חורבן און דעם אַנדערן האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אידישער „גלות", די פאַר־שפּרייטונג פונם אידישן פאָלק אין אַלע לענדער, וואָס אויף גריכיש האָט דאָס געהייסן „דיאַספּאָראַ".

---

## 20. דאָס גייסטיקע לעבן אין דער היים און אין דער פרעמד

דורך אויפשטאַנדן און מלחמות האָט דאָס אידישע פאָלק ניט געקענט שיצן זיין לאַנד קעגן פרעמדער הערשאַפט. אָבער אינם קאַמף פאַר זיין אינעווייניקסטער, גייסטיקער פרייהייט איז ער געווען שטאַרק. צווישן פרעמדע פעלקער איז ער געבליבן געטריי זיין נאַציאָנאַלער קולטור. זיינע גייסטיקע פירער האָבן אים שטענדיק דערמאָנט, אַז ניט פעסטונג־מויערן אַרום שטעט קענען פאַרזיכערן דעם קיום פון אַ פאָלק, נאָר באַפעסטיקונג פון גייסט, פון גלויבן, גוטע מידות, סאָציאַלע גערעכטיקייט. אַלץ העכער און העכער האָבן די פרושים געבויט זייער אַלטן מויער, דעם „צוים אַרום דער תורה", האָבן צו־געפאַסט די אַלטע געזעצן צום נייעם לעבן־שטייגער. די פרושים האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אין דעם סנהדרין פון ירושלים, וואו זיי פלעגן אָפט אָפּנעמען די מאַכט ביי די צדוקים. אין דער קאָלעגיע פון געלערנטע ביים סנהדרין, אין בית־המדרש, וואו מען פלעגט באַטראַכטן אַלע געזעצן אויפן גרונד פון דער הייליקער קאָנסטיטוציע, דער תורה, האָבן די פרושים געהאַט די אויבערהאַנט.

אין דער צייט פון הורדוסן איז דאָרטן געווען פאָרזיצער (נשיא) דער גרויסער לערער פון פאָלק הילל. וועגן זיין לעבן דערציילט מען, אַז געשטאַמט האָט ער פון בּבל און איז געקומען קיין ירושלים

לערנען תּורה בײַ די באַרימטע לערער. ער האָט געלערנט מיט גרויס חשק און ניט דורכגעלאָזט קײן אײן שיעור (לעקציע) אין בית־המדרש. אײנמאָל אין אַ קאַלטן װינטער־אָװנט איז הילל צוגעגאַנגען צום בית־המדרש און האָט ניט געהאַט אין קעשענע די קלײנע מטבע, װאָס יעדער תּלמיד האָט געדאַרפט באַצאָלן דעם דינער פֿאַר אַרײַנגעלאָזן װערן אין הױז; האָט ער אַרױפֿגעקלעטערט אױף דער װאַנט פֿון דרױסן, צוגעלײגט אַן אױער צום פֿענסטער און אַזױ אױסגעהערט די גאַנצע לעקציע; דאָרטן האָט מען אים געפֿונען אַ האַלב־דערפֿראָרענעם. אין אַ צײַט אַרום איז הילל געװאָרן אַזאַ געלערנטער, אַז מען האָט אים אױסגעװײלט פֿאַר אַ נשיא אין דער געזעצגעבערישער קאָלעגיע בײַם סנהדרין. דאָ האָט ער אײַנגעפֿירט װיכטיקע תּקנות, װי אױסצולײגן די געזעצן פֿון דער געשריבענער תּורה („תּורה שבכתב"), אַז מען זאָל פֿון זײ קענען אַרױסדרינגען די נױטיקע נײַע געזעצן, װאָס האָבן געהײסן "די מינדלעכע תּורה" (תּורה שבעל פּה). הילל האָט געהאַט אַ סך תּלמידים, װאָס מען האָט זײ גערופֿן „היללס הױז" (בית־הילל).

אַן אַנדער געלערנטער פֿון יענער צײַט, שמאי, האָט געגרינדעט אַ באַזונדער שולע, װאָס האָט געהײסן „בית־שמאי". צװישן בײדע שולן האָט זיך שטענדיק געפֿירט אַ שטרײַט װעגן אױסלײגן די געזעצן פֿון דער תּורה און אַרױסדרינגען פֿון זײ נײַע דינים. הילל און זײַנע תּלמידים פֿלעגן אױסלײגן יעדן געזעץ אַזױ, אַז עס זאָל זײַן ניט צו שװער אױספֿירן אים אין לעבן, בית־שמאי אָבער האָט געזוכט װאָס שװערער צו מאַכן דעם יאָך פֿון געזעץ.

הילל און שמאי זײַנען געװען פֿאַרשײדן אױך אין זײער כאַראַקטער. הילל איז געװען גוט צו מענטשן און פֿלעגט זאָגן, אַז ליבע צו מענטשן איז די גרעסטע מצװה פֿון דער תּורה. אײנמאָל איז צו אים געקומען אַ גוי און האָט אים געזאָגט: „אױב דו קענסט מיך אױסלערנען די גאַנצע אידישע תּורה אין דער צײַט װען איך שטײ אױף אײן פֿוס (דאָס הײסט אין עטלעכע װערטער), װעל איך װערן אַ איד". הילל האָט אים געענטפֿערט: „װאָס דיר איז ניט ליב זאָלסטו דעם אַנדערן ניט טאָן — אָט דאָס איז דער עיקר פֿון דער תּורה, און דאָס איבעריקע איז נאָר אַ צוגאָב דערצו". װען דער גוי איז געקומען צו שמאי מיט דעם זעלביקן פֿאָרשלאַג, האָט דער שטרענגער לערער געכאַפּט אַ שטעקן

און אים אַרויסגעטריבן. הילל פלעגט געבן זיינע תּלמידים אַזעלכע עצות: „זאָלסט ליב האָבן דעם שלום און אומעטום מאַכן שלום צווישן מענטשן", „זאָלסט ניט זאָגן אַ שלעכטע מיינונג וועגן אַ מענטשן ביז דו וועסט ניט זיין אין זיין לאַגע" (ד. ה. אפשר האָט דער מענטש אָפּגעטאָן אַ מיאוסע זאַך, ווייל ער איז געווען אין אַזאַ שווערער לאַגע, אַז אַנדערש האָט ער ניט געקענט).

צו די צוויי פּאַרטייען, אויף וועלכע די אידישע געזעלשאַפט האָט זיך געטיילט, — צדוקים און פּרושים, איז צוגעקומען נאָך אַ דריטע פּאַרטיי, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ רעליגיעזע סעקטע: די א י ס י י ם. די צדוקים פון די העכערע קלאַסן האָבן געהאַלטן, אַז דער עיקר איז אָפּהיטן די מ ל ו כ ה; די פּרושים פון די מיטעלע קלאַסן האָבן געשטעלט דאָס פ אָ ל ק העכער ווי די מלוכה, און די איסיים האָבן געזאָגט, אַז דער עיקר איז דער מ ע נ ט ש, דער יָחיד, וואָס דאַרף זאָרגן וועגן דער ריינקייט פון זיין נשמה, ערלעכקייט און גוטע מידות. די איסיים פלעגן זיך דערווייטערן פון די שטעט און האָבן געלעבט אין קליינע חֶברות אָדער קאָמונעס אין דערפער, וואָס אין דָרום־יהודה, אַרום יַם־הַמֶלַח. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט, געלעבט ווי ברידער, געטיילט צווישן זיך אויף גלייך זייער פאַרמעגן, געטראָגן ווייסע קליידער, געגעסן בלויז ברויט און גרינסן און ניט געטרונקען קיין וויין. אַלע טאָג אין דער פרי פלעגן זיי זיך באָדן אין טייך כדי צו האַלטן ריין דעם קערפּער. מען פלעגט די איסיים האַלטן פאַר הייליקע און מען פלעגט קומען צו זיי היילן זיך פון פאַרשיידענע קראַנקהייטן.

איינער פון די איסיים, י וֹ חָ נ ן (יאָהאַן) ד ע ר ט וֹ י פ ע ר, פלעגט אַרומגיין אויף די ברעגעס פון יַרדן און שרייען: „מענטשן הערט אויף צו זינדיקן, וואָרעם עס איז שוין נאָענט די מלוכה פון הימל". די וואָס זיינען געקומען צו אים פלעגט ער באָדן (טויפן) אין טייך יַרדן, כדי אָפּריייניקן זיי פון אַלע זינד; דערפאַר האָט ער געהייסן „דער טויפער". איינמאָל איז צו אים געקומען אַ יונגערמאַן פון דער שטאָט נַצרת (נאַזאַרעט) אין גָליל, מיטן נאָמען יֵשוּ אָדער ישוּע, און יוחנן האָט אים געטויפט אין ירדן. ישו האָט געגלויבט, אַז די „מלוכה פון הימל" איז שוין געקומען און אַז ער אַליין איז באַרופן אַראָפּפירן זי אויף דער

ערד, אָנזאָגן אַ נײַ װאָרט פֿון גאָט, װי מען דאַרף לעבן אויף דער װעלט. אין גָליל פֿלעגט ער אַרומגיין צװישן פּראָסטע לײַט און לערנען זײ, אַז „אונזער פֿאָטער אין הימל" װיל גאָר ניט מען זאָל אים דינען מיט צערעמאָניעס אין די טעמפּלען און מיט אָפּהיטן שטרענגע רע־ליגיעזע געזעצן; ער פֿאָדערט נאָר מענטשן זאָלן ליב האָבן אײנער דעם אַנדערן, שיצן די שװאַכע און פֿאַרלאָזן זיך נאָר אויף גאָט. יֵשוּ פֿלעגט אויך היילן קראַנקע מיט תּפֿילות צו גאָט, און דאָס האָט אים געמאַכט אַ נאָמען פֿון אַ „הייליקן". פֿון גָליל איז ער געקומען קיין ירושָלים, װען דאָרט האָט געהערשט אַ גרויסע אויפֿרעגונג קעגן דעם פּראָ־קוראַטאָר פּילאַטוס, װאָס האָט געריצט דאָס פֿאָלק מיט זײַנע רוימישע פֿאָנען און דעם קיסרס בילדער. יֵשוּ האָט שאַרף געהעדט קעגן אַלע פּאַרטייען: קעגן די פּרושים, װײַל זײ טראַכטן אויס נײַע געזעצן און רעליגיעזע צערעמאָניעס; קעגן די צדוקים, װאָס גלויבן ניט אין דער אומשטערבליכקייט פֿון דער נשָמה און אין תּחיַית המֵתים אויף יענער װעלט; קעגן די פּאַטריאָטן, װאָס קעמפֿן פֿאַר באַפֿרײַונג פֿון דער פֿרעמדער הערשאַפֿט. אַזוי איז יֵשוּ געװען קעגן אַלעמען און אַלע קעגן אים. מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האַלט זיך פֿאַר אַ „זון פֿון גאָט" (װײַל ער האָט אָפֿט געבריכט דעם אויסדרוק: „מײַן פֿאָטער אין הימל"), פֿאַר אַ „אידישן קיניג" און אַ „משיח". מען האָט אים איבערגעגעבן צום געריכט פֿון סַנהֶדרין; דאָס געריכט האָט אים פֿאַרמִשפּט װי אַ „פֿאַלשן נביא" און איבערגעגעבן אים דעם רוימישן פֿאַרװאַלטער; פּילאַטוס האָט געהייסן באַשטראָפֿן אים מיט אַ שרעק־לעכן טויט דורך קרייציקונג (ד. ה. אויפֿהענגען אויף אַ האָלץ אין פֿאָרם פֿון אַ קרייץ, צושלאָגנדיק די הענט און די פֿיס צום האָלץ).

צװישן די אָנהענגער פֿון יֵשוּ הַנוֹצרי (יֵשוּ פֿון נַצרת) האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עטלעכע טעג נאָך זײַן טויט איז ער אויפֿ־געשטאַנען פֿון קבֶר און האָט זיך אויפֿגעהויבן אויפֿן הימל. עס האָט זיך געבילדעט אַ סעקטע, װאָס האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ „משיח", פֿאַר אַ ק ר י ס ט ו ס (אַזוי הייסט דאָס װאָרט „משיח", אַ געזאַלבטער, גע־קרוינטער, אין גריכיש). די פֿירער פֿון דער סעקטע האָבן זיך גערופֿן אַ פּ אָ ס ט אָ ל ן (שליחים). דער גרעסטער פֿון זײ איז געװען דער אַפּאָסטאָל פּ אַ ו ל, װאָס האָט געשטאַמט פֿון אַ אידישער געמיינדע

אין קליין־אַזיע און האָט געערדט גריכיש. זיין אידישער נאָמען איז געווען שָׁ א וּ ל. פריער האָט ער געהערט צו די פּרושים אין ירושָׁלים און איז געווען אַ געגנער פון ישו און זיינע תּלמידים; אָבער שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן גלויבן, אַז ישו איז טאַקע גאָטס זון, וואָס דער פאָטער האָט אים אַראָפּגעשיקט פון הימל אויף דער ערד, כּדי צו שטאַרבן אין שרעקלעכע יסורים און דערמיט אויסלייזן אַלע מענטשן פון זינד און שלעכטס. ניט צו אידן אַליין האָט גאָט געשיקט ישון, נאָר צו אַלע פעלקער, כּדי אָנצוזאָגן זיי, אַז דער עיקר איז ג ל וֹ י ב ן אין גאָט און ניט אָנפילן דאָס לעבן מיט מצוות און מִנהָגים. פּאַול האָט געהאַט אין זינען די גוֹיים, גריכן און רוֹימער, וואָס וואָלטן אָנגענומען דעם גלויבן אין איין איינציקן גאָט, ניט נעמענדיק אויף זיך דעם יאָך פון מִצוות און געזעצן, ווי למשל מילה, שבת, כָּשר־שפּייזן און דאָס גלייכן. דער אידיש־גריכישער אַפּאָסטאל איז אַרומגעפאָרן אין פיל לענדער און האָט געפּרעדיקט זיין נייע תּורה פאַר אידן און גוֹיים; אומעטום האָבן זיך געגרינדעט קריסטלעכע קהילות; אַפילו אין דער שטאָט רוים אַליין איז אין דער צייט פון קיסר נירוֹן געווען אַ קריסטלעכע סעקטע, וואָס האָט געגלויבט אין י ע ז וּ ס ק ר י ס־ט וּ ס, דעם זון פון גאָט. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן די נייע אֶמוּנה, וואָס האָט שפּעטער איינגענומען די גאַנצע גריכיש־רוֹימישע וועלט. עס זיינען געווען אויך פאַרשיידענע אידישע קריסטן, אָבער דאָס אידישע פאָלק אינגאַנצן האָט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט אָננעמען אַזאַ אֶמוּנה, וואָס האָט געשאַפן אַ מענטשלעכן גאָט, אַ „גאָט־מענטש" אין דער פּערזאָן פון ישו, האָט אָפּגעוואָרפן די אַלטע תּורה און ניט געוואָלט וויסן פון אַ באַזונדער אידיש פאָלק אין דער צייט, ווען דאָס פאָלק איז געשטאַנען אין אַ העלדישן קאַמף מיט דער רוֹימישער אימפּעריע. דער אָנהויב פון קריסטנטום איז דאָך געווען אין דעם זעלביקן יאָרהונדערט, ווען די רוֹימער האָבן געהערשט אין יהודה און דערנאָך חָרוֹב געמאַכט ירושָׁלים.

צו יענער צייט איז דאָס אידישע פאָלק שוין געווען צעשפּרייט אין דער גאַנצער רוֹימישער אימפּעריע און אַפילו איבער אירע גרעניצן. עס איז שוין לאַנג אויסגעוואַקסן די גרויסע ד י אַ ס פּ אָ ר אַ, ווי מען האָט גערופן אויף גריכיש די אידישע ישובים אויסער פּאַלעסטינע.

אין דער עגיפּטישער הויפּטשטאָט אַלכּסנדריָה, אין דער סירישער אַנטיוֹכיה, אין דער קיסר־שטאָט רוים, אין פיל שטעט פון גריכנלאַנד און קליין־אַזיע זיינען געווען פרייע אידישע קהילות, וואָס האָבן זיך געפירט לויט אייגענע געזעצן און מִנהָגים, ניט צונויפמישנדיק זיך מיט דער גויישער באַפעלקערונג. די רוימישע קיסרים האָבן שטענדיק גע־שטיצט די דאָזיקע אידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג (אַווטאָנאָמיע). נאָר איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז דער משוגענער קיסר קאַליגולאַ האָט געהייסן אַריינשטעלן זיינע בילדער אין די סינאַגאָגן פון אַלכּסנדריה, דערמיט האָבן זיך באַנוצט די דאָרטיקע גריכן און האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף אידן מיט דער הילף פון דעם רוימישן פאַרוואַלטער. די פיינדשאַפט צו אידן מצד דער רוימישער מאַכט האָט זיך פאַר־שטאַרקט ערשט אין דער צייט פון דעם לעצטן אויפשטאַנד אין יהודה און דער גרויסער מלחמה אַרום ירושָלים.

אין אַלכּסנדריה האָבן אידן געוואוינט אין געדיכטע מאַסן אין באַ־זונדערע קוואַרטאַלן, נאָענט צום יַם; פיל פון זיי האָבן געפירט גרויסע האַנדלס־געשעפטן אין אַלכּסנדריער האַפן און געמאַכט קאָנקורענץ גרי־כישע סוחרים. דערפון האָט זיך גענומען די שינאָה צום אידן, כאָטש דאָ איז ער געווען ניט אַ פרעמדער: האָבן זיך דאָך גריכן און אידן באַזעצט אין אַלכּסנדריה אין איין צייט, באַלד ווי זי איז אויסגעבויט געוואָרן דורך אַלכּסנדר מוקדון און די ערשטע פּטאָלעמייער. אין בילדונג זיינען אידן געשטאַנען אויף דער זעלביקער הויך ווי די גריכן און אפשר נאָך העכער. זיי האָבן גערעדט און געשריבן גריכיש און האָבן געשאַפן אַ רייכע ליטעראַטור, דער גרויסער פילאָזאָף פ י ל אָ ן ד ע ר אַ ל כּ ס נ ד ר י ע ר איז געווען אַ הייסער איד, צוגעבונדן צו אידיש־קייט. אין זיינע ווערק האָט ער געזוכט צו פאַראייניקן די בעסטע גע־דאַנקן פון העלעניזם מיטן יודאַאיזם און באַווייזן, אַז די ביבלישע פאַר־שטעלונגען וועגן גאָט און וועלט שטימען מיט די אידייען פון די אַלטע גריכישע פילאָזאָפן, באַזונדערס פון פּלאַטאָן. נאָך דעם פּאָגראָם אין אַלכּסנדריה איז פילאָן געפאָרן מיט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים צום קיסר קאַליגולאַ צו פּראָטעסטירן קעגן דעם רוימישן פאַרוואַלטער אין עגיפּטן, וואָס האָט געהאָלפן די פּאָגראָמשטשיקעס; אָבער דער קיסר האָט די דעפּוטאַציע אויפגענומען ניט פריינדלעך, ווייל ער איז געווען אין כּעס

אויף אידן דערפאר, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אויפשטעלן זיינע ביל־
דער אין ירושלים און אַלכסנדריה. נאָכן חורבן פון ירושלים זיינען אַ
טייל זעלאָטן אַנטלאָפן קיין אַלכסנדריה און געפּרובט דאָרטן אויפ־
הויבן צווישן אידן אַן אויפשטאַנד קעגן די רוימער, אָבער די רוי־
מישע פּאָליציי האָט זיי געכאַפּט און שווער באַשטראָפט.

די ליטעראַטור פון יענע צייטן, פאַר דעם צווייטן חורבן, קען מען אָנרופן די „נאָך־ביבלישע" אָדער „שפּעט־ביבלישע", ווייל די שרייבער פלעגן מייסטנס נאָכמאַכן דער אַלטער תנ"ך־ליטעראַטור. די שפּראַך האָט זיך געביטן: מען האָט געשריבן ניט העברעאיש אליין, נאָר אויך אַראַמעאיש און גריכיש, אָבער מען האָט נאָכגעמאַכט דעם סטיל פון דער ביבל. דאָס איז געווען ווי אַ המשך צום דריטן טייל פון תנ"ך — צו די „כתובים". מען האָט געשריבן נייע „תהילים", נייע „משלי", נייע געשיכטלעכע ווערק, אויך נביאישע שריפטן אין דער פאָרם פון ספר דָניאל. די דאָזיקע ספָרים האָט מען ניט אַריינגע־נומען אין די „הייליקע ביכער" פון תנ"ך, און זיי האָבן געהייסן „ספרים גנוזים" אָדער „ספרים חיצונים", אין גריכיש „אַפּאָקריפן" (באַ־האַלטענע, זייטיקע ביכער). מען האָט זיי ניט אַזוי אָפּגעהיט ווי די הייליקע ביכער, און דעריבער זיינען אין משך פון הונדערטער יאָרן פיל פון זיי פאַרלאָרן געגאַנגען אין זייער אָריגינאַל־שפּראַך, עִברית אָדער אַראַמעאיש, און צו אונז איז דערגאַנגען בלויז די גריכישע אי־בערזעצונג. פון די ווערק, וואָס זיינען לכַתחילה געווען געשריבן גריכיש, באַזונדערס אין אַלכסנדריה, זיינען גאַנץ געבליבן נאָר ווייניקע, און דאָס אויך אָפט אין שטיקלעך, פראַגמענטן. פון די „אַפּאָקריפן" זיינען באַזונדערס וויכטיק די פאָלגנדיקע ווערק:

1) „חָכמַת בֶּן־סירָא" — קלוגע רייד און משלים פון יהושע בן סירא, וואָס האָט געלעבט אין ירושלים אין דער צייט פון דער גריכישער הערשאַפט. דאָס איז אַ נאָכמאַכונג פון ביבלישן ספר „מִשלֵי שלומה". דער מחבר זאָגט מוסר יענע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן אין דעם גריכישן לעבן־שטייגער און זיינען געוואָרן צו פריי אין זאַכן פון גלויבן און מאָראַל. ער גיט אויך קלוגע עֵצות, ווי צו פירן זיך אין דער משפָּחָה און אין דער געזעלשאַפט. דאָס בוך איז געווען ביז אַהער באַקאַנט אין דעם אַלטן גריכישן טעקסט, נאָר דאָ ניט לאַנג האָט מען

געפונען אין מִצרַיִם דעם גרעסטן טייל פון דעם ה ע ב ר ע א י ש ן אָריגינאַל, ווי ער איז געווען געשריבן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

2) די „חַשמונאים־ביכער" — צוויי היסטאָרישע ביכער וועגן די רדיפות פון אַנטיוכוס און דעם אויפשטאַנד פון די חַשמונאים. ביידע זיינען געשריבן גריכיש, זייער שיין, אין דעם נוסח (סטיל) פון די היסטאָרישע ביכער אין תנ"ך.

3) „תהילות שלומה" — נייע פּסאַלמען אין דער אַרט פונם אַלטן „תהילים", געשריבן נאָכדעם ווי פּאָמפּיי מיט זיין אַרמיי האָט איינ־גענומען ירושלים און עס האָט זיך אָנגעהויבן די רוימישע הערשאַפט.

4) „ספר חַנוֹך" — אַ מין נבואָה־בוך, וואו דער הייליקער מענטש חנוך, וואָס גאָט האָט אים גענומען אויפן הימל, דערציילט וועגן דעם, וואָס ער האָט געהערט און געזעען וועגן משיחן, וואָס וועט קומען אויסלייזן די גאַנצע וועלט און באַזונדערס דאָס אידישע פאָלק.

פון דער אידיש־גריכישער ליטעראַטור זיינען דערגאַנגען צו אונז די גרויסע ווערק פון פילאָן אַלכּסנדריער, וואָס זיינען ווי אַ מין פּי־לאָזאָפישער פּירוש צו דער תּורה: „וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט", „אַברָהָמס לעבן", „מושהס לעבן", „וועגן די עשֶׂרת הַדיבּרות" און נאָך פיל אַנדערע. צו דער אַלכּסנדריער ליטעראַטור געהערט אויך „דער בריוו פון אַריסטיי", אַ לאַנגע מגילה, וואו עס איז באַשריבן, ווי די זיבעציק זקנים זיינען געקומען פון ירושלים קיין אַלכּסנדריה און איבערגעזעצט די תּורה אין גריכיש, ווי עס האָט זיי אויפגענומען דער קיניג פּטאָלעמיי פילאַדעלף און אויסגעהערט זייערע קלוגע רייד. אין דריטן און פערטן „עֶזרָא־בוך", אין „בָּרוך־בוך", „די צוואָה פון צוועלף פּאַטריאַרכן", „סיבילישע זעאונגען" געפינען מיר נייע נביאות־רייד אין נאָמען פון אַלטע ביבלישע אָדער גריכישע העלדן.

דאָס גרעסטע ווערק וועגן אידישער ג ע ש י כ ט ע האָט אָנגע־שריבן דער אויבנדערמאָנטער קריגפירער אין גליל, י ו ס ף פ ל א ו י ו ס. נאָכדעם ווי ער איז אַריבערגעגאַנגען צו די רוימער, האָבן אים די קיסרים וועספּאַסיאַן און טיטוס געהאַלטן אין זייער פּאַלאַץ אין רוים. דאָרטן האָט ער נאָכן חורבן־ירושלים געשריבן זיינע גרויסע ווערק: „דער אידישער קריג" און „אידישע אַלטערטימער", וואָס זיינען אַ הֶמשך פון

די ביבלישע געשיכטביכער ביז דער צייט פון דעם מחבר. די דאָזיקע ביכער זיינען דערגאַנגען ביז אונזער צייט אין דער גריכישער שפּראַך און זיינען איבערגעזעצט אין אַלע גרעסערע שפּראַכן.

---

## 21. דער סַנהֶדרין אין יַבנֶה און דער אויפשטאַנד פון בַר־כוֹכבָא

ירושלים איז געוואָרן אַ שטאָט פון חורבות. אידישע איינוואוינער זיינען דאָרטן ניט געבליבן, נאָר אַ לעגיאָן רוימישע סאָלדאַטן האָט געלאַגערט אין דער פאַרוויסטעטער שטאָט, וואָס איז געוואָרן אַ בית־עולם פאַר צענדליקער טויזנט אידישע קעמפער. די ווייניקע איבער־געבליבענע פירער פון פאָלק זיינען אַוועק אין דעם נאָענטן שטעטל יַבנֶה, כדי דאָרטן האַלטן זיך אַן עצה, ווי זאָל דאָס פאָלק ווייטער לעבן אונטער אַ פרעמדער שווערער הערשאַפט. נאָך אין די טעג, ווען אַרום ירושלים האָט געברענט דער קריג, האָט זיך איינער פון די סַנהֶדרין־לייט, דער געלערנטער פון בית־הילל, רַבי יוֹחָנָן בֶן־זַכַאי, אַרויסגעריסן פון דער באַלאַגערטער שטאָט אויף אַזאַ אופן: זיינע תַלמידים האָבן אים אָנגעטאָן אין תַכריכים, ווי אַ גֶעשטאָרבענעם, און אַרויסגעטראָגן אין אַ קאַסטן הינטערן שטאָט, וואו עס איז געשטאַנען דער רוימישער לאַגער. דאָ איז יוֹחָנָן געקומען צום רוימישן הויפּט־קאָמאַנדיר טיטוסן און געזאָגט: „לאָז מיך באַזעצן זיך מיט מיינע תלמידים אין יַבנֶה און גרינדן דאָרטן אַ לערן־הויז". טיטוס האָט גערן דערפילט די בַקָשה פון דעם אידישן געלערנטן, וואָס איז געשטאַנען פאַר שָלום מיט די רוימער.

אינגעכן איז צו דער קליינער חֶברה אין יַבנֶה צוגעקומען אַ מאַסע אַנטלאָפענע פון ירושלים. עס האָט זיך געהערט אַ יאָמער: דער בֵית־המקדש איז פאַרברענט, די כוהנים געהרגעט, די גאַנצע שטאָט פאַר־וויסטעט, — וואָס זאָלן מיר איצטער טאָן? רבי יוחנן האָט געטרייסט די עלנדע: „יאָ, דער בית־המקדש איז חָרוּב און קָרבָנוֹת קענען מיר מער ניט ברענגען, אָבער גאָט איז דאָך אומעטום, און מיר קענען אים דינען מיט תפילות, פאָלגן זיין הייליקער תורה און פירן זיך ווי ער האָט געבאָטן". רבי יוחנן און זיינע פריינד האָבן געגרינדעט אין יַבנה ניט נאָר אַ „בית־הַכנֶסֶת" פאַר דאַוונען און אַ בֵית־הַמֶדרָש פאַר לערנען,

נייערט אויך אַ נייעם בּית־דין אָדער סַנהֶדרין פאַר געזעצגעבּונג און געריכט, ווייל דאָס פאָלק האָט נאָך ניט פאַרלאָרן דאָס רעכט צו לעבּן נאָך זיינע אייגענע געזעצן. גראָד האָט זיך דאָ, אין יַבנה, געפונען אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט רעכט צו פאַרנעמען דעם אָרט פון אַ „נשיא“ (פאָרזיצער) אין סַנהדרין. דאָס איז געווען גַמליאֵל, אַן אוראייניקל פון דעם גרויסן הילל, וואָס ער און זיינע קינדס־קינדער זיינען תּמיד געווען פאָרזיצער אין דער געזעצגעבּערישער קאָלעגיע פון אַלטן ירושלימער סנהדרין. גַמליאֵלס פאָטער, דער נשיא שמעון, איז דערהרגעט געוואָרן בּשעת דער מלחמה, און יוחָנן בּן זַכּאי האָט אויפ־געהאָדעוועט זיין קליינעם זון און אים צוגעגרייט צו דער הויכער שטעלע פון אַ נשיא אין דעם נייעם סַנהדרין. די רוימישע רעגירונג האָט גַמליאֵלן אָנערקענט פאַר אַ פאָרשטייער פון אידישן פאָלק מיט דעם טיטול פּאַטריאַרך, דער עלטסטער פון פאָלק.

אין דעם סַנהדרין פון יַבנה האָט זיך אָנגעהויבּן אַ לעבּעדיקע אויפבּוי־אַרבּעט. איצט איז דער סַנהדרין בּאַשטאַנען פון לויטער פּרושים, ווייל די צדוקים זיינען שוין כּמעט פאַרשוואונדן; די געלערנטע פון בּית־הִלֵל און בּית־שַמאי האָבּן אויסגעאַרבּעט נייע געזעצן, כּדי צוצופּאַסן די תּורה צו דער נייער לאַגע פון פאָלק. בּית־הילל און בּית־שמאי פלעגן זיך אָפט קריגן: יעדע גרופּע פון געלערנטע האָט אויס־געטייטשט די ווערטער פון דער תּורה אויף איר שטייגער; אָבּער דער נשיא גמליאל האָט זיי געהאַלטן אין צוים און האָט געצוואונגען די מינדערהייטן אין סנהדרין זי זאָל פאָלגן די בּאַשלוסן פון דער מערהייט, וואָס איז געווייטנלעך געווען פון בּית־הילל צד. אַזוי האָט מען גע־מאַכט אַ סֵדר אין די טאָג־טעגליכע תּפילות, וואָס זיינען איצטער געוואָרן דער עיקר אין גאָטס־דינסט, נאָכדעם ווי עס זיינען בָּטל געוואָרן די קָרבָּנות אין בּית־המקדש. מען האָט אָנגענומען אַ געזעץ צו דאַ־ווענען דריי מאָל אין טאָג: אין דער פרי (שַחרית), פאַרנאַכט (מִנחָה) און בּיינאַכט (מַעריב). די לאַנגע תּפילה „שמונה עֶשרה“ (אַכצען בּרָכות) איז דערגאַנצט געוואָרן מיט אַ תּפילה וועגן דער אויפלעבּונג פון ירושָלַיִם אין דער צוקונפטיקער אידישער מלוכה. דער סַנהדרין האָט אָנגענומען נאָך אַ סך געזעצן, וואָס זייער צוועק איז געווען איינ־צואָרדנען דאָס לעבּן אין דער מִשפָּחה און אין די קהילות.

אַזוי זיינען געלערנטע געזעצגעבער געוואָרן פירער פון פאָלק. נאָך דעם טויט פון רבי יוחנן בן זכאי איז געוואָרן באַרימט רבי עקיבאָ. וועגן זיין לעבן דערציילט מען אָט וואָס: אין דער יוגנט איז עקיבא געווען אַן אָרימער פּאַסטוך ביי אַ ירושלימער גביר און האָט זיך פאַר־ליבט אין זיין טאָכטער רָחל; דאָס יונגע מיידל האָט איינגעשטימט חתונה האָבן מיט אים, מיט איין תּנאי: ער זאָל ווערן אַ געלערנטער. דער רייכער פאָטער, וואָס אים איז ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך מיט אַ פּאַסטוך, האָט אַרויסגעטריבן די טאָכטער פון שטוב און זי האָט געלעבט מיט עקיבאן אין גרויסער נויט. עקיבא איז אומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און געלערנט תּורה ביי די בעסטע לערער. אין פיל יאָרן אַרום האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין פרוי אַלס אַ באַרימטער געלערנטער, מיט אַ גרויסער צאָל תּלמידים. רבי עקיבא האָט פאַרנומען דעם ערשטן אָרט אין דעם סנהדרין פון יבנה. מען פלעגט זאָגן וועגן אים, אַז „אויף יעדן צווייגל פון דער תּורה האָט ער אָנגעהאַנגען בערג מיט הלָכות“, דאָס הייסט מיט סבָרות און באַווייזן פאַר נייע געזעצן. דאָס האָט ער געטאָן כּדי צו פאַרשטאַרקן דעם אידישן גלויבן און דורך דעם דאָס פאָלק. אָבער ער האָט אויך געטראַכט וועגן דעם ווי אַזוי גרינגער צו מאַכן דעם יאָך פון פרעמדער הערשאַפט.

שווער איז געווען די רוימישע הערשאַפט. טיטוס, וואָס האָט חָרוב געמאַכט ירושָלַים און איז געוואָרן קיסר נאָכן טויט פון זיין פאָטער וועספּאַסיאַן, איז ניט געווען קיין גוטער פריינד פון אידישן פאָלק. אין דער צייט פון דער מלחמה האָט ער געהאַט אַ אידישע געליבטע, די שיינע בערעניקאַ, אַ שוועסטער פון דעם פּרינץ אַגריפּאַ דעם צווייטן; מען האָט גערעכנט, אַז ער וועט מיט איר חתונה האָבן און מיט דער צייט וועט זי ווערן אַ מַלכָּה פון רוים; אָבער ווען טיטוס איז געוואָרן קיסר, האָט ער בערעניקאַן דערווייטערט, ווייל די רוימער וואָלטן ניט דערלאָזט, אַז אַ קינד פון דעם פיינדלעכן פאָלק זאָל זיין ביי זיי אַ מַלכָּה. די קיסרים, וואָס זיינען געווען נאָך טיטוסן, האָבן זיך באַצויגן שלעכט צו אידן און האָבן בכלל געדריקט די פעלקער, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זייער הערשאַפט. דער קיסר דאָמיציאַן, טיטוסעס ברודער, האָט זייער געדריקט די אידישע באַפעלקערונג מיט שווערע שטייערן און אַנדערע גזירות. דער נשיא גַמליאל, רבי עקיבא

און נאָך צוויי מיטגלידער פון סנהדרין זיינען געפאָרן קיין רוים בעטן, מען זאָל אָפּשאַפן די שווערע גזירות. ווען זיי האָבן דערזעען די לע־בעדיקע, פריילעכע וועלט־שטאָט, האָבן זיי זיך דערמאָנט אין זייער אייגענער חרובער הויפּט־שטאָט ירושלים און האָבן זיך צעוויינט; נאָר עקיבא האָט זיך איינגעהאַלטן און געזאָגט: „צו וואָס זאָלן מיר וויינען? אויב גאָט טוט אַזוי פיל גוטס צו די, וואָס טוען ניט זיין ווילן, וועט ער דאָך אַוודאי שפּעטער באַפרידיקן יענע, וואָס טוען זיינע געבאָטן און ליידן צוליב דעם צרות“. אָבער צו לאַנג איז נאָך געבליבן צו וואַרטן אויף גאָטס ישועה. אין פאָלק האָבן נאָך געטליעט פונקן פון דער אַמאָליקער גרויסער שריפה, וואָס האָט געבראַכט צו דעם חורבן פון ירושלים, און אינגעכן האָבן זיך די פונקן ווידער צעפלאַקערט.

צוויי רוימישע קיסרים, טראַיאַן און אַדריאַן, וואָס האָבן געפירט מלחמות אין אַזיע און אַפריקע, האָבן צערייצט די אידן אומעטום. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן די רוימישע הערשער. די אידישע באַפעלקערונג אין די גלות־לענדער (דיאַספּאָראַ) איז אויפ־געשטאַנען קעגן טראַיאַנס סאָלדאַטן און האָט זיי אין פיל ערטער געשלאָגן; אַ ביסל שפּעטער האָבן זיך אויפגעהויבן אויך די אידן אין יהודה קעגן דעם קיסר אַדריאַן. דעם דאָזיקן קיסר איז געקומען אויפן זינען אַ ווילדער געדאַנק: אויפבויען די שטאָט ירושלים ניט פאַר אידן, נאָר פאַר גויים, בויען דאָרטן אַ גויישן טעמפּל און אַריינשטעלן אין אים די גריכיש־רוימישע אָפּגעטער: זעווס־יופּיטער און אַנדערע. דאָס האָט דעם פאָלק דערמאָנט די אַמאָליקע צייטן פון דעם רשע אַנטיאָכוס און דעם העלדישן אויפשטאַנד פון די חשמונאים. די געדולד פון פאָלק האָט געפּלאַצט. עס האָבן זיך באַוויזן נייע העלדן, וואָס האָבן אויפ־געהויבן די פאָן פון דער רעוואָלוציע מיט דעם לאָזונג: „שלאָגט די רוימער און באַפרייט דאָס אידישע פאָלק!“

דער פירער פון די רעוואָלוציאָנערן איז געווען בר־כוכבא (אַן אַראַמעאישער נאָמען, וואָס הייסט „דער זון פון אַ שטערן“). דאָס איז געווען אַ גיבור און אַ פייערדיקער פּאַטריאָט, אַזוי ווי דער אַמאָליקער זעלאָטן־פירער בר־גיורא. טויזנטער אידישע פּאַטריאָטן האָבן זיך געשטעלט אונטער זיין פאָן. זעענדיק די באַגייסטערונג פון די מאַסן, איז רבי עקיבא אויך צוגעשטאַנען צום אויפשטאַנד, און דאָ האָט זיך כמעט

דאָס גאַנצע פאָלק אַריינגעוואָרפן אין קריג קעגן די רוימער. אין פיל שטעט פון יהודה און גליל האָבן באַוואָפנטע אידישע קעמפער צושלאָגן און פאַרטריבן די רוימישע גאַרניזאָנען; עס איז גאָר נאָענט געווען דערצו, זיי זאָלן פאַרכאַפּן ירושלים. דאָ האָט אַדריאַן געשיקט קעגן זיי אַ גרויסע אַרמיי אונטער דער פירונג פון זיין בעסטן גענעראַל סעווערוס (אַסוירוס). דריי יאָר האָט געדויערט דער בלוטיקער קריג, ביז די רוימער האָבן אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד. נאָכדעם ווי טויזנטער אידישע קעמפער זיינען געפאַלן אין קריג, האָט זיך בר־כּוכבא מיט זיין אַרמיי באַפעסטיקט אין דער שטאָט בּיתּר, ניט ווייט פון ירושלים; די רוימער האָבן באַלאַגערט די פעסטונג און האָבן זיך אַהין אַריינגעריסן נאָכדעם, ווי אַ שפּיאָן האָט זיי באַוויזן אַן אונטערערדישן דורכגאַנג. בר־כּוכבא און זיינע העלדן זיינען געפאַלן. די שטאָט ביתר איז צעשטערט געוואָרן אַזוי, אַז פון איר זיינען נאָר חורבות געבליבן (אין יאָר 135 נאָך קריסטוס־געבורט).

דער קיסר אַדריאַן האָט זיך שרעקלעך נוקם געווען אין אידן פאַר זייער אויפשטאַנד. ער האָט באַשלאָסן אויסצוּוואָרצלען די אידישע אמונה און אירע געזעצן, וואָס דער סנהדרין פון יבנה האָט דורך זיי פאַראייניקט און פאַרשטאַרקט דאָס אידישע פאָלק. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אידן טאָרן ניט לערנען זייער תּורה אין די שולן, אָפּהיטן שבּת און די מצווה פון מילה פאַר געבאָרענע אינגלעך; די וואָס פאָלגן ניט, ווערן באַשטראָפט מיט טויט. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַרן גלויבן: פיל מענטשן האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן דערפאַר, וואָס זיי האָבן געפאָלגט גאָטס געבאָט און ניט דעם קיסר.

באַזונדערס האָבן געליטן די סנהדרין־לייט, די גייסטיקע פירער פון פאָלק. ווען מען פלעגט זיי כאַפּן ביים לערנען תּורה, פלעגט מען זיי אַריינזעצן אין תּפיסה און פאַרמשפּטן צום טויט. רבּי עקיבא האָט דערפון געהערט און פונדעסטוועגן האָט ער אָפן געלערנט תּורה מיט זיינע תּלמידים. זיינע פריינד האָבן אים געפרעגט: „האָסטו ניט מורא פאַר די רוימער?“ האָט זיי רבי עקיבא געענטפערט מיט אַ שיינעם משל: „איינמאָל איז אַ פוקס געשטאַנען ביים ברעג טייך און זעענדיק ווי די פישעלעך לויפן אום אין וואַסער, האָט ער זיי געפרעגט: פון וועמען אַנטלויפט איר? האָבן די פישעלעך געענטפערט: פון די נעצן,

מיט וועלכע מענטשן ווילן אונז פאַנגען. טאָ קומט־זשע — זאָגט דער כיטרער פוקס — צו מיר אויפן ברעג, וועט איר גאַנץ בלייבן. ניין — ענטפערן די קלוגע פישעלעך — אויב פאַר אונז איז אַ סַכָּנה אין וואַסער, וואו מיר קענען אָטעמען, איז דאָך אויף דער ערד פאַר אונז אַ זיכערער טויט. אַזוי — האָט רבי עקיבא געזאָגט — איז אויך מיט אונז, אידן: ווי אַ פיש אָן וואַסער קענען מער ניט לעבן אָן דער תּורה; אויב מיר זאָלן מורא האָבן לערנען תּורה, דאַרפן מיר נאָך מער מורא האָבן ניט צו לערנען".

באַלד האָט מען רבי עקיבאן געכאַפּט און פאַרמשפּט צו אַ שרעק־לעכן טויט: מען האָט מיט אייזערנע צוואַנגען געריסן פון אים שטיקער לייב. ער איז געשטאָרבן מיט דעם געשריי: „שמַע יִשׂרָאֵל, אונזער גאָט איז דער איינציקער!" רבי עקיבא איז געווען איינער פון די צען גרויסע לערער, וואָס מען האָט באַשטראָפט מיט טויט נאָך דעם אויפ־שטאַנד („עשָׂרָה הַרוּגי מַלכוּת"). אין אַ באַזונדער לאַנגער תּפילה יום־כּפּור און תּשעה־בּאָב באַוויינט נאָך ביז היינט דאָס אידישע פאָלק דעם מאַרטירער־טויט פון די דאָזיקע קדושים.

נאָך זיין בלוטיקן ניצָחון האָט אַדריאַן אויסגעפירט זיין פּלאַן: ירושָלים איז איבערגעבויט און באַזעצט געוואָרן מיט ניט־אידן; אַ איד האָט זיך דאָרטן ניט געטאָרט באַווייזן. אויף דעם אָרט פון בֵּית־הַמִקדש איז געשטאַנען אַ טעמפּל מיט אַ גרויסער סטאַטויע פון יופּיטער און פון דעם קיסר אַדריאַן. די שטאָט האָט באַקומען אַ נייעם נאָמען: עָ ל י אַ קאַ פּ י ט אָ ל י נ אַ, לכּבוד דעם קיסרס נאָמען עליאַ אַדריאַן און דעם באַרג קאַפּיטאָל אין רוים, וואו עס איז געשטאַנען די גרעסטע סטאַטויע פון דעם רוימישן גאָט יופּיטער.

דאָס איז געווען לערך מיט אַכצענהונדערט יאָר צוריק (אין די יאָרן 132—138 נאָך דער קריסטלעכער רעכענונג).

---

## 22. פּאַטריאַרכן און אַקאַדעמיעס אין ארץ־יִשׂרָאל. די קריסטלעכע מלוכה

נאָך דעם אויפשטאַנד פון בַּר־כּוֹכבָא איז דאָס לאַנד יהודה געווען פאַרוויסטעט, די איבערגעבליבענע אידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט

איבערוואַנדערן אין דעם אַנדערן טייל פֿון אֶרץ־ישׂראל — אין גָליל. פֿון דער חָרובֿער שטאָט יַבנה איז דער סַנהדרין מיט די גרויסע לערער־שולן (אַקאַדעמיעס) אַריבערגעגאַנגען צוערשט אין דער גָלילשער שטאָט אוּשָא און שפּעטער אין ציפּורי און טבֶריָה. אַהער זיינען זיך צונויפגעקומען יענע פירער פֿון די קהילות, וואָס זיינען אַנטלאָפֿן פֿון אַדריאַנס רדיפות קיין אויסלאַנד, אין בָבֶל און אַנדערע לענדער.

נאָך אַדריאַנס טויט האָט דער נייער קיסר אַנטאָנין פּיוס אָפּ־געשאַפֿט זיינע בייזע דעקרעטן; אידן האָבן ווידער באַקומען פֿרייהייט פֿון גלויבן און זעלבסטפאַרוואַלטונג אין זייערע קהילות. עס האָט זיך געבילדעט אַ נייער סַנהדרין; זיין פּאָרזיצער מיט דעם אידישן טיטול „נשׂיא“ און דעם רוימישן טיטול „פּאַטריאַרך“ איז געוואָרן שמעון בֶן גַמליאֵל, אַ זון פֿון גמליאל, דעם פֿריערדיקן נשׂיא פֿון יַבנֶה. אין סנהדרין זיינען אריין רבי עקיבאס תּלמידים, וואָס מען פּלעגט זיי רופֿן „תַּנאים“ — לערער, געלערנטע. איינער פֿון די גרעסטע תַּנאים אין יענער צייט איז געווען רַבּי מֵאיר.

דער נאָמען „מֵאיר“ האָט געהייסן אין העבּרעאיש „דער ליכ־טיקער“, און מען פּלעגט זאָגן, אַז רבי מאיר איז געווען אַ ליכט פֿאַר זיין פֿאָלק. אין זיין אַקאַדעמיע, וואָס איז געווען פֿול מיט צוהערער, האָבן זיינע תּלמידים און חַבֵרים געפֿירט הייסע וויכּוחים וועגן אַלע פֿראַגן פֿון גלויבן און געזעצגעבונג, און ער האָט אויף אַלע פֿראַגן געגעבן קלאָרע תּשובֿות. רבי מֵאיר איז געגאַנגען אין דעם וועג פֿון זיין לערער רבי עקיבא: ער האָט געזוכט צו באַפֿעסטיקן אידישקייט אין פֿאָלק דורך שטרענגע געזעצן. נאָר איינער פֿון זיינע עלטערע חַבֵרים, אֶלישע בֶן אַבוּיָה, איז געגאַנגען מיט אַן אַנדערן וועג. ער האָט זיך אָנגעלייענט גריכישע ביכער און איז געקומען צו דער מיינונג, אַז די אידישע וויסנשאַפֿט, דאָס תּורה־לערנען, איז איינזייטיק; ער האָט ניט געהאַלטן פֿון דער שטרענגער אידישקייט און האָט אַלעמען אויפגעבראַכט מיט זיין פֿרייען אויפֿפֿיר. מען האָט אים גערופֿן „אַחֵר“, דער אַנדערער, דער פֿרעמדער. אַלע האָבן זיך פֿון אֶלישען דערווייטערט; איין רבי מאיר פּלעגט אים נאָך באַזוכן און איינרעדן, ער זאָל תּשובֿה טאָן; אֶלישע האָט אים געענטפֿערט: „איך האָב געהערט גאָטס

קול: קערט זיך אום צו מיר, אַלע פֿאַרבלאָנדזשעטע, חוץ אַחֵרן, ווייל ער האָט דערקענט מיין מאַכט און האָט מיך דאָך פֿאַרלאָזן".

רבי מאיר האָט געהאַט אַ געלערנטע און קלוגע ווייב, ברוריָה. וועגן איר פֿרומקייט דערציילט מען אַזאַ מעשה. איינמאָל שַבָת איז זי געבליבן אין דער היים מיט צוויי שווער קראַנקע קינדער; מאיר איז זייער שפעט געזעסן אין שול און ביז ער איז געקומען אַהיים, זיינען די קינדער געשטאָרבן. כדי ניט צו פֿאַרשטערן דעם שַבָת, האָט ברוריָה דעם גאַנצן טאָג גאָרניט דערציילט דעם מאַן, און ערשט מוצאי שַבָת האָט זי געפֿרעגט אַ שאלה: „איינער האָט מיר געגעבן אַ פּיקָדון (אַ זאַך צו באַהאַלטן) און איצט וויל ער דאָס אָפּנעמען, — זאָל איך אים אָפּגעבן?" — „פֿאַרשטייט זיך, אָפּגעבן", האָט מאיר געענטפֿערט. דאַן האָט ברוריָה אַריינגעפֿירט דעם מאַן און אים באַוויזן די ביידע טויטע קינדער. מאיר האָט אָנגעהויבן שטאַרק וויינען, אָבער ברוריָה האָט אים געטרייסט: „האָסטו מיר ניט ערשט געזאָגט, אַז מען מוז אומקערן דעם פּיקדון יענעם, פֿון וועמען מען האָט אים באַקומען? גאָט האָט אונז די קינדער געגעבן און איצט האָט ער זיי צוריק גענומען. געבענטשט זאָל זיין דער הייליקער נאָמען זיינער!"

נאָך פֿיל תַנאים זיינען געווען צו יענער צייט. דער פּאַטריאַרך רבי שמעון בֶּן גַמליאל אַליין איז געווען אַ גרויסער תַנא און האָט מיט רבי מאירן אָפּט געאַרבעט אין דער אַקאַדעמיע. נאָך זיין טויט איז געוואָרן פּאַטריאַרך זיין זון רבי י ה ו ד ָ ה ה ַ נ ש י א. רבי יהודה האָט געלעבט אין דער הויפּט־שטאָט פֿון גָליל, ציפּורי,



23. חורבות פֿון אַ שול אין גָליל

און אַהין האָט זיך אין יענער צייט אַריבערגעטראָגן דער סַנהדרין מיט דער גרויסער אַקאַדעמיע. און ביידע אַנשטאַלטן איז רבי יהודה געווען דער פירער. ער איז געווען צוגלייך אַ וועלטלעכער מענטש, וואָס האָט גערעדט גריכיש און לאַטייניש מיט די רוימישע הערשער (מען דער־ציילט, אַז ער איז געווען באַפריינדעט מיט דעם צווייטן קיסר פון אַנ־טאָנינס הויז), און אויך אַ גרויסער קענער אין אידישער וויסנשאַפט. יהודה הנשיא איז געווען זייער רייך און האָט אויסגעהאַלטן אויף זיינע קאָסטן אַ סך אָרימע געלערנטע און תּלמידים פון זיין אַקאַדעמיע. מען פלעגט פאָרן קיין ארץ־ישראל פון בָּבל און אַנדערע לענדער, כּדי צו הערן די תּורה פון דעם געלערנטן נשיא. רבי יהודה האָט געזאָרגט ניט פאַר זיין צייט אַליין, נאָר אויך פאַר שפּעטערע צייטן: ער האָט באַמערקט, אַז די „תּורה שֶׁבַּעל פּה“, די ניט געשריבענע געזעצן און פּירושים צו דער אַלטער תּורה, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון פיל דורות, קענען מיט דער צייט פאַרגעסן ווערן, אויב מען וועט זיי ניט פאַר־שרייבן אין אַ בוך, וואָס זאָל זיין אָנערקענט פון אַלע תּנאים. אַזאַ זאַמלבוך האָט רבי יהודה מיט דער הילף פון זיינע חבֵרים פאַרפאַסט און האָט עס אָנגערופן „מִשנֶה“, דאָס הייסט די צווייטע תּורה. דאָ זיינען געווען פאַרשריבן אי אַלע צוגאָב־געזעצן צו דער תּורה, אי די מיינונגען פון פאַרשיידענע תּנאים וועגן דער אָדער יענער פראַגע.

די „מִשנֶה“ איז געווען ווי אַ צווייטער שטאָק, אויפגעבויט איבער דעם ערשטן שטאָק, דער „תּוֹרַת־מוֹשה“. פון איצט אָן האָט מען שוין געלערנט אין די שולן ביידע תּורות, און שאַרפע קעפּ האָבן געפאָרשט, אויף וויפיל די מִשנֶה שטימט מיט דער תּורה און וועלכע פון די פאַר־שיידענע מיינונגען, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט אין דער מִשנֶה, זיינען די ריכטיקע. די דאָזיקע פאָרשער האָבן שוין ניט געהייסן „תּנאים“, נאָר „אַמוֹרָאים“ — זאָגער. עטלעכע דורות פון אַמוֹרָאים האָבן אין די אַקאַדעמיעס פלייסיק שטודירט די מִשנה און פון איר אַרויסגעצויגן נייע געזעצן, וואָס מען האָט געמוזט שאַפן, כּדי צו רעגולירן דאָס לעבן פון פאָלק. עס האָט זיך ווידער אָנגעזאַמלט אַ „תּורה שֶׁבַּעל פּה“, וואָס מען האָט זי געמוזט פאַרשרייבן, כּדי זי זאָל ניט פאַרגעסן ווערן. דער דאָזיקער דריטער שטאָק אויף דער אַלטער תּורה האָט געהייסן „גמרָא“ — די פאַרענדיקונג (גמַר) פון דער מִשנה. די מִשנה און די גמרא צוזאַמען

האָבן געהייסן „תּלמוד“ — די לערע, דאָס שטודיום. דער ערשטער תּלמוד, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין די שולן פון ארץ־ישראל, האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען „תּלמוד ירושלמי“.

אין יענער צייט האָבן די פּאַטריאַרכן געלעבט אין דער שטאָט טבֿריה, וואוהין עס האָט זיך אַריבערגעטראָגן דער סנהדרין מיט דער הויפּט־אַקאַדעמיע. די שפּעטערע פּאַטריאַרכן, אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון יהודה הנשיא, זיינען ניט געווען אַזוי געלערנט ווי ער; זיי האָבן נאָר געפירט די געשעפטן פון די פּאַלעסטינער קהילות, גע־מאָנט ביי זיי די שטייערן פאַר דער רוימישער רעגירונג, ווי אויך פאַר דער זעלבסטפאַרוואַלטונג. דאָס זיינען געווען העכערע אידישע באַ־אַמטע, פאַרמיטלער צווישן דער אידישער באַפעלקערונג און די רוימישע הערשער. מיט דער צייט אָבער איז די ראָלע פון די פּאַטרי־אַרכן געוואָרן אַלץ שווערער, ווייל עס האָט זיך בכלל פאַרערגערט די אידישע לאַגע אין ארץ־ישראל.

דריי הונדערט יאָר האָט זיך די קריסטלעכע רעליגיע לאַנגזאַם פאַרשפּרייט אין אַלע לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע; די הערשער און די מערהייט פון דער באַפעלקערונג פלעגן פאַרפאָלגן די קריסטן און אָנטאָן זיי צרות. ערשט אין פערטן יאָרהונדערט האָט דער רוימישער קיסר קאָנסטאַנטין אָנגענומען די קריסטלעכע אמונה און האָט זי דערקלערט פאַר דער הערשנדיקער רעליגיע אין דער רוי־מישער אימפּעריע. זיינע נאָכפאָלגער, די שפּעטערע קיסרים, האָבן זיך פאַראייניקט מיט די פאָרשטייער פון דער קריסטלעכער קירך, די בישאָפן, און אָנגעהויבן רודפן די אַנדערש גלויביקע גויים און אידן. קעגן אידן האָט מען אַרויסגעגעבן געזעצן, וואָס האָבן באַגרעניצט זייערע בירגערלעכע רעכט; מען האָט ניט געלאָזן בויען נייע סינאַ־גאָגעס; אָפט פלעגן פאַנאַטישע קריסטן אָנפאַלן אויף די סינאַגאָגעס און צעשטערן זיי. איין איינציקער קיסר, מיטן נאָמען יוליאַן דער אַפּאָסטאַט (אפּיקורס), וואָס איז געווען אַ געגנער פון קריסטן, האָט געוואָלט פאַרבעסערן די אידישע לאַגע און אפילו צוגעזאָגט ווידער אויפבויען אין ירושלים דעם בית־המקדש, אָבער ער איז אינגעכן גע־פאַלן, און נאָך אים האָבן שוין געהערשט קריסטלעכע פאַנאַטיקער.

אין פינפטן יאָרהונדערט נאָך קריסטוס־געבורט איז די גרויסע רוימישע אימפעריע געווען צעטיילט אין צוויי טיילן: די מערב־מלוכה מיט דער הויפּטשטאָט רוים און די מזרח־מלוכה אָדער בּ י ז אַ נ ץ מיט דער הויפּטשטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל. צו דער לעצטער האָט געהערט אויך דאָס לאַנד פּאַלעסטינע. די ביזאַנטישע קיסרים, זייער פרומע קריסטן, האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן, אַז אידן, וואָס האָבן אַמאָל אָפּגעוואָרפן די רעליגיע פון גאָטס זון ישו הנוצרי, זאָלן קענען אין דעם הייליקן לאַנד לעבן רואיק, האַלטן זייער אַלטן גלויבן, האָבן זייערע פּאַטריאַרכן, סנהדרין, אַקאַדעמיעס. דער קיסר טעאָדאָסיוס דער צווייטער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אָפּצונעמען ביים לעצטן פּאַטריאַרך, גמליאל דעם זיבעטן, דאָס רעכט פון אַ פאַרוואַלטער אין די אידישע קהילות (יאָר 429). פון יענער צייט אָן האָט דער אידישער צענטר אין אָרץ־ישראל פאַרלאָרן זיין אַמאָליקן איינפלוס אויף די אידישע ישובים אין אַנדערע לענדער, אין דער דיאַספּאָרא. דאָ זיינען אויפגעוואַקסן נייע אידישע קיבוצים, וואו עס האָט זיך אַנטוויקלט אַן אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור אין דער זעלביקער ריכטונג, ווי אין אָרץ־ישראל.

---

## 23. דער אידישער צענטר אין בָּבֶל. דער תלמוד

צו יענער צייט איז בָּ בֶ ל געוואָרן דאָס צווייטע ארץ־ישראל. דאָס לאַנד מעסאָפּאָטאַמיע אָדער בָּבֶל איז ניט געשטאַנען אונטער רוימישער הערשאַפט. דאָ האָבן געהערשט פריער די פּ אַ ר ט ע ר און שפּעטער די פּ ע ר ס ע ר. אין די שטעט סוּראָ, נהרדעא, פּומבדיתא און אַנדערע זיינען געווען גרויסע אידישע קהילות; זייער פיל אידן האָבן געלעבט אין די דערפער. די קהילות האָבן געהאַט איבער זיך אַן אויבער־פאַרוואַלטער, וואָס האָט געהייסן עֶ ק ס י ל אַ ר ך אָדער אין אַראַמעאיש „ריש גלותא“ (דער פירשט פון גָלות). דער עקסילאַרך אין בָּבל האָט געשפּילט די זעלביקע ראָלע, ווי דער פּאַטריאַרך אין ארץ־ישראל. די עקסילאַרכן האָבן אויך גערעכנט זייער יחוס פון דויד המלך, און זייער מאַכט פלעגט אַריבערגיין אין איין משפּחה פון פאָטער צום זון. דער פּערסישער קיניג פלעגט באַשטעטיקן אין אַמט יעדן

נייעם עקסילאַרך, וואָס איז געווען מחויב צו זאַמלען פאַר אים די שטייערן ביי אידן; דערפאַר איז ער געווען זייער אָנגעזעען אין קיניגלעכן הויף און האָט געקענט אויסבעטן פאַר אידן מער רעכט און פּריווילעגיעס. דער עקסילאַרך איז געווען דער אויפזעער אויף אַלע אידישע קהילות; ער האָט דאָרטן באַשטימט באַאַמטע און ריכטער (דַיָינים) און האָט געהאַט די מאַכט צו שטראָפן יעדערן פאַר ניט פאָלגן די געזעצן פון דער מלוכה. אַליין האָט ער זיך געפירט ווי אַ קליינער אידישער מֶלֶך, געהאַט אַרום זיך פיל באַאַמטע און דינער, וואָס פלעגן אָפט שטאַרק דריקן דאָס אָרימע פאָלק.

מער ווי דער וועלטלעכער פירשט, רער עקסילאַרך, האָבן אין בָבל אויפגעטאָן פאַרן פאָלק זיינע גייסטיקע פירער, די געלערנטע, וואָס האָבן דאָ אויך געהייסן אַ מ וֹ רָ א י ם, ווי אין ארץ-ישראל. אין דער צייט, ווען רבי יהודה הַנשיא האָט צונויפגעשטעלט די משנה אין ארץ-ישראל, האָבן אין זיין שול געלערנט און אים געהאָלפן אין דער אַרבעט צוויי תּלמידים פון בָבל: אַ בּ א אַ ר י כָ א און ש מ ו אֵ ל. ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, האָבן זיי דאָ געשאַפן גרויסע תַּלמודישע שולן נאָך דעם מוסטער פון די אַקאַדעמיעס אין ארץ-ישראל. אַבָא אַריכא, וועלכן מען האָט אויך גערופן מיט זיין טיטול רַב, האָט געגרינדעט אַ ישיבה אין דער שטאָט סורא, און זיין חַבר שמואֵל איז געוואָרן ראש-ישיבה אין נהַרדָעא. ביידע האָבן געפאָרשט די געזעצן פון דער תּורה און דער מִשנָה און האָבן זיי צוגעפאַסט צו דעם נייעם לעבן אין בָבל. אין די ישיבות האָבן געלערנט הונדערטער תּלמידים, וואָס זיינען געקומען פון גאַנצן לאַנד. דער תַּלמוד איז געווען די העכערע בילדונג פון יענער צייט, און אַלעמען האָט געצויגן צו איר — יונג און אַלט, רייך און אָרים. עס זיינען געווען לערער אויך מיט וועלטלעכע קענטענישן. אַזוי, למשל, איז שמואֵל געווען אַ גרויסער קענער אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און מעדיצין. ער האָט אַמאָל געזאָגט: „מיר זיינען די וועגן אין הימל (די לאַגע פון אַלע שטערן) אַזוי גוט באַקאַנט, ווי די גאַסן אין נהַרדָעא". שמואל איז געווען באַפריינדעט מיט דעם פּערסישן קיניג שַאַבּור און האָט געהאַלטן, אַז אידן דאַרפן זיין געטריי דער פּערסישער מאַכט און פאָלגן די געזעצן פון דער מלוכה אַזוי ווי זייערע אייגענע דינים („דינא דמלכותא דינא").

רַב און שמואל זיינען געווען די באַגרינדער פון דער תַּלמודישער בילדונג אין בָּבל. נאָך זיי זיינען געקומען פיל אַנדערע לערער, וואָס זיינען געווען „רָאשי־ישיבוֹת" אין די אַקאַדעמישע שטעט סורא, נהַרדָעא און פּומבּדיתא. מען האָט געהאַלטן לעקציעס פאַר תַּלמידים אין די ישיבוֹת און פאַר אַ גרעסערן עוֹלם אין פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. אין די ישיבוֹת פלעגט מען פירן שאַרפזיניקע וויכּוּחים (דיסקוסיעס) וועגן יעדער פראַגע, אַפילו וועגן יעדן וואָרט פון דער תּוֹרה און פון דער מִשנה. דאָס האָט געהייסן „פּילפּוּל", שאַרפער פעפער. ווער עס האָט אַרויסגעוויזן מער קונצן אין פּילפּוּל, האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ גוטן קאָפּ, אַן „עוֹקר הרים", וואָס פירט צונויף אַ באַרג מיט אַ באַרג. אַלע מיינונגען, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין די שולן, פלעגן די געלערנטע איבערגעבן „בעל פּה", פון מויל צו מויל, אָדער פלעגן פאַרשרייבן פאַר זיך, אָבער ניט פאַרשפּרייטן אין פאָלק אין געשריבענע ביכער. אַזוי האָט זיך ווידער אָנגעזאַמלט אין משך פון צוויי הונדערט יאָר אַ נייע „גמרא", אַ פּירוש צו דער מִשנה, נאָך אַ גרעסערער ווי אַמאָל אין ארץ־ישראל. איז געקומען אַ גרויסער אַמוֹרא, ר ַ ב א ַ ש י, דער ראש־ישיבה אין סורא, און האָט מיט דער הילף פון זיינע חברים און תלמידים צונויפגעשטעלט די מִשנה מיט אַלע פּירושים, וואָס זיינען אויף איר געמאַכט געוואָרן אין פאַרשיידענע ישיבוֹת, און דאָס אַלץ האָט מען פאַרשריבן. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער געשריבענער טעקסט פון דער בַּבלישער גמרא, וואָס צוזאַמען מיט דער מִשנה האָט זי באַקומען דעם נאָמען „תַּלמוּד־בַּבלי".

דער „תלמוּד־בַּבלי" איז געווען פיל גרעסער ווי דער „תַּלמוּד־ירוּשַלמי", וואָס איז געבליבן ניט פאַרענדיקט. דאָס איז געווען די פולשטענדיקע דריטע תּוֹרה נאָך דער תּוֹרת משה און דער מִשנה. דער תלמוּד־בבלי, ווי מען האָט אים שפּעטער צונויפגעשטעלט, איז באַשטאַנען פון זעקס „סדָרים" (אָפּטיילונגען); יעדער סֵדר האָט זיך געטיילט אויף „מסיכתּוֹת" (טראַקטאַטן, ביכער), וואו נאָך יעדן זאַץ פון דער משנה גייט אַ לאַנגער פּירוש פון דער גמרא. די גמרא באַשטייט אָבער ניט אַליין פון געזעצן און פאַרשיידענע מיינונגען וועגן זיי, נאָר אויך פון געדאַנקען און מיינונגען וועגן אַלערליי עִנְיָנים און לעבנס־פראַגן. דער דאָזיקער טייל הייסט א ַ ג ָ ד ה ( מעשיוֹת, לעגענדעס), צום

אונטערשייד פון דעם וויסנשאַפטלעכן טייל הֲלָכָה (געזעצפאָרשונג). אין דער אַגָדה ליגט אַ גאַנצער אוֹצָר פון געדאַנקען וועגן מאָראַל און באַציאונגען צווישן מענטשן, דערציילונגען וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, מעשיות פון פאָלקס-לעבן, פאָרשטעלונגען פון דער נאַטור און אַלערליי רעליגיעזע, פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע מיינונגען. דאָס איז דער אינטערעסאַנטסטער טייל פון דעם „תַלמוּד“, ווייל אין אים שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן פון פאָלק אין יענע צייטן. דער „תַלמוּד-בַבלי“ איז פאַרענדיקט געוואָרן אין דעם ערשטן שריפטלעכן טעקסט אַרום 1400 יאָר צוריק (אַרום יאָר 500 נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכנונג).

מיטן תַלמוּד האָט זיך פאַרענדיקט דער דריישטאָקיגער בנין פון דער אידישער תּוֹרה. עס זיינען צוגעקומען צו די ביבלישע געזעצן נאָך הונדערטער געבאָטן און פאַרבאָטן, וואָס יעדער איד האָט געמוזט אָפּהיטן. אַזוי, למשל, איז אין דער תּורה געזאָגט געוואָרן קורץ, אַז מען זאָל רוען אום שַבָת פון געוויינטלעכע אַרבעטן; אין תַלמוּד אָבער ווערן אויפגעציילט אַלע אַרבעטן, אַפילו גאָר גרינגע, וואָס מען טאָר ניט טאָן אום שַבת: מען טאָר ניט טראָגן אַפילו קליינע זאַכן אין גאַס, אומגיין מער ווי אין אַ באַשטימטן „תחום“ (גרעניץ), צורירן זיך צו אַ סך זאַכן, אויסרייסן אַ גראָז אין פעלד. צו די מינים שפּייז, וואָס די תּורה האָט פאַרבאָטן צו עסן, זיינען אין תלמוד צוגעקומען נאָך אַ גרויסע צאָל פאַרבאָטענע שפּייזן. שווער איז געווען דעם אידן אָפּ-צוהיטן אַלע שטרענגע געזעצן פון דעם תַלמוּד, אָבער ער האָט דאָס געמוזט טאָן, כּדי צו האַלטן זיך פעסט צוזאַמען מיט דעם גאַנצן פאָלק, וואָס האָט זיך דורך אַ באַזונדערער לעבנספירונג געוואָלט אָפּשיידן פון די אַרומיקע פרעמדע פעלקער.

---

## 24. דאָס אידישע לעבן אין אֶרץ־יִשׂראֵל און בָּבֶל אין דער צייט פון תלמוד

פון דער גרויסער תַלמוּד-ליטעראַטור קען מען זיך דערוויסן, ווי אידן האָבן געלעבט אין זייערע ביידע צענטרען, ארץ-ישראל און בָבל, אין די ערשטע פינף הונדערט יאָר נאָכדעם, ווי עס איז געפאַלן די אידישע מלוכה.

אין ביידע לענדער זיינען די הויפּט־פּ ר נ ס ו ת געווען: ערדאַרבעט, האַנטווערק און האַנדל. ע ר ד א ר ב ע ט האָט מען געהאַלטן פאַר דער ערלעכסטער פּרנסה. „בעסער אַ קליין שטיקל פעלד, איידער אַ גרויסער סחורה־לאַגער" — פלעגט דער אַמורא רב זאָגן. „ווילסט דו זאַט זיין, זאָלסטו דינען דער ערד" — זאָגט אַן אַנדערער. „אַ מענטש, וואָס האָט ניט קיין אייגן שטיקל ערד, איז גאָר קיין מענטש ניט". די, וואָס האָבן געהאַט גרעסערע שטיקער באָדן, פלעגן זי צעטיילן אין דריי טיילן: איין טייל האָט מען פאַרזייט מיט קאָרן אָדער ווייץ, דעם אַנדערן פאַר־פלאַנצט מיט אֵיילבוימער (זיתים, אָליוון), דעם דריטן — מיט וויינ־שטאָקן. גרעסערע ערדבאַזיצער פלעגן דינגען אַרבעטער („פּועלים") צו באַאַרבעטן די פעלדער און די גערטנער; די געזעצן פון משנה און תלמוד האָבן רעגולירט די באַציאונגען צווישן בעל־הבית און אַרבעטער אַזוי, אַז דער פרייער אַרבעטער זאָל קריגן אַ גערעכטן לוין און זאָל ניט פאַרקנעכטעט ווערן. ה א נ ט ו ו ע ר ק ע ר זיינען געווען פיל אין די שטעט. מען פלעגט לערנען אַ מלאָכה פון קינדוויז אויף. אין תלמוד שטייט: „ווער עס לערנט ניט אוים זיין זון עפּעס אַ האַנטווערק, מאַכט אים פאַר אַ רויבער"; „תורה אָן מלאכה האַלט זיך ניט פעסט". צווישן די באַרימטע אַמוראים זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען אויך מיט האַנטווערק: רבי יוחנן דער שוסטער (הסנדלר), רבי יצחק דער שמיד (נפּחה) און אַנדערע. — פון דעם תלמוד איז צו זען, אַז אויך ה א נ ד ל האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט ביי אידן צו יענער צייט. די רייכע האָבן געפירט סחורות צווישן איין לאַנד און דעם אַנדערן, איבערן ים אָדער מיט דעם טרוקענעם וועג; מיטעלע סוחרים האָבן געהאַנדלט אין די שטעט. די וואָס האָבן אָנגעזאַמלט געלט, פלעגן דערמיט האַנדלען, פאַרלייענדיק געלט אויף צינזן (פּראָ־צענטן); עס זיינען געווען געלטגעבער (מלווים), וואָס האָבן גענומען צו גרויסע צינזן און רואינירט דעם געלטנעמער (לווה), אָבער דאָס תלמודישע געזעץ האָט באַגרעניצט דעם פּראָצענט־זאַץ.

דאָס פ א מ י ל י ע ־ ל ע ב ן איז געווען באַזונדערס רעגולירט דורך שטרענגע געזעצן. אין דעם עלטער פון 14 ביז 18 יאָר האָט מען שוין געמוזט חתונה האָבן. מען האָט געהאַלטן, אַז אַ שידוך איז באַשערט פון גאָט, אַז נאָך פאַרן געבוירן פון קינדער רופט מען אוים אין הימל:

אזאַ און אַזאַ מיידל וועט חתונה האָבן מיט אַזאַ און אַזאַ אינגל! וועגן אַ שידוך פֿאַר קינדער האָבן געזאָרגט די עלטערן, אָבער די יונגעלייט האָבן זיך געדאַרפֿט זעען איידער מען האָט געמאַכט „תּנאָים" (אָפּ־מאַך צווישן די עלטערן). נאָך דער חתונה האָט שוין דאָס ווייבל געמוזט צודעקן די האָר פֿון קאָפּ, צום אונטערשייד פֿון אַ מיידל. האָבן יואָס מער קינדער האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ גליק. אַ פֿרוי אָן קינדער איז געווען אומגליקלעך: דער מאַן האָט געקענט שיידן זיך (גטן) מיט איר, אָדער נעמען אַ צווייטע ווייב אין הויז. געוויינטלעך אָבער זיינען פֿאַמיליעס מיט צוויי ווייבער געווען זייער זעלטן. אין תּלמוד געפֿינען מיר פֿאַרשיידענע מיינונגען וועגן פֿרויען. איינער שטעלט אַ פֿראַגע: פֿאַרוואָס האָט גאָט באַשאַפֿן די ערשטע פֿרוי חוה פֿון אָדָמס ריפּ (זייט) און ניט פֿון אַן אַנדער קערפּער־טייל, און ענטפֿערט אַזוי: וואָלט ער זי באַשאַפֿן פֿון אָדָמס קאָפּ, וואָלט זי דעם קאָפּ פֿאַרריסן, זיך גרויס געהאַלטן; פֿון אויג אָדער פֿון אויער — וואָלט זי געווען נייגעריק אַלץ צו זעען און צו הערן; פֿון מויל — וואָלט זי ניט אויפֿ־געהערט צו ריידן, פֿון פֿוס — וואָלט זי געווען אַ אומלויפֿערקע; איז גע־בליבן נאָר די ריפּ. און פֿונדעסטוועגן — איז מוסיף דער אָפּלאַכער פֿון פֿרויען — זיינען ווייבער געבליבן ביי די אַלע אויסגערעכנטע פֿעלערן. עס זיינען אָבער אויך געווען פֿאַרטיידיקער פֿון פֿרויען. מען דערציילט, אַז דער רוימישער קיסר האָט איינמאָל געזאָגט דעם נשׂיא רבי גמליאל פֿון יבֿנה: אייער גאָט איז אַ גנבֿ, ווייל אין אייער תּורה שטייט, אַז ער האָט אָפּגענומען ביי אָדָמען אַ ריפּ צו באַשאַפֿן אַ פֿרוי ביינאַכט, ווען אָדָם איז געשלאָפֿן. דערביי איז געשטאַנען גמליאלס טאָכטער, האָט זי דעם קיסר געענטפֿערט: אין אַ הויז איז געקומען ביינאַכט אַ מענטש, צוגענומען אַ זילבערנעם בעכער און אויף זיין אָרט אַוועקגעשטעלט אַ גאָלדענעם — איז דאָס אַ גנבֿ? אַזוי האָט דאָך אויך גאָט געטאָן: צוגענומען אַ שטיקל ריפּ ביי אָדָמען און געלאָזן אים אַ ווייב, אַ געהילף אין לעבן.

ביי קיין פֿאָלק אין דער וועלט האָט מען אין יענע צייטן אַזוי פֿיל ניט געזאָרגט וועגן לערנען קינדער אין דער שול, ווי ביי אידן. מיידלעך האָבן גאָר ווייניק געלערנט, און דאָס אויך אין דער היים; אינגלעך אָבער האָבן שוין פֿון פֿינפֿיאָריקן עלטער געמוזט לערנען אין

דער שול „מִקְרָא", ד. ה. לייענען די תּורה אין העבּרעאיש, מיט אַן איבּערזעצונג אין דער הויז־שפּראַך, אַראַמעאיש. צעניאָריקע קינדער פלעגן לערנען מִשנה און גמרא. פאַר גוטע תַּלמודיסטן זיינען געווען באַזונדערע שולן, די ישיבות, אַקאַדעמיעס, וואו מען האָט געפאָרשט און געפירט וויכּוחים וועגן אַלערליי פראַגן פון הֲלָכה און אַגָדה. אין תלמוד איז דאָ אַ כאַראַקטעריסטיק פון פירערליי תּלמידים: איינער פאַרשטייט באַלד וואָס דער רבּי זאָגט, אָבער ער פאַרגעסט אויך באַלד; דער אַנדערער פאַרשטייט שווער, אָבער פאַרגעסט אויך שווער דאָס, וואָס ער האָט געלערנט; דער דריטער פאַרשטייט גוט און געדענקט גוט — דאָס איז דער בעסטער; דער פערטער פאַרשטייט שווער און פאַרגעסט לייכט — דאָס איז דער ערגסטער. אין די שולן פלעגט מען מאַכן נאָך אַ פאַרגלייך. פאַראַן פירערליי תּלמידים: איינער איז ווי אַ שוואָם, וואָס זויגט אַלץ אַריין אין זיך; דער אַנדערער איז ווי אַ טריכטער (לייקע), וואָס פון איין עק גיסט מען אַריין און פון דעם אַנדערן גיסט זיך אַרוים; דער דריטער איז ווי אַ זַייער, וואָס לאָזט דורך דעם וַויין און האַלט אויף די הֵיוון; דער פערטער איז ווי אַ זיפּ, וואָס לאָזט דורך די גוטע מעל און האַלט אויף די קלייען.

אין די שולן פלעגט מען לערנען תּורה און תלמוד, אָבער ניט וועלטלעכע קענטענישן, ווי מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסנשאַפט אָדער פרעמדע שפּראַכן. די „גריכישע חכמה" (חָכמה יונית) איז געווען פאַרבּאָטן. מען האָט געמיינט, אַז אין דער תּורה און אין דעם תּלמוד קען מען שוין געפינען אַלע וויסנשאַפטן. דאָ איז מען געווען זייער שטרענג: יעדערער מוז קענען לערנען, און דער וואָס קען ניט איז אַן „עם־הָאָרץ", אַ פּראָסטער, נידעריקער מענטש. דעם געלערנטן, דעם „תַּלמיד חָכָם" האָט מען אָפּגעגעבּן דעם גרעסטן כָּבוד. אין דער קהילה האָט ער פאַרנומען דעם שענסטן אָרט; מען האָט אים געשעצט העכער ווי דעם רייכן, דעם עשיר.

ניט אַלע האָבּן געקענט זיין געלערנטע, אָבער פ ר ו ם האָבּן אַלע געמוזט זיין, אָפּהיטן אַלע מִצוות פון דער תּורה און די דינים פון תלמוד. די דינים פון אָפּרו אום שַבָּת און יום־טוב האָט מען אָפּגעהיט אַזוי שטרענג, אַז דאָס זיינען באֶמת געווען „הייליקע טעג", ווען דער מענטש האָט זיך באַפרייט פון אַלע וואָכעדיקע זאָרגן און האָט זיך

אָפּגעגעבן נאָר מיט גייסטיקע זאַכן. באַזונדערס פייערלעך איז געווען די שטימונג אין די „ימֵי־הַדין" — ראש הַשָׁנה און יום־כּיפּור. מען האָט געגלויבט, אַז אין די דאָזיקע טעג זעצט מען זיך אין הימל צום געריכט, צו מִשפּטן אַלע מענטשן. מען עֶפנט אויף די ביכער, וואו עס זיינען פאַרשריבן די גוטע און שלעכטע מעשים פון יעדן מענטשן פאַרן יאָר, און מען וועגט זיי אויפן וואָג צו וויסן וואָס איז מער: מצוות אָדער עבירות; דאָ שטייט אַ „קַטיגור", וואָס באַשולדיקט דעם מענטשן פאַרן געריכט, און אַ „סַנֵיגור", וואָס פאַרטיידיקט אים, און דער הימלשער בית־דין טראָגט אַרויס אַ באַשלוס, אַז דער מענטש זאָל אין דעם קומענדיקן יאָר לעבן אָדער שטאַרבן, זיין גליקלעך אָדער האָבן צָרות. פריילעך פלעגט מען פייערן די דריי גרויסע יָמים־טובים: פּסח, שבועות און סוכּות; אויך דער קליינער יום־טוב „פּורים", אָדער „הָמנסטאָג" איז געווען אַ פריילעכער טאָג: מען פלעגט טרינקען וויין און שילטן „הָמן דעם רָשָע", מיינענדיק אַלע רשָעים, פאַרפאָלגער פון אידישן פאָלק. אין די שווערע צייטן איז געווען אַ טרייסט פאַרן פאָלק צו גלויבן, אַז עס וועט דאָך אַמאָל קומען אַ גוֹאֵל, מ ש י ח, וואָס וועט אויסלייזן אַלע אידן פון גָלות און וועט אויפשטעלן די אידישע מלוכה אין דעם באַפרייטן אֶרץ־ישראל.

---

## 25. דער סוף פון רוימיש־פערסישער און דער אָנהויב פון אַראַבישער הערשאַפט

אין זעקסטן יאָרהונדערט נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכנונג (ד. ה. מיט דרייצעןהונדערט יאָר צוריק) זיינען ווידער געקומען שווערע צייטן פאַר דער אידישער באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע און בָּבל. די קריסטלעכע קיסרים פון דער רוימיש־ביזאַנטישער אימפעריע, צו וועלכער פּאַלעסטינע האָט געהערט, האָבן שטענדיק געדריקט די אידן אין הייליקן לאַנד דורך באַזונדערע געזעצן און פלוצימדיקע גזירות. מען האָט באַגרעניצט זייערע בירגערלעכע רעכט און רעליגיעזע פרייהייט און אין דער זעלביקער צייט אַרויפגעלעגט אויף זיי אַלץ שווערערע שטייערן. דער קיסר יוסטיניאַן, וואָס האָט זיך שטענדיק צוגעהערט צו די עֵצות פון די קריסטלעכע גַלָחים, האָט זיך אָפט אַריינגעמישט אין

די געשעפטן פון אידישע קהילות. ער האָט געפאָדערט, מען זאָל אין די סינאַגאָגעס לייענען די אַלטע תורה דווקא מיט אַ גריכישער איבערזעצונג און מען זאָל זי ניט אויסלייגן אין דעם זין פון דער „צווייטער תורה", דעם תלמוד. ער האָט ניט געלאָזן בויען נייע סינאַגאָגעס און פייערן דעם אידישן פסח גלייכצייטיק מיט דעם קריסטלעכן. אין פאַלעסטינע האָבן אידן זייער פיל געליטן פון די קריסטלעכע גלחים, וואָס האָבן דאָרטן געבויט זייערע קלויסטערס און געוואָלט מאַכן פון דעם „אידישן לאַנד" (ארץ ישראל) אַ הייליק קריסטלעך לאַנד. אין ירושלים האָט קיין איד ניט געטאָרט וואוינען; מען פלעגט נאָר צולאָזן איינציקע אידן אויף אַ קורצער צייט מתפלל זיין ביי דעם „כותל מערבי", דער איבערגעבליבענער וואַנט פון דעם פאַרברענטן בית-המקדש, און באַגיסן מיט טרערן די הייליקע שטיינער (זעה בילד אויף ז. 137). די אַלע גזירות האָבן אויפגערייצט די אידן, און זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַן אויפשטאַנד.

דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן דעם ביזאַנטישן קיסר הערואַקליוס און דעם פערסישן קיניג. די פערסישע אַרמיי האָט זיך אַריינגעריסן אין פאַלעסטינע און באַלאַגערט ירושלים. צו איר זיינען צוגעשטאַנען טויזנטער אידן. די פערסער האָבן איינגענומען אַ סך שטעט, צווישן זיי אויך ירושלים, און האָבן אַרויסגעטריבן די קריסטן מיט אידישער הילף. עס האָט זיך געדוכט, אַז עס זיינען געקומען „משיחס צייטן" און דאָס אידישע פאָלק וועט באַקומען צוריק זיין הייליק לאַנד. אָבער ניט לאַנג האָבן געבליט די האָפענונגען. פערצן יאָר האָבן די פערסער געהערשט אין פאַלעסטינע, ביז ווען הערואַקליוס האָט צונויפגעקליבן אַ גרויסן חיל, וואָס האָט זיי אַרויסגעטריבן פון לאַנד. דאָ האָבן שטאַרק געליטן אויך די אידישע פריינד פון די פערסער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע רדיפות אויף אידן, און אפשר וואָלט דאָס געבראַכט צו אַ פולשטענדיקן גירוש פון דער אידישער באַפעלקערונג, ווען עס וואָלט ניט געקומען די גרויסע היסטאָרישע איבערקערעניש: צען יאָר נאָך דעם ניצחון פון די ביזאַנטינער זיינען געקומען די אַראַבער און האָבן איינגענומען גאַנץ פאַלעסטינע און די אַרומיקע לענדער.

אין אַראַביע, אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל הינטער מעסאָפּאָטאַמיע, ניט ווייט פון די אידישע צענטערן אין בָּבֶל, האָבן אין מֶשֶך פון יאָרהונדערטער רואיק געלעבט צוזאַמען אַראַבער און אידן. ביידע פעלקער האָבן גערעדט אַראַביש און האָבן געפירט אַ?ין אַרט לעבן: גרויסע מִשְפָּחוֹת אָדער שְבָטִים האָבן זיך פאַרנומען מיט פּלאַנטאַציעס, גערטנעריי און פי־צוכט, אַביסל אויך מיט האַנדל. אידישע שבטים (בְּנֵי־נאַדיר, בְּנֵי־קיינוקאַ און אַנדערע) האָבן געלעבט אין באַזונדערע פעסטונגען אַרום די שטעט יאַטריב (שפּעטער מעדינאַ) און כייבאַר. די אַראַבער זיינען נאָך געווען געצנדינער, אָבער פון די אידישע שְכֵנִים האָבן זיי זיך צו ביסלעכווייז אָנגענומען מיט אידישע מִנְהָגִים און רעליגיעזע אידייען. אין דרום־אַראַביע, אין לאַנד תּ י מ ן (יעמען), האָט אַ קליינער אַראַבישער קיניג אַבו־קאַריבאַ מיט זיין מִשְפָּחָה אָנגענומען דעם אידישן גלויבן; דערצו האָט אים צוגערעדט איינער פון די אידישע געלערנטע (חֲכָמִים), וואָס פלעגן קומען אַהער פון בָּבֶל. זיין זון, יוסף דו־נאָוואַס, איז געווען זייער צוגעבונדן צו אידישקייט; באַלד ווי ער איז געוואָרן קיניג האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר די אידן, וואָס מען האָט פאַרפאָלגט אין דער קריסטלעכער ביזאַנטיע, און האָט געהייסן באַשטראָפן אויסלענדישע קריסטלעכע סוחרים, וואָס זיינען געקומען קיין אַראַביע. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אין צאָרן דעם קריסטלעכן מֶלֶך פון דעם נאָענטן לאַנד כּ ו ש (עטהיאָפּיע), און ער איז געגאַנגען אויף אַ מִלְחָמָה קעגן דו־נאָוואַסן. די אַראַביש־אידישע אַרמיי האָט ניט אויסגעהאַלטן דעם קאַמף; אַרומגערינגלט פון פיינד, האָט זיך יוסף דו־נאָוואַס אַראָפּגעוואָרפן פון אַ הויכן באַרג אין יַם און איז דערטרונקען געוואָרן.

אַזוי האָבן זיך אידישע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען און לעגענדן פאַרשפּרייט צווישן אַראַבער און צוגעגרייט זיי צו דער נייער רעליגיע, דעם א י ש ל אַ ם, וואָס האָט געשאַפן זייער נביא מ ו כ אַ מ ע ד. דעם אַראַבישן „נביא“ איז געווען גאָר פרעמד דער גייסט פון די אידישע נביאים, דער אידעאַל פון פרידן און סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער איז געווען, ווי אַלע אַראַבער, אַ קריגערישער מענטש, וואָס האָט אַפילו זיין נייעם גלויבן געהייסן פאַרשפּרייטן מיט דער שווערד, אָבער ער האָט זיך אָנגעהערט וועגן די העלדן פון דער ביבל, אַבְרָהָמען, מושהן און

אַנדערע, און האָט פאַרשטאַנען די נישטיקייט פון געצנדינערײ. „עס איז דאָ איין איינציקער גאָט אין הימל און מוכאַמעד איז זיין נביא" — אַזוי איז געווען דער גרונט־געדאַנק פון דער נייער רעליגיע. מוכאַמעד האָט געגלויבט, אַז מושה רבינו און ישו הנוצרי זיינען אויך געווען נביאים, אָבער אים האָט גאָט געשיקט אָנצוזאָגן דער וועלט אַ בעסערע רעליגיע, דעם אישלאַם, און מאַכן אַלע מענטשן פאַר „מוסולמענער", רעכטגלויביקע. פריער האָט מוכאַמעד געפרובט צוציען צו זיין נייער אֶמונה די אידן, דאָס „פאָלק פון בוך"; אָבער ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צושטיין צו אים, האָט ער קעגן זיי דערקלערט דעם „הייליקן קריג", אַזוי ווי קעגן אַראַבער, וואָס האָבן נישט אָנגענומען די נייע אֶמונה. נאָכדעם ווי ער האָט צושלאָגן אַ גאַנצע אַרמײ פון אַזעלכע אַראַבער אַרום זיין געבורט־שטאָט מעקקאַ, האָט ער זיך גענומען צו די אידן. אין דער שטאָט מעדינאַ (יאַטריב) האָט מוכאַמעד מיט זיינע פאַנאַטישע אָנהענגער באַלאַגערט די פעסטונג, וואו עס האָבן זיך פאַרטיידיקט די אידן פון שֵבֶט „בני־קיינוקאַ", און האָט זיי נאָך אַ בלוטיקן קאַמף אַרויסגעטריבן פון שטאָט. אַנדערע אידישע שבָטים האָט ער פשוט אויסגעהַרגעט אין „הייליקן קריג", אָדער געמאַכט זיי פאַר קנעכט. געפאַנגענע אידישע פרויען האָט ער צוגענומען אין זיין „האַרעם", אַ הויז פאַר זיינע ווייבער. איינע פון די געפאַנגענע, די שיינע זאַיינאַב, האָט געוואָלט פאַרסמען מוכאַמעדן און האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל פלייש מיט סַם, אָבער דער „נביא" האָט אויסגעשפּיגן דעם סַם און איז געבליבן לעבן. אַז ער האָט ביי איר געפרעגט, פאַר וואָס האָט זי אַזוינס געטאָן, האָט זי געענטפערט: „דו האָסט אָנגעטאָן מיין פאָלק גרויסע צָרות, האָב איך אַזוי געטראַכט: אויב דו ביסט אַ געוויינטלעכער קריגפירער, וועל איך מיט דיין טויט באַרואיקן מיין פאָלק; אויב אָבער דו ביסט טאַקע אַ נביא, וועט דיר דאָך גאָט אָנזאָגן וועגן מיין פלאַן און דו וועסט בלייבן לעבן". מוכאַמעד האָט באַלד געהייסן טויטן די אידישע העלדין.

וועגן דעם „הייליקן קריג" קעגן די אידן ווערט פיל דערציילט אין דער הייליקער תורה פון די מוסולמענער, אין „קאָראַן"; פון דאַנען נעמט זיך די שינאָה צו אידן אין דער שפּעטערדיקער אַראַבישער וועלט. באַלד נאָך מוכאַמעדס טויט האָט אָנגעהויבן דונערן אין גאַנץ אַזיע זיין

פייערדיקער רוף: פֿאַרשפּרייט דעם איסלאַם דורכן שווערד צווישן אַלע פֿעלקער, פֿירט דעם הייליקן קריג! די „קאַליפֿן“, שטעלפֿאַרטרעטער פֿון מוכאַמעדן, זיינען געווען גרויסע קריגפֿירער, וואָס האָבן אויסגענוצט דעם גלויבנס־פֿאַנאַטיזם פֿון די מוסולמענישע אַראַבער, כּדי צו פֿירן זיי אין בלוטיקע מלחמות קעגן די „אומגלויביקע“. אין אַ קורצער צייט האָבן זיי איינגענומען אַלע לענדער פֿון ביידע גרויסע אימפּעריעס אין אַזיע: פּערסיע און ביזאַנטיע, אַראָפּגעוואָרפֿן די אַלע הערשער און אָנגעשטעלט אַראַבישע פֿאַרוואַלטער. דער קאַליף אָמאַר האָט איינגענומען בָּבֶל, פּאַלעסטינע און מִצרַיִם. אין ירושָלים איז אָמאַר אַרויפֿגעגאַנגען אויף דעם הַר־הַבַּיִת, דעם באַרג פֿון אַמאָליקן בית־המקדש, און האָט דאָרטן דערזען חורבות און הויפֿנס מיסט; ער האָט געהייסן אויפֿראַמען דעם מיסט און בויען אויף דעם אָרט פֿון בית־המקדש אַ מוסולמענישן טעמפּל, אַ „מעסגעד“. דאָס איז די אַקסאַמעסגעד אָדער אָמאַרס טעמפּל, וואָס שטייט נאָך ביז היינט אין ירושָלים איבער דעם כּותל־מערָבי.

---

## 26. דער אַראַבישער קאַליפֿאַט און די «גאונים». סוף פֿון דער מִזרָח־תּקופה

אין זיבעטן יאָרהונדערט (נאָך דער קריסטלעכער רעכענונג) האָט זיך פֿון אַלע לענדער צווישן פּערסיע און מִצרים געבילדעט אַ גרויסע אַראַבישע מלוכה מיט דעם נאָמען קאַליפֿאַט. אירע הערשער האָבן זיך גערעכנט פֿאַר יורשים פֿון די ערשטע קאַליפֿן, מוכאַמעדס קרובים און פֿריינד. אַרום הונדערט יאָר איז די רעזידענץ פֿון די קאַליפֿן געווען אין דער סירישער שטאָט דַמֶשֶׂק, אויפֿן גרעניץ פֿון פּאַלעסטינע, און דערנאָך האָט מען זי אַריבערגעטראָגן אין דער מעסאָפּאָטאַמישער שטאָט באַגדאַד, וואו זי האָט זיך געהאַלטן מער ווי דריי הונדערט יאָר. די לאַגע פֿון אידן און קריסטן אין די לענדער פֿון קאַליפֿאַט איז געווען ניט קיין געהויבענע: די ניט־מוסולמענער האָט מען ניט פֿאַרפֿאָלגט, נאָר מען האָט זיי געדריקט מיט שווערע שטייערן. דערפֿאַר וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען מוכאַמעדן פֿאַר גאָטס נביא און אָננעמען דעם „אֶמתן גלויבן“, האָט מען זיי, לויטן געזעץ פֿון

קאָראַן, געהאַלטן אין דער לאַגע פון פרעמדע, וואָס מוזן צאָלן געלט פאַר דעם רעכט צו לעבן אין לאַנד. אידן האָבן געצאָלט צווייערליי שטייערן: קאָפּשטייער פון יעדער פּערזאָן און גרונדשטייער פון דעם ערד־באַזיץ. די שטייערן האָט מען אויפגעמאָנט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט. גאָר פרומע קאַליפן פלעגן פאָדערן, אַז אידן זאָלן טראָגן באַזונדערע קליידער, ניט אַזעלכע ווי ביי די מוסולמענער, — אַ קלייד אָדער אַ הוט פון אַ באַזונדער פאַרב, אָדער אַ שטיק געלן טוך אויפן ברוסט און אויפן רוקן, כדי מען זאָל אין גאַס דערקענען די „ניט־גלויביקע". אידן האָבן ניט אַלעמאָל געפאָלגט אַזעלכע מיאוסע פאָדערונגען. זיי זיינען געווען אַ גרויסע קראַפט אין ווירטשאַפטלעכן לעבן, און אַפילו פאַנאַטישע אַראַבישע הערשער האָבן געפילט, אַז מען קען אָן זיי ניט אויסקומען.

אין פאַלעסטינע און נאָך מער אין בָּבל האָבן אידן געהאַלטן אין זייערע הענט דעם גרויסהאַנדל אין די שטעט, באַזונדערס דעם האַנדל צווישן פאַרשיידענע לענדער. עס זיינען געווען סוחרים, וואָס האָבן געפירט זייערע סחורות קיין אייראָפּע, וואו עס האָבן שוין געלעבט גרויסע אידישע מאַסן. די אַראַבישע שפּראַך, וואָס איז געוואָרן אין יענע צייטן אַ וועלט־שפּראַך, האָט אַרויסגעשטופּט אויך ביי אידן די פריערדיקע אַראַמעאישע; מען האָט אומעטום גערעדט אַראַביש מיט אַ צומיש פון העברעאישע ווערטער, אַ מין אַראַביש־העברעאישן זשאַרגאָן. די געלערנטע האָבן גערעדט און געשריבן ריין אַראַביש, אויף דער שפּראַך פון קאָראַן.

נאָכדעם ווי די מִזרח־לענדער האָבן זיך אַביסל באַרואיקט פון די „הייליקע מִלחָמות", האָבן ווידער אויפגעלעבט די אידישע גרויסע קהילות אין בָּבל. די אַראַבישע קאַליפן, באַזונדערס אין באַגדאַד, האָבן געמאַכט דעם עקסילאַרך, דעם „ריש־גָלותא", פאַר אַ מין אידישן מיניסטער, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ פאַרמיטלער צווישן זיין פאָלק און דער מוסולמענישער רעגירונג. ער האָט געזאָלט אויפמאָנען ביי די אידישע קהילות אַלע מלוכה־שטייערן און אַכטונג געבן, אַז דאָרטן זאָל אַלץ זיין אין אָרדענונג. דער עקסילאַרך פלעגט אָפט זיצן אין קיניגלעכן הויף, צוזאַמען מיט אַלע שָׂרוֹת; זיין באַזוך איז געווען זייער אָנגעלייגט ביים קאַליף, ווייל דער אידישער מיניסטער האָט

אַלעמאָל מיטגעבראַכט גרויסע שטייער־געלטער פאַרן מוסולמענישן הערשער. דער עקסילאַרך איז אָבער געווען נאָר אַן אָפיציעלער פאָר־שטייער פון דער אידישער באַפעלקערונג ביי דער רעגירונג; די אֶמתע פאָלקס־פירער, זיינע גייסטיקע פאָרשטייער, זיינען געווען די געלערנטע תַּלמודיסטן, וואָס האָבן זיך אַמאָל גערופן „אַמוראים", און איצט האָבן זיי באַקומען דעם טיטול גאונים, ד. ה. גרויסע מענטשן, קלוגע קעפּ.

צוויי גאונים זיינען געווען צו יענער צייט אין בָּבל: איינער אין סורא, דער אַנדערער אין פּומבַּדיתא. דאָ האָבן אויפגעלעבט די אַלטע ישיבות (אַקאַדעמיעס) פון דער תלמודישער צייט, און דער רעקטאָר פון יעדער ישיבה, דער ראש־ישיבה, האָט געטראָגן דעם טיטול „גָאון". דאָס זיינען ניט געווען געוויינטלעכע הויכשולן, וואו מען האָט נאָר געלערנט און געפאָרשט: מען האָט דאָ אויך דערקלערט די געזעצן פון דער תּורה און תלמוד און געשאַפן נייע געזעצן. דער תַּלמוד איז דאָך געווען ניט קיין געזעצבוך, נאָר אַ גרויסע זאַמלונג פון מיינונגען און פאַרשיידענע פירושים צו דער תּורה און דער משנה; פון דעם גאַנצן פלאָנטער סבָרות און פירושים האָט מען געדאַרפט אויספירן באַ־שטימטע דינים פאַר אַלע פאַלן פון פּראַקטישן לעבן. דאָס האָט מען געטאָן אין די ישיבות. צו די ראָשי־ישיבות פלעגט מען זיך ווענדן פון אַלע אידישע קהילות אין אַלע לענדער מיט שאַלות, ווי צו טאָן אין דעם און דעם פאַל פון רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין מִשפּחה־זאַכן (חתונות, גִטן), אין באַציאונגען צו די אַרומיקע פעלקער; די ראָשי־ישיבות, די גאונים, פלעגן פאָרשן דעם ענין אויפן גרונד פון תלמוד און פסקענען דעם דין; זייערע „תשובות" אויף אַלע אָנפראַגן פלעגן זיי פונאַנדערשיקן אין פאַרשיידענע קהילות. די גאונים זיינען געווען די אויבערשטע ריכטער (דַיָינים), צו וועלכע מען פלעגט זיך ווענדן פון אומעטום אין וויכטיקע געריכטלעכע פּראָצעסן. צוזאַמען מיט דעם עקסילאַרך פלעגן זיי באַשטימען דַיָינים אין פאַרשיידענע קהילות. די גאונים פלעגן אַריינפירן יעדן נייעם עקסילאַרך אין זיין אַמט. דאָס איז געווען אַ גרויסער יום־טוב. אין אַ שַבּתדיקן טאָג פלעגט מען דעם נייעם עקסילאַרך אַוועקזעצן אויף אַ הויכער בּימה אין דער שול צווישןביידע גאונים, פון סורא און פּומבדיתא; מען פלעגט

אים אויפרופן צו דער תּורה, און ער האָט געהאַלטן אַ דרשה; אויב ער איז ניט געווען אַ געלערנטער, פלעגט פאַר אים די דרשה האַלטן דער סוראַער גאון. דערנאָך פלעגט דער חזן זאָגן די בּרכות לכּבוד דעם „ריש־גלותא", די גאונים און אַלע פאָרשטייער פון די קהילות; נאָכן דאַוונען פלעגט מען גיין אויף אַ מאָלצייט אין דעם פּאַלאַץ פון עקסילאַרך. די שימחות פלעגן דויערן אַ גאַנצע וואָך.

ניט אַלע אָבער זיינען געווען צופרידן מיט דער הערשאַפט פון די גאונים. אין דער צווייטער העלפט פון אַכטן יאָרהונדערט האָט זיך געשאַפן אַ פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַלטן, אַז מען טאָר ניט מאַכן פון דעם תּלמוד אַ צווייטע הייליקע תּורה, אַז די דינים פון תּלמוד זיינען ניט פון גאָט, נאָר פון מענטשן, און קיינער איז ניט מחויב זיי צו פאָלגן. בּראש פון דער פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט ע נ ן בּ ן ־ ד ו י ד, איינער פון דער עקסילאַרכישער משפּחה. ווען זיין קרוב, דער עקסילאַרך איז געשטאָרבן אָן קינדער, האָט ענן געוואָלט פאַרנעמען זיין אָרט, אָבער די גאונים פון סורא און פּומבּדיתא האָבן ניט דערלאָזן דעם אַפּיקורס צו דער הויכער שטעלע. דאַן איז ענן אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם תּלמוד און האָט געגרינדעט אַ סעקטע פון נייע צדוקים, וואָס האָבן דערנאָך בּאַקומען דעם נאָמען „בּני־מקרא" אָדער ק ר א י ם (קאַראַימער), ווייל זיי האָבן געהאַלטן נאָר פון דעם „מקרא", פון תּורת־משה, אָבער ניט פון תּלמוד. זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון פאָלק מיט זייערע בּאַזונדערע מנהגים, למשל: אין דער נאַכט צו שבּת פלעגן זיי זיצן אין דער פינסטער, ווייל אין דער תּורה שטייט, מען זאָל ניט אָנצינדן קיין ליכט אום שבּת, הייסט דאָס, אַז מען זאָל אַפילו פון פרייטאָג ניט אָנגרייטן קיין ליכט; אום שבּת האָבן זיי ניט געגעסן געוואַרעמטע שפּייזן און פלעגן זיך ניט רירן פון אָרט דעם גאַנצן טאָג, אויסער גיין אין שול דאַוונען. מצות צו פּסח פלעגן זיי בּאַקן ניט פון ווייסע, נאָר פון טונקעלע מעל, ווייל דאָס מוז זיין לויט דער תּורה „בּרויט פון אָרימקייט" (לחם עוני); שבועות האָבן זיי געפייערט, אַזוי ווי די אַלטע צדוקים, נאָר אין דעם ערשטן טאָג פון וואָך, זונטאָג, ווייל אין דער תּורה שטייט „אויף מאָרגן נאָך שבּת". בּכלל האָבן די קראים זיך געהאַלטן שטרענג אָן די ווערטער, ניט אָן דעם זין פון דער תּורה. זיי האָבן ניט געקענט צופּאַסן די אַלטע בּיבּלישע געזעצן צום

לעבן פון דעם איינצלנעם מענטשן און נאָך ווייניקער צום לעבן פון גאַנצן פאָלק. אָפּטיילנדיק זיך פון פאָלק מיט זייערע מִנהָגים, האָבן די קַרָאִים געבילדעט אַ פאַרשלאָסענע סעקטע און אין דער ווייטער־דיקער געשיכטע זיינען זיי געוואָרן אַזוי ווי אַ באַזונדער קליין פאָלק. זיי האָבן פיינט געהאַט די תַּלמודיסטן אָדער „ראַבאַניטן“, וואָס פאָלגן זייערע רַבָּנים, און די גאונים האָבן די סעקטאַנטן אויך גערודפט.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ענן געמוזט פאַרלאָזן בָּבֶל און אַריבערפאָרן קיין אֶרץ־ישראל. אָבער אין דעם הייליקן לאַנד האָט זיך די סעקטע ניט פאַרשפּרייט, ווי אויך ניט אין בָּבל, און נאָר אין די ווייטע פּערסישע שטעט האָט זי געפונען מער אָנהענגער. קעגן די קַרָאִים איז שאַרף אַרויסגעטראָטן אין זיין בוך איינער פון די באַרימטע גאונים, סעדיָה (אין דער ערשטער העלפט פון צענטן יאָרהונדערט). סעדיה, דער גאון פון סורא, איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער תַּלמודיסט, נאָר אויך אַ טיפער דענקער און שפּראַך־קענער. ער האָט געשאַפן אַ גראַמאַטיק פון דער העברעאישער שפּראַך און האָט אָנגעהויבן איבערזעצן אויף אַראַביש דעם גאַנצן תּנ"ך, כדי געבילדעטע אַראַבער און אַראַביש ריידנדיקע אידן זאָלן קענען פאַרשטיין די הייליקע ביכער. זיין הויפּט־ווערק אָבער איז געווען דאָס פילאָזאָפישע בוך „אֶמוּנוֹת ודיעוֹת“ (גלויבנס און מיינונגען), וואָס ער האָט געשריבן אין אַראַביש און וואָס מען האָט שפּעטער איבערגעזעצט אויף העברעאיש. סעדיָה גָאוֹן האָט דאָ געוואָלט שָלוֹם מאַכן צווישן אֶמוּנה און שֵׂכֶל, רעליגיע און פילאָזאָפיע. אַ גאָט מוז זיין אויף דער וועלט — האָט ער געטענעט, — ווייל אַ שאַפונג קאָן ניט זיין אָן אַ באַשאַפער. נאָר כּדי מענטשן זאָלן דאָס פאַרשטיין און זאָלן וויסן, ווי צו פירן זיך אין לעבן, האָט זיך גאָט אַנטפּלעקט אויף דעם באַרג סיני און האָט געגעבן מושהן זיין תּורה פאַרן פאָלק ישראל. דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן: פאָלגן אָדער ניט פאָלגן די געבאָטן פון דער תּורה; דער וואָס פאָלגט, דער צַדיק, וועט באַלוינט ווערן אויף יענער וועלט, און דער רָשע וועט באַשטראָפט ווערן. עס איז דאָ אַ „יענע וועלט“: נאָכן טויט פון גוף לעבן דאָרטן די נשָמות. עס וועט אָבער קומען אַ צייט, ווען אַלע טויטע וועלן לעבעדיק ווערן (תּחִיַת־הַמֵתים), און דאַן וועט קומען אַ נייע וועלט, די וועלט פון משיחן. אַזוי איז סעדיָה גאון געווען דער

ערשטער צווישן די תּלמודיסטן, וואָס האָט געשאַפֿן אַ סיסטעם פֿון אידישער דאָגמאַטיק, גלויבנס־פּרינציפּן. ער האָט געגרינדעט די מיטל־אַלטערלעכע רעליגיעזע פילאָזאָפיע, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט שוין אין די אייראָפּעאישע לענדער.

סעדיה גאָון איז ניט לאַנג געבליבן אויף זיין הויכער שטעלע אין סורא. ער האָט זיך צעקריגט מיט דעם עקסילאַרך דוד בֶּן־זַכַּאי, און אין בָּבל האָבן זיך געבילדעט צוויי פּאַרטייען: דעם גאָונס און דעם עקסילאַרכס; איין פּאַרטיי האָט די אַנדערע פאַרמסרט ביי דעם קאַליף. סעדיה האָט געמוזט אויף אַ לענגערע צייט פאַרלאָזן די ישיבה אין סורא. אינגעכן איז ער געשטאָרבן (יאָר 942).

נאָך זיין טויט האָט זיך אָנגעהויבן די ירידה פון דער גרויסער ישיבה אין סורא. עס איז נאָר געבליבן די צווייטע ישיבה אין פּומבדיתא. צוויי ראָשי־ישיבות פון פּומבדיתא, רַב שרירא און זיין זון רַב הַאי, זיינען געווען די לעצטע גרויסע גאונים אין בָּבל. זיי זיינען געווען שטרענגע תּלמודיסטן און האָבן ניט פאַרמאָגט וועלט־לעכע וויסנשאַפטן ווי סעדיה. רב שרירא האָט אָנגעשריבן אַ קורצע געשיכטע פון דעם תּלמוד און זיינע שאַפער, די תּנאים, אמוראים און גאונים, אַזוי ווי ער וואָלט געפילט, אַז די גאַנצע תּלמודישע תּקופה אין בָּבל גייט שוין צו ענדע. זיין זון רב הַאי איז טאַקע געווען דער לעצטער פּומבדיתּישער גאון. נאָך זיין טויט האָט מען אויסגעווילט פאַר אַ גאון דעם יונגן חזקיָה, אַן אוראייניקל פון דעם עקסילאַרך דוד בֶּן־זַכַּאי. ער האָט געזאָלט פאַראייניקן אין זיין פּערזאָן ביידע טיטולן: עקסילאַרך און גאון, אָבער אים איז באַשערט געווען ביידע צו פאַרלירן. מען האָט אָנגעגעבן דעם קאַליף פון באַגדאַד אַ מסירה, אַז דער עקסי־לאַרך וויל ווערן אַ נייער מֶלֶך ביי אידן; דער קאַליף האָט געהייסן אַריינוואַרפן חזקיָהון אין געפענגעניש און אָפּנעמען ביי אים זיין גאַנץ פאַרמעגן. אַזוי איז געפאַלן אין איין צייט די מאַכט פון די עקסילאַרכן און די גאונים (אין עלפטן יאָרהונדערט לויט קריסטלעכער צייט־רעכענונג).

צו יענער צייט איז זיך אויך צעפאַלן דער באַגדאַדישער קאַליפאַט. עס האָט זיך געבילדעט אַ נייער קאַליפאַט אין מִצרַיִם (פאַטימישע קאַליפן) און אין פאַלעסטינע. אויף אַ קורצער צייט האָט אויפגעלעבט

דער אידישער צענטער אין ארץ־ישראל. אין ירושלַים האָבן זיך באַוויזן אָרטיקע גאונים, וואָס האָבן געוואָלט אַריבערטראָגן אין הייליקן לאַנד די גייסטיקע פירערשאַפט (העגעמאָניע) פון צעפּאַלענעם בָבֶל. אָבער זיי איז דאָס אויך ניט באַשערט געווען. צום סוף פון עלפטן יאָר־הונדערט זיינען געקומען קיין פּאַלעסטינע פון אייראָפּע די קריסטלעכע קרייצפאָרער צו באַפרייען דאָס הייליקע לאַנד פון מוכאַמעדאַנער; זיי האָבן איינגענומען ירושלים און אַנדערע שטעט און האָבן פון דאָרטן אַרויסגעטריבן כמעט אַלע אידן (יאָר 1099).

אַזוי זיינען אין די מִזרָח־לענדער, אין אַזיע און צָפון־אַפריקע, חָרוב געוואָרן די אַלטע אידישע צענטערן. אָבער צו יענער צייט האָבן זיך שוין צעוואַקסן די נייע צענטערן אין אֵייראָפּע: אין שפּאַניע, איטאַליע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין דער אידישער געשיכטע: נאָך דער מִזרָח־תקוּפָה איז געקומען די מַעֲרָב־תקוּפָה — די אייראָפּעאישע, אין וועלכער מיר לעבן נאָך ביז צו היינטיקער צייט.



24. כותל מערבי

## .25 אַלטע אידישע מטבעות אין פּאַלעסטינע



1.



2.

.1 א מַטבֵע פון שמעון חַשמונאי: א פּאַלמע מיט צוויי פרוכט־קאָרבן און מיט דער אויפשריפט „לגאולת ציון" (צו דער גאולה פון ציון).

.2 א מַטבֵע פון בַר־כוכבא מיט די אויפשריפטן „שמעון" און „לחרות יִשׂרָאֵל" (צו דער באפרייונג פון ישראל).

---

## .26 אלטע פוילישע מַטבעות מיט אידישע אויפשריפטן







.3 .2 .1

.3־1 פוילישע מַטבֵעות מיט אויפשריפטן פון אידישע מינץ־מייסטערס: אברהם בַר יצחק, ברוחה (ברוכה, ברוך?) הכהן, ברכיה.

צווייטער טייל

# די מַעֲרָב־תְּקוּפָה

## דאָס פאָלק אין אייראָפּע אין דער מיטעלער
## און נייער צייט

27. קאַרטע פון די אַלטע אידישע ישובים אין אייראָפּע

## 27. די ערשטע אידישע ישובים אין אייראָפּע

ווי זיינען אידן געוואָרן פון אַ מזרח־פאָלק אַ מערב־פאָלק, פון אַזיאַטן — אייראָפּעער? דאָס האָט געמאַכט די רוימישע אימפעריע, וואָס האָט געהאַט איר הויפט־לאַנד אין אייראָפּע (איטאַליע) און האָט פאַרשפרייט איר הערשאַפט אויף די לענדער פון אַזיע און אַפריקע מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. ווען דער רוימישער הערשער אין אַזיע פאָמפּיי האָט איינגענומען ירושלים, האָט ער פאַרשיקט קיין רוים דעם מלך אַריסטאָבול מיט זיין משפחה און נאָך אַ גרופּע געפאַנגענע. אינגעכן האָט זיך שוין געבילדעט אַ אידישער ישוב אין דער שטאָט רוים. נאָכן גרויסן חורבן פון ירושלים האָט דער פירער פון דער רוימישער אַרמיי טיטוס פאַרטריבן קיין רוים און אַנדערע איטאַליענישע שטעט נאָך אַ מאַסע אידישע געפאַנגענע. פיל אידן פון פאַלעסטינע, סיריע און מצרים האָבן זיך פרייוויליק באַזעצט אין איטאַליע, צוליב האַנדל־געשעפטן, וואָס די מזרח־האַפנס פון מיטלענדישן ים (אַלכסנדריה און אַנדערע) האָבן געפירט מיט די אייראָפּעאישע האַפנס. שוין אין די ערשטע יאָרהונדערטן נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכענונג זיינען געווען גרויסע אידישע קהילות אָדער „סינאַגאָגן“ אין רוים און אין עטלעכע שטעט פון דרום־איטאַליע (וועניזאַ, נעאַפּאָל און אַנדערע). יעדע „סינאַגאָגע“ האָט געהאַט אירע פאָרשטייער, „אַרכאָנטן“, איר רב מיט דעם טיטול „אַרכי־סינאַגאָג“, אירע ריכטער (דיינים) און געלערנטע אָדער שרייבער („גראַמאַטייוס“, סופר). די איטאַליענישע אידן האָבן גערעדט אין דער שפּראַך פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג: גריכיש אָדער לאַטייניש, מיט אַ צומיש פון העברעאישע ווערטער. די אויפשריפטן אויף אידישע מצבות פון

יענע צייטן, וואָס מען האָט געפונען אין די אונטערערדישע „קאַטאַ־קאָמבעס“ פון רוים, זיינען געשריבן מייסטנס גריכיש. די נעמען פון די באַגראָבענע זיינען העברעאישע (יהודה, שמואל, בינימין, שׂרה, ריבקה, אסתּר) און רוימישע (טיבעריוס, מאַרצעלוס, סאַבינאַ, יוליאַ, לוקרעציאַ). זעלטן ווען מען געפינט מצבֿות אין ריין־העברעאיש, נאָר דאָס וואָרט „שלום“ (פרידן) איז אָפט אויסגעקריצט צום סוף אויף די גריכיש און לאַטייניש געשריבענע מצבֿות.

זייער אַלטע אידישע קהילות האָבן זיך געפונען אויך אין גריכנ־לאַנד, וואָס איז אין יענע צייטן געווען אַ טייל פון דער רוימישער אימפעריע. ווען דער אַפּאָסטאָל פּאַול איז אומגעפאָרן איבער דער וועלט צו פאַרשפּרייטן דעם קריסטלעכן גלויבן, פלעגט ער האַלטן רעדעס אין די אידישע „סינאַגאָגן“ פון די גריכישע שטעט קאָרינט, אַטהען, טעסאַלאָניק (סאַלאָניק) און אַנדערע. ווען די גרויסע אימפעריע איז זיך צעפאַלן אויף צוויי העלפטן: די לאַטיינישע מיט דער הויפּטשטאָט רוים און די ביזאַנטיש־גריכישע מיט דער הויפּטשטאָט קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל, האָט זיך געשאַפן אַ אידישע קהילה אויך אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל. אין דער דאָזיקער שטאָט, צווישן שוואַרצן און מיטללענדישן ים, האָבן אידישע סוחרים געפירט גרויסע האַנדל־געשעפטן מיט אַלכּסנדריה און די פּאַלעסטינישע פּאָרטן. דער מזרח און דער מערבֿ, ארץ־ישראל און „חוץ לאָרץ“ (אויסלאַנד פאַר פּאַלעסטינער אידן) זיינען געווען ענג פאַרבונדן אין דער ביזאַנטישער אימפעריע, ביז וואַנען די אַראַבער האָבן ניט אָפּגענומען פּאַלעסטינע ביי די ביזאַנ־טינער. אָבער אויך שפּעטער, ווען ביזאַנטיע איז געוואָרן אַ קליינע מלוכה אויף דעם באַלקאַנישן האַלבאינזל, האָבן די דאָרטיקע אידן אָנ־געהאַלטן שטענדיקע באַציאונגען מיט זייערע ברידער אין פּאַלעסטינע און בבֿל.

אין פינפטן יאָרהונדערט איז די מערבֿ־רוימישע אימפעריע זיך צעפאַלן. די „באַרבאַרן“ פון מיטל־אייראָפּע, די גאָטן און גערמאַנען, האָבן זיך עטלעכע מאָל אַריינגעריסן אין איטאַליע און חרובֿ געמאַכט רוים, אַזוי ווי רוים האָט אַמאָל חרובֿ געמאַכט ירושלים. גאָטישע און לאַנגאָבאַרדישע מלכים, וואָס האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, האָבן אַ לאַנגע צייט געהערשט אין איטאַליע; רוים איז געוואָרן די

הייליקע שטאָט פֿון די פּויפּסטן, די „כּוהנים גדולים" פֿון דער קריסט־לעכער קירך. זיי האָבן געזאָרגט וועגן דעם, אַז די אידן זאָלן חלילה נישט אָפּציִען די נייע קריסטן פֿון זייער גלויבן, אָבער זיי האָבן אויך נישט געגוּיִשט די אידן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, אַזוי ווי מען האָט דאָס געטאָן אין דער נאָענטער „באַרבאַרישער" מלוכה, פֿראַנקרייך.

אין דער אַמאָליקער רוימישער פּראָווינץ ג אַ ל י ע, וואו קליינע אידישע ישובים האָבן עקזיסטירט נאָך פֿון גאָר אַלטע צייטן (למשל, אין דער שטאָט מ אַ ר ס ע ל, וואָס האָט געפֿירט אַ ברייטן האַנדל מיט אַלכּסנדריה), האָבן געהערשט די פֿראַנקן. דער פֿראַנקישער פֿירער כלאָדוויג האָט מיט דער הילף פֿון די קאַטוילישע קריסטן פֿאַרכאַפּט די מאַכט און האָט געגרינדעט אין גאַליע די פֿראַנקישע מלוכה — פֿ ר אַ נ ק ר ײ ך (אַרום יאָר 500 נאָכן קריסט). אַלע מלכים פֿון כלאָדוויגס משפּחה, דער מעראָווינגישער דינאַסטיע, זיינען געווען פֿאַרבונדן מיט די קריסטלעכע בישאָפֿן, וואָס האָבן געהאַט נאָר איין זאָרג: מאַכן אַלע „באַרבאַרישע" געצנדינער פֿאַר קריסטן. גרויסע היידנישע מאַסן אין שטעט און דערפֿער האָבן אָנגענומען דעם קאַ־טוילישן גלויבן, אָבער פֿון די אידן, וואָס האָבן געלעבט צווישן זיי, האָט זיך קיינער נישט געוואָלט לאָזן שמדן. דאָס האָט אויפֿגעבראַכט קעגן זיי די קאַטוילישע גלחים און די ניי־געטויפֿטע פֿראַנקישע הערשער. די גלחים פֿלעגן אין זייערע פֿאַרזאַמלונגען (סינאָדן, קאָנצילן) אַרויס־געבן באַשלוסן (קאַנאָנס), אַז קריסטן זאָלן זיך דערווייטערן פֿון אידן ווי נאָר מעגלעך, נישט עסן און נישט טרינקען מיט זיי, נישט פֿירן מיט זיי קיין פֿריינדשאַפֿט, אויסלייזן ביי זיי די קריסטלעכע דינער און דינסטן, וואָס קענען זיך „אָנשטעקן" מיט אידישקייט. עס זיינען געווען פֿאַלן, ווען מען האָט אידן געטויפֿט מיט געוואַלט.

אַזאַ מעשה האָט אָפּגעטאָן דער בישאָף אַוויטוס אין דער שטאָט ק ל ע ר מ אָ ן. ער פֿלעגט שטענדיק איינרעדן די דאָרטיקע אידן, זיי זאָלן זיך טויפֿן; אַלע האָבן אים אויסגעלאַכט, נאָר איינער האָט זיך געשמדט. אַמאָל, בשעת דער משומד איז געגאַנגען אין אַ קירך־פּראָ־צעסיע מיטן קרייץ אין דער האַנט, האָט מען פֿון אַ אידיש הויז אויס־געגאָסן אים אויפֿן קאָפּ אַ טאָפּ מיט פֿאַרשטונקענעם אייל. דאָס האָט אויפֿגעבראַכט די קריסטן: זיי האָבן זיך געוואָרפֿן אויף דער סינאַגאָגע

און האָבן זי אינגאַנצן צעשטערט. דער בישאָף האָט צוגעזאָגט די אידישע פאָרשטייער און געזאָגט, אַז אויב די אידן וועלן זיך ניט טויפן, וועט מען תּיכּף אַלעמען פאַרטרייבן פון שטאָט. פינף הונדערט אידן האָבן באַשלאָסן צו טויפן זיך אויף אַ צייט, ביז עס וועט מעגלעך זיין ווידער אומקערן זיך צום אידישן גלויבן. — נאָך אַזאַ מעשה האָט זיך געטראָפן אין דער הויפּטשטאָט פּאַריז. דאָרטן האָט געלעבט אַ רייכער איד פּריסקוס, וואָס איז געווען אַ פינאַנץ-אַגענט ביים הויף פון דעם קיניג כילפּעריק. דער קיניג און דער בישאָף גרעגאָר פלעגן אים שטענדיק איינרעדן, ער זאָל אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, אָבער ער האָט וועגן דעם אַפילו ניט געוואָלט הערן. איינמאָל, ווען זיי זיינען געזעסן אַזוי זאַלבעדריט, האָט דער קיניג געהייסן דעם בישאָף אַרויפלעגן דעם אידן די האַנט אויפן קאָפּ און מאַכן אַ קריסט-לעכע ברכה. פריסקוס האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט. כילפעריק האָט אַ געשריי געטאָן מיט כּעס: „אָ, דאָס אומגלויביק פאָלק, וואָס וויל ניט אָנערקענען גאָטס זון (יעזוס)!" פּריסקוס האָט געענטפערט: „גאָט האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי און ניט געקאָנט האָבן אַ זון". דאָ איז דער קיניג גאָר בייז געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן סטראַשען, אַז ער וועט אַרויסטרייבן פון לאַנד אַלע אידן, וואָס וועלן זיך ניט טויפן; אַ סך האָבן זיך דערשראָקן און האָבן זיך געטויפט, אָבער פּריסקוס איז געבליבן פעסט אין זיין אֶמונה, און מען האָט אים אַריינגעזעצט אין תּפיסה. ווען מען האָט אים אויף אַ צייט באַפרייט פון תּפיסה, איז אויף אים אָנגעפאַלן איינער פון זיינע פיינד, אַ געשמדטער איד, און האָט אים געהרגעט.

דער לעצטער מעראָווינגישער קיניג דאַגאָבערט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע ניט געטויפטע אידן זאָלן פאַרלאָזן פראַנקרייך (יאָר 629). דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען קיין פראַנקרייך זיינען אָנ-געלאָפן מאַסן אידן פון דער שׂכנישער שפּאַניע, וואו מען האָט זיי שרעקלעך געפייניקט. אָבער דעם באַפעל דאַגאָבערטס איז שווער געווען אויסצופירן: אַ טייל אידן האָבן זיך געמאַכט פאַר קריסטן, בלייבנדיק אין האַרצן ביי זייער אֶמונה; אַ טייל זיינען אַריבערגעפאָרן אין די דרום-פּראָווינצן. אידישע קהילות זיינען געבליבן אין מאַרסעל, באָרדאָ און נאָך עטלעכע שטעט. עס האָבן זיך געבילדעט נייע אידישע

ישובֿים אין די שטעט פֿון דייטשלאַנד, וואָס איז דאַן געווען אַ טייל פֿון פֿראַנקרייך, אָבער איז געווען אומאָפּהענגיק פֿון פּאַריזער צענטער.

גאָר שלעכט איז געווען די לאַגע אין שפּאַניע. דאָ האָבן אידן געלעבט נאָך פֿון דער צייט, ווען דאָס לאַנד האָט געהערט צו דער רוימישער אימפּעריע. אין דער זעלביקער צייט, ווען אין גאַלליע האָבן געהערשט די פֿראַנקן, האָבן אין שפּאַניע די וועסטגאָטן אָפּגענומען די מאַכט ביי די רוימער. די ערשטע וועסטגאָטישע מלָכים, וואָס האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, זיינען געווען ניט קאַטאָליקן, נאָר אַריאַנער, וואָס האָבן געהאַלטן דעם גרינדער פֿון קריסטנטום ניט פֿאַר אַ גאָט, נאָר בלויז פֿאַר אַ הייליקן מענטשן; ביי די קאַטאָליקן האָט מען די אַריאַנער געהאַלטן פֿאַר האַלבע אידן; זיי זיינען טאַקע געווען באַפֿריינדעט מיט אידן און געלעבט מיט זיי בשָלום. אָבער צום סוף פֿון זעקסטן יאָרהונדערט האָט דער וועסטגאָטישער קיניג רעקאַרעד אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן און אַריינגענומען אין דער מלוכה-פֿאַרוואַלטונג די קאַטוילישע בישאָפֿן. די קירכן-סינאָדן פֿון טאָלעדאָ, דער שפּאַנישער הויפּטשטאָט פֿון יענער צייט, זיינען געוואָרן אַ מין פּאַרלאַמענט, וואָס האָט אונטער דער פֿירונג פֿון דעם קיניג אַרויס-געגעבן געזעצן פֿאַרן פֿאָלק. פֿאַרשטייט זיך, אַז ביי די הערשנדיקע גַלָחים איז געווען נאָר איין וואונש: שאַפֿן אַ ריינע קריסטלעך-קאַטוילישע מלוכה. די גוייִשע באַפֿעלקערונג האָט מען שוין כּמעט אינגאַנצן געמאַכט פֿאַר קריסטן, און נאָר די אידן האָבן זיך ניט געוואָלט טויפֿן. האָט מען זיי אָנגעהויבן פֿאַרפֿאָלגן מיט גזירות פֿון די אַמאָליקע בי-זאַנטישע קיסרים: אידישע ערדבאַזיצער האָט מען פֿאַרבאָטן האַלטן קריסטלעכע קנעכט, אָן וועלכע מען האָט ניט געקענט אויסקומען אין דער לאַנדווירטשאַפֿט; דער טאָלעדער סינאָד האָט בכלל פֿאַרבאָטן קריסטן פֿירן געשעפֿטן מיט אידן. אַז דאָס האָט ניט געהאָלפֿן, האָט מען זיך גענומען פֿאַר אַ מיטל, וואָס איז געוואָרן אַ מאָדע אין יענע צייטן: טויפֿן אידן מיט געוואַלט.

דער קיניג סיזעבוט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל (יאָר 613), אַז אידן, וואָס ווילן זיך ניט טויפֿן, זאָל מען אַרויסטרייבן פֿון לאַנד. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע גזירה: אין שפּאַניע האָבן געלעבט

גרויסע אידישע מאַסן, פיל פון זיי האָבן זיך פאַרנומען ניט מיט האַנדל, נאָר מיט לאַנדווירטשאַפט, אַזוי אַז דער גירוש וואָלט זיי אינ־גאַנצן געמאַכט פאַר אָרימעלייט. האָבן זיך טאַקע אַ סך אידן געלאָזט שמדן, בלייבנדיק אין האַרצן ביי זייער אַלטן גלויבן; אַנדערע האָבן געפּרובט עמיגרירן קיין פראַנקרייך, אָבער דאָ האָט זיך דער פראַנ־קישער קיניג דאַגאָבערט דערשראָקן און, ווי מיר האָבן שוין פריער דערציילט, געהייסן טרייבן אידן אויך פון זיין לאַנד. איז ווידער גע־בליבן נאָר איין וועג: ווערן פאַלשע קריסטן. אָבער מיט דער צייט איז די לאַגע פון אַזעלכע אַ נ ו ס י ם, געצוואונגענע צום שמד, געוואָרן ערגער ווי די לאַגע פון יידן, וואָס האָבן זיך אָפן געהאַלטן ביי זייער גלויבן. אין איינעם פון די טאָלעדער סינאָדן איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז אויף להבא זאָל מען ניט טויפן אידן מיט געוואַלט, אָבער די, וואָס האָבן זיך שוין געטויפט, טאָרן זיך ניט אומקערן צו אידישקייט, און אויב זיי וועלן דאָס טאָן, מוזן זיי האַרט באַשטראָפט ווערן. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די גרעסטע יסורים פאַר די שפּאַנישע אידן. מען האָט נאָכגעשפּירט נאָך די פאַלשע קריסטן, ווי פירן זיי זיך, צי גייען זיי זונטאָג אין דער קירך אָדער זיי היטן אָפּ שבת ביי זיך אין הויז, ווי ערציען זיי זייערע קינדער, צי עסן זיי טרייפע שפּייזן אָדער נאָר כּשר. האָט מען וועמען עס איז געכאַפּט ביי אָפּהיטן אידישע מנהגים, פלעגט מען אים אַריינוואַרפן אין תּפיסה, שלאָגן און שמייסן, אויסרייסן די האָר פון קאָפּ, אָפּנעמען ביי אים די קינדער און אַוועק־געבן אין די קלויסטערס פון די קאַטוילישע מאָנאַכן. פיל מאָל האָבן די פאַלשע קריסטן אָנגעגעבן אין די טאָלעדער סינאָדן אונטערטעניקע בקשות, אַז זיי וועלן שוין זיין גוט און פרום, דאַווענען אין דער קירך און אָפּהיטן אַלע קריסטלעכע מנהגים, נאָר מען זאָל זיי ניט נויטן עסן חזיר־פלייש, ווייל זיי קענען דאָס ניט פאַרטראָגן.

אַזוי האָבן זיך די שפּאַנישע אידן געפּלאָגט גאַנצע הונדערט יאָר, ביז וואַנען זיי האָבן דערהערט, אַז פון אַפריקע גייט אויף שפּאַניע די אַראַבישע אַרמיי. האָבן זי זיך דורך זייערע אַפריקאַנישע ברידער צו־נויפגערעדט מיט די אַראַבער און צוגעזאָגט זיי הילף ביי דער עראָבע־רונג פון לאַנד. די אַראַבער האָבן זיך אַריינגעריסן אין שפּאַניע דורך דעם שמאָלן ים־פּאַס פון גיבראַלטאַר, האָבן איינגענומען די הויפּט־

שטאָט טאָלעדאָ, דעם נעסט פון פאַנאַטישע נלָחים, און נאָך אַנדערע שטעט (יאָר 711). אידן האָבן מיט פרייד באַגריסט די נייע אַראַבישע הערשער, מיט דער האָפענונג, אַז דער מוסולמענישער פאַנאַטיזם וועט ניט זיין אַזוי שרעקלעך ווי דער קריסטלעכער. און זייער האָפענונג האָט זיי טאַקע ניט אָפּגענאַרט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויפבלי-צייט פון אַראַביש-אידישער קולטור אין שפּאַניע.

עס איז געווען נאָך אַ ווינקל אין אייראָפּע, וואו אידישע ישובים האָבן זיך געגרינדעט אין דער גאָר אַלטער גריכיש-רוימישער צייט. אויף די ברעגעס פון שוואַרצן יָם צו צָפון-זייט, אויף דעם האַלבאינזל טאַווירידאַ אָדער ק ר י ם האָבן זיך אידן באַזעצט אין די גריכישע קאָלאָניעס, ווי אומעטום אין דער העלעניסטישער דיאַספּאָראַ. ווען די רוימער האָבן חָרוב געמאַכט ירושָלים, זיינען שוין געווען אידישע קהילות אין דער קרימער באָספּאָראַנישער מלוכה, אין די שטעט פאַנטיקאַפּיי (היינט קערטש), טעאָדאָסיע (פעאָדאָסיע) און כערסאָנעס (היינט סעוואַסטאָפּאָל). זיי האָבן געשטאַמט פון גריכנלאַנד, גערופן זיך מיט גריכישע נעמען און גערעדט גריכיש, ווי עס איז צו זעען פון זייערע אויפשריפטן אויף מַצבות און אַנדערע דענקמעלער. די קהילות האָבן געהייסן אויף גריכיש: „סינאַגאָגעס“ (פאַרזאַמלונגען). אונטער דעם אידישן איינפלוס זיינען אַ סך גריכישע געצנדינער געוואָרן האַלבע אידן: זיי האָבן זיך גערופן „פאַרערער פון דעם העכסטן גאָט“; אָבער שפּעטער, ווען אין קרים האָט אַריינגעדרונגען דאָס קריסטענטום, זיינען זיי געוואָרן קריסטן. קרים האָט דאַן געהערט צו דער ביזאַנטישער אימפּעריע, און די גריכישע בישאָפן האָבן אויך געפרובט צווינגען אידן צו טויפן זיך; אָבער דער פרוב האָט זיך ניט איינגעגעבן.

שפּעטער, פון אַכטן ביז סוף צענטן יאָרהונדערט, האָט אין יענע לענדער, צווישן דעם קאַספּישן און דעם שוואַרצן יַם, געהערשט אַ פאָלק, וואָס איז געקומען פון פערסיע און קאַווקאַז און איז געוואָרן אַ נאָענטער מחותּן מיטן אידישן פאָלק. דאָס זיינען געווען די כאַזאַרן (כוזרים). זייער קיניג, אַ געצנדינער, און אַ טייל פון פאָלק האָבן אָנגענומען דעם אידישן גלויבן; דער קיניג האָט זיך גערופן כ אַ ג אַ ן (פון העברעאישן כּוהן אָדער טאָטערישן „קהאַן“) און האָט געשיצט אין זיינע לענדער אידן, קריסטן און מוסולמענער. די קריגערישע כאַ-

זאַרן האָבן פאַרשפּרייט זייער הערשאַפט אויך אויף די כּלאָווישע לענ־
דער, ביז דער גרויסער שטאָט ק י ע וו, וואו צו יענער צייט האָבן
שוין געלעבט אידן. ערשט צום סוף פון צענטן יאָרהונדערט האָבן די
סלאַוויש־רוסישע פירשטן חרוב געמאַכט די הויפּטשטאָט פון די כּאַ־
זאַרן אויפן בּרעג פון קאַספּישן ים, וואו עס פאַלט אַריין דער גרוי־
סער רוסישער טייך וואָלגאַ. דער לעצטער כּאַזארישער קיניג איז גע־
ווען י ו ס ף, וואָס האָט גראָד אין יענער צייט געהאַלטן בּיי דער־
נעענטערן זיך מיט די שפּאַנישע אידן. די כּאַזארן האָבן אינגיכן פאַר־
לאָרן זייער מאַכט און האָבן זיך צונויפגעמישט מיט אַנדערע פעלקער,
א טייל אויך מיט אידן.

---

## 28. אידן אין דער אימפּעריע פון קאַרל דעם גרויסן און זיינע נאָכפאָלגער

(פון אַכטן בּיז עלפטן יאָרהונדערט נאָכן קריסט)

אין דער צווייטער העלפט פון אַכטן יאָרהונדערט האָט דער פראַנ־
קישער קיניג ק א ר ל ד ע ר ג ר ו י ס ע ר פאַראייניקט אונטער זיין
הערשאַפט אַלע לענדער פון מיטל־אייראָפּע צוזאַמען מיט איטאַליע
און האָט אַזוי אַרום געשאַפן די נייע קריסטלעכע אימפּעריע. דער
רוימישער פּויפּסט האָט געקרוינט קאַרלען מיט דעם טיטול „אימפּע־
ראַטאָר" (קיסר), און די קריסטלעכע בּישאָפן האָבן געהאַט אַ שטאַרקן
איינפלוס אויף דער מלוכה־פירונג; אָבער די וועלטלעכע מאַכט איז גע־
ווען שטאַרקער פון דער קירכלעכער און האָט ניט דערלאָזט צו אַזעלכע
מיאוסע מעשים, ווי געוואַלט־טויפן פון אידן. אין דער צייט פון קאַרל
דעם גרויסן האָט זיך די לאַגע פון אידן פאַרבּעסערט אין דריי פאַר־
אייניקטע לענדער: פ ר א נ ק ר ײ ך, ד ײ ט ש ל א נ ד און א י ט א ל י ע.
אידישע רייכע סוחרים האָבן געפירט האַנדל־געשעפטן אין די דאָזיקע
לענדער און אויך מיט דעם אַזיאַטישן און אַפריקאַנישן אויסלאַנד, מיט
בּבֿל, ארץ־ישראל און מצרים, וואו עס האָט נאָך געבּליט דער אַראַ־
בּישער קאַליפאַט. אַראַבּישע רייזנדע פון יענער צייט בּאַשרייבּן, ווי
אידישע גרויסהענדלער פלעגן אַרומפאָרן מיט זייערע סחורות פון פראַנק־
רייך בּיז בּבֿל און צוריקפירן אַהיים סחורות פון וויטן מזרח. אַזוי האָט

דאָס צעזייטע און צעשפּרייטע פאָלק פאַרבונדן דורך וועלט־האַנדל די אַלטע און די נייע וועלט, אַזיע מיט אייראָפּע.

די אידישע ישובים אין אייראָפּע האָבן זיך פאַרגרעסערט. עס זיי־נען אויסגעוואַקסן גרויסע און קליינע קהילות, וואָס האָבן געהאַט אַן אייגענע פאַרוואַלטונג. איבער אַלע קהילות איז געשטאַנען אַ מלוכה־באַאַמטער מיטן טיטול „מאַגיסטער פאַר אידן", וואָס האָט געזאָלט שיצן די אידישע בירגער־רעכט און האַנדלס־אינטערעסן. דער קיסר לודוויק דער פרומער, קאַרל דעם גרויסנס זון, האָט אַליין געשיצט די אידן קעגן פיינדלעכע קאַטוילישע גלָחים. דער בישאָף פון ליאָן, אַגאָבאַרד, האָט געפירט אין לאַנד אַ שטאַרקע אַגיטאַציע קעגן אידן: ער האָט געהאַלטן רעדעס אין די קלויסטערס און געשריבן ביכער צו באַווייזן, אַז די אידישע באַפעלקערונג איז אַ סכנה פאַר קריסטן, אַז די „פאַרפלוכטע אַלטע סינאַגאָגע" קען פאַרפירן און פאַרדאַרבן די „ריינע יונגע קירך". אָבער לודוויק, כאָטש ער איז געווען פרום, האָט ניט דערלאָזט, אַז פון דעם בישאָפס רייד זאָל אַרויסקומען עפּעס שלעכטס פאַר אידן.

פאַר זיין טויט האָט לודוויק דער פרומער צעטיילט זיין אימפּעריע צווישן זיינע זין. איינער האָט באַקומען דעם טיטול פון אַ קיניג אין פראַנקרייך, דער אַנדערער אין איטאַליע, דער דריטער אין דייטשלאַנד. די נייע מלכים פון זייער זייט האָבן אויך פונאַנדערגעטיילט די מאַכט צווישן זייערע פעאָדאַלן — די גרויסע לאַנדבאַזיצער, די גראַפן און באַראָנען, וואָס האָבן געהאַט אַ סך ערד און מאַיאָנטקעס, פּויערים און קנעכט. אַזוי זיינען די אמתע הערשער אומעטום געווען די פעאָדאַלן. יעדער גראַף אין זיינע שטעט און דערפער האָט געטאָן וואָס ער וויל. האָט אים געלוינט, האָט ער געשיצט דעם אידן, וואָס פלעגט אים רייך באַצאָלן אי פאַר די אַרענדירטע ערד־חלקים, אי פאַר דער ערלויבעניש צו פירן האַנדל; און אויב ניט, אָדער אויב די פאַנאַטישע גלָחים האָבן דעם פּריץ אויפגערייצט, האָט ער דעם אידן געדריקט. אַזוי, למשל, האָט דער גראַף פון טולוז (דרום־פראַנקרייך) איינגעפירט אַזאַ מנהג: איינמאָל אין יאָר, פאַר דעם קריסטלעכן פסח, פלעגט ער רופן צו זיך דעם פאָרשטייער פון דער אידישער קהילה אין טולוז און דערלאַנגען אים אַ פּאַטש אין פּנים, כדי צו דערמאָנען אים, ווי אידן

האָבן געפּייניקט קריסטוסן; פון דעם פּאַטש האָט זיך די קהילה געמוזט אויסקויפן מיט אַ באַזונדערן אָפּצאָל. אין אַנדערע שטעט פלעגט די קריסטלעכע באַפעלקערונג, אויפגעהעצט פון די גלחים, אָנפאַלן אין די פּסח־טעג אויף אידן אין די גאַסן, שלאָגן זיי און וואַרפן שטיינער אין זייערע הייזער.

אין צענטן יאָרהונדערט האָט זיך אין מיטל־אייראָפּע באַזונדערס פאַרשטאַרקט דייטשלאַנד, אונטער דער הערשאַפט פון אַן איי־גענער קיניג־דינאַסטיע. דער דייטשער קיניג אָטאָ דער גרויסער, פון דער זאַקסישער דינאַסטיע, האָט זיך געלאָזט קרוינען אין רוים מיט דעם טיטול „אימפּעראַטאָר", האַלטנדיק זיך פאַר אַ יורש פון קאַרל דעם גרויסן און די אַלטע רוימישע קיסרים. אָטאָ דער ערשטער און זיינע נאָכפאָלגער האָבן געלאָזן די אידן פריי לעבן אין דייטשלאַנד; דאָס אייגענע האָבן געטאָן די פעאָדאַלן, אי די וועלטלעכע (גראַפן, באַראָנען) אי די קירכלעכע (בישאָפן), וואָס האָבן געקוקט אויף די אידן אין זייערע שטעט ווי אויף אַן אייגנטום. עס פלעגט אָפט פּאַסירן, אַז איין גראַף פלעגט פאַרקויפן דעם אַנדערן זיין שטיק לאַנד צוזאַמען מיט די אידן, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט, ווייל אידן זיינען געווען אַ קוואַל פון הכנסה: זיי האָבן געצאָלט דעם לאַנדבאַזיצער גרויסע שטייערן און אַרענדע־געלט. אָרגאַניזירטע אידישע קהילות זיינען אין יענער צייט געווען אין די שטעט פון ריינלאַנד און אין דער פּראָווינץ לאָטרינגען, צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך (מאַינץ, וואָרמס, קעלן, מעץ).

מיט די קהילות האָבן אָנגעפירט די רבנים, וואָס האָבן דאָ גע־שפּילט די ראָלע פון די גאונים אין בבל. דער ערשטער פון די באַ־רימטע רבנים אין אייראָפּע איז געווען גרשום מאור הגולה (דער שיין פון גלות), דער באַגרינדער פון אַ תלמודישער ישיבה אין מאַינץ. ער האָט אַרויסגעגעבן נייע „תקנות", געזעצן, וואָס זיינען געווען צוגעפּאַסט צום לעבן פון די אייראָפּעאישע אידן. אַזוי, למשל, האָט ער פאַרבאָטן האָבן מער ווי איין ווייב (חרם דרבנו גרשום), צום אונטערשייד פון די אַזיאַטישע אידן, וואָס פלעגן אין געוויסע פאַלן נעמען אַ צווייטע ווייב ביים לעבן פון דער ערשטער. פון רבי גרשומס ישיבה זיינען אַרויס גרויסע געלערנטע, וואָס מען האָט זיי גערופן „חכמי לותיר", ד. ה. געלערנטע פון לאָטרינגען. זיי זיינען געוואָרן

רבנים אין די קהילות פון מעץ, וואָרמס, מאַינץ און אין די נאָענטע שטעט פון פראַנקרייך. דער גרעסטער פון זיי איז געווען רַש״י (אַ פאַרקירצטער נאָמען, ראשי תיבות פון רבי שלמה יצחקי). אין דער יוגנט האָט רַש״י געלערנט אין די תלמודישע ישיבות פון וואָרמס און מאַינץ און שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט אין זיין געבורטשטאָט טרואַ (טראָיעס) אין פראַנקרייך. דאָרטן האָט ער זיך פאַרנומען מיט אַ זייער וויכטיקער אַרבעט: שרייבן אַ פירוש (קאָמענטאַר) צום תַלמוד. פריער פלעגט מען דעם תַלמוד מוזן לערנען מיט דער הילף פון אַ לערער, ווייל ס'איז געווען שווער צו פאַרשטיין די אַראַמעאישע שפּראַך פון דער גמרא און די טיפע געדאַנקען פון די פאַרצייטיקע אַמוֹרָאים. רַש״י האָט מיט זיין קלאָרער העברעאישער שפּראַך קורץ דערקלערט אַלע שווערע אויסדרוקן פון תלמודישן טעקסט, אַזוי אַז יעדערער האָט אים געקענט פאַרשטיין. מיט רעכט האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט געגעבן אַ שליסל צום פאַרשלאָסענעם תַלמוד. ער האָט אויך געמאַכט אַ פירוש צו דער תורה און אַנדערע ביכער פון דער ביבל; דאָ האָט ער אָפט איבערגעזעצט די שווערע ווערטער אויף פראַנצויזיש מיט העברעאישע אותיות. די פראַנצויזישע און דייטשע אידן האָבן גערעדט אין דער לאַנד-שפּראַך, און מען האָט ביים לערנען אין די שולן געמוזט פאַרטייטשן אויף דער שפּראַך אַלע טעקסטן פון די הייליקע ביכער. שפּעטער פלעגט מען אין אַלע חֲדָרים לערנען קינדער „חומש מיט רַש״י", „גמרא מיט רַש״י"; רש״ים פירוש האָט זיך געדרוקט צוזאַמען מיט דעם טעקסט פון דעם תַנַ״ך און פון דעם תַלמוד-בַבלי.

אויך איטאַליע איז אין יענער צייט געוואָרן אַ צענטער פאַר אידישער קולטור. די אַלטע אידישע קהילה אין רוים איז געשטאַנען אונטער דעם שוץ פון דעם פויפסט, דעם קיסר פון דער קריסטלעכער קירך; די קהילות אין צָפון-איטאַליע אָדער לאָמבאַרדיע (וועראָנאַ, פאַוויאַ און אַנדערע) זיינען געווען אַ צייט אונטערטעניק די דייטשע קיסרים; אין דרום-איטאַליע זיינען די גרויסע אידישע קהילות אין נעאַפּאָל, סאַלערנאָ, באַרי און אַנדערע שטעט געווען אָפּהענגיק פון די ביזאַנטישע הערשער, און אין די שטעט פון סיציליע (פּאַלערמאָ, מעסינאַ און אַנדערע) האָבן גע-

הערשט די אַראַבער. אַזוי זיינען זיך אין איטאַליע צונויפגעקומען פאַרשיידענע פעלקער, רעליגיעס און קולטורן, און צווישן זיי האָט זיך ברייט אַנטוויקלט אויך די אידישע קולטור. מען הערט צו יענער צייט פון תּלמודישע ישיבות און גרויסע געלערנטע אין איטאַליע; עס באַווייזן זיך סימנים פון אַ העבּרעאישער ליטעראַטור. איינער האָט איבערגעאַרבעט אויף העבּרעאיש די גריכיש געשריבענע אידישע געשיכטע פון יוסף פלאַוויוס (דאָס בוך „יוסיפון", וואָס מען האָט שפּעטער איבערגעזעצט אויף אידיש פאַר דייטשע און פּוילישע אידן). מען האָט געשריבן תּפילות און סליחות אין העבּרעאיש. אָבער די בעסטע ווערק פון דער אידישער ליטעראַטור זיינען געשאַפן געוואָרן ניט אין איטאַליע, נאָר אין אַן אַנדער טייל פון דרום-אייראָפּע — אין שפּאַניע.



28. „יוסיפון", ערשטע אויסגאַבע אין אידיש (ציריך 1546)

---

## 29. די „גאָלדענע צייט" אין אַראַבישער שפּאַניע

נאָכדעם ווי די אַראַבער האָבן זיך אַריינגעריסן אין שפּאַניע, האָט נאָך לאַנג געדויערט ביז וואַנען זיי האָבן דורך בלוטיקע מלחמות אַרויסגעשטויסן די קריסטלעכע הערשער פון דרום-טייל און האָבן דאָרט געגרינדעט זייער אייגענע מלוכה. אין צענטן יאָרהונדערט האָט

זיך דאָ געבילדעט אַן אַראַבישער קאַליפאַט מיט דער הויפּטשטאָט קאָרדאָוואַ און מיט נאָך גרויסע שטעט: סעווילאַ, גראַנאַדאַ, לוסענאַ; אַפילו די געוועזענע הויפּטשטאָט פון די וועסטגאָטן, טאָלעדאָ, אין מיטל-שפּאַניע האָט אויך געהערט צום אַראַבישן קאַליפאַט. אין דער צייט, ווען אַ סך קריסטן האָבן אָנגענומען דעם איסלאַם און האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די אַראַבער, זיינען די אידן געבליבן ביי זייער גלויבן און פאָלק. זיי האָבן געלעבט מיט די אַראַבער אין פריינדשאַפט און געבילדעטע אידן פלעגן אָפט פאַרנעמען הויכע שטעלעס אין דער רעגירונג.

ביי דעם קאָרדאָוואַער קאַליף אַבדוראַכמאַן איז געווען אַ אידישער מיניסטער חיסדאַי אִבן-שאַפּרוט, אַ קענער פון פרעמדע שפּראַכן און פון דער „חָכמַת הָרפוּאָה“, מעדיצין. קיין קאָרדאָוואַ פלעגן קומען פאַר-טרעטער (אַמבאַסאַדן) פון פאַרשיידענע אייראָפּעאישע מלכים צוליב פּאָליטישע ענינים, איז חיסדאַי געווען דער פאַרמיטלער צווישן זיי און דעם קאַליף; ער פלעגט אויך ענטפערן אויף די בריוו, וואָס דער קאַליף האָט באַקומען פון פרעמדע רעגירונגען. דער אידישער מי-ניסטער האָט געדינט אויך זיין אייגענעם פאָלק: ער האָט געזאָרגט וועגן דער אויפהאַלטונג פון אידישע קהילות און שולן און איז אָנער-קענט געוואָרן אַלס „נשיא“ אָדער עקסילאַרך פון שפּאַנישע אידן. אין זיין צייט האָט זיך געגרינדעט אין קאָרדאָוואַ אַ תלמודישע ישיבה דורך איינעם אַ רָב, וואָס איז געקומען פון בָבל. וועגן דעם דערציילט מען אַזאַ מעשה:

נאָכן טויט פון רבי סעדיָה גָאון, ווען די ישיבות אין בָבל זיינען געפאַלן, האָבן זיך פון דאָרטן אַוועקגעלאָזט אויף דער וועלט פיר גע-לערנטע רַבָנים צו קלייבן געלט אויף אויסהאַלטן די ישיבות. אין וועג אויפן יַם איז זייער שיף פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַראַבישע מאַטראָסן, וואָס האָבן די אידישע משולָחים געפאַנגען און פאַרקויפט פאַר קנעכט אין פאַרשיידענע לענדער. איינער פון די „פיר געפאַנגענע“ רבי מושה בן חַנוך, איז אויסגעקויפט געוואָרן דורך קאָרדאָוואָער אידן. קיינער האָט ניט געוואוסט ווער ער איז, און מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ פּראָסטן אָרימאַן. איינמאָל זיצט רבי מושה אין קאָרדאָוואָער בית-המדרש און הערט זיך צו, ווי דער רָב פון דער קהילה לייענט אַ שיעור

(לעקציע) אין תּלמוּד און דערקלערט דעם טעקסט ניט ריכטיק; איז ער אויפגעשטאַנען און האָט געגעבן אַ ריכטיקע דערקלערוּנג. מען האָט דעם אָרימאַן געשטעלט עטלעכע שווערע קשיות, און ער האָט זיי אַלע פאַרענטפערט. דאָ האָט דער אַלטער רב געזאָגט צום עולם: „איך קען מער ניט זיין אייער רב, אָט דער אָרימער וואַנדערער איז אַ גרע־סערער קענער ווי איך און ער האָט רעכט צו זיין אייער פירער". די קאָרדאָוועער קהילה האָט טאַקע אָנגענומען רבי מושהן פאַר אַ רב; ער האָט דאָרטן געגרינדעט אַ ישיבה און אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין שפּאַניע יענע תּלמוּדישע וויסנשאַפט, וואָס ער האָט געבראַכט פון בבל. דער מיניסטער היסדאי האָט אים געשטיצט, ווי אויך אַנדערע געלערנטע, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין שפּאַניע.

חיסדאי האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלץ, וואָס עס טוּט זיך אין דער אידישער וועלט. איינמאָל האָט ער געהערט, אַז ערגעץ וואו צווישן אַזיע און אייראָפּע האָט זיך געבילדעט „אַ אידישע מלוּכה", דאָס אויבנדערמאָנטע כאַזאַרן־לאַנד צווישן קאַספּישן און שוואַרצן ים. דוּרך רייזנדע פון ווייטע מדינות האָט חיסדאי געשיקט אַ בריוו צום כאַזאַרישן קיניג און געבעטן אים מודיע זיין, צי איז דאָס אֶמֶת, אַז אידן האָבן אויף דער וועלט אַ שטיק לאַנד מיט אַן אייגענער רעגירוּנג. ער האָט באַקומען אַ תּשוּבה פון דעם לעצטן כאַזאַרישן קיניג יוֹסֵף, עטלעכע יאָר איידער די רוּסן האָבן חרוּב געמאַכט זיין הויפּטשטאָט אויף דער וואָלגאַ (אויבן, קאַפּיטל 27, צום סוף). דעם אידישן מיניסטער איז שוין ניט באַשערט געווען צו טרייסטן זיך מיטן טרוים וועגן אַ זעלבסטשטענדיקער אידישער מלוּכה.

אין אָנהויב פון עלפטן יאָרהוּנדערט איז דער קאָרדאָוועער קאַליפאַט צעטיילט געוואָרן צווישן עטלעכע קליינע מלכים. איינער פון זיי, דער קיניג פון ג ר אַ נ אַ ד אַ, האָט אויך געהאַלטן ביי זיך אַ אידישן מיניסטער, דעם באַרימטן שרייבער, רבי שׁ מ וּ א ל הַ נ ג י ד. דער געלערנטער תּלמוּדיסט שמואל, וואָס האָט געשריבן זייער שיין העברעאיש און אַראַביש, האָט געלעבט פריער אין דער שטאָט מאַלאַגאַ, נאָענט צו גראַנאַדאַ; זיין פּרנסה האָט ער געצויגן פון אַ קרעמל מיט בשמים (געווירצן). איינמאָל איז צו אים געקומען די דינסט פון גראַנאַדישן וויזיר (ערשטן מיניסטער), וועמעס פאַמיליע האָט געוואוינט אין

שכנות מיט שמואלס הויז, און האָט אים געבעטן אָנשרייבן פאַר איר א בריוו צו איר בעל־הבית אין גראַנאַדאַ. דער וויזיר איז געווען אַנטציקט פון דעם שיינעם אַראַבישן סטיל און פון דער פיינער האַנט־שריפט אין בריוו, און קומענדיק קיין מאַלאַגאַ האָט ער זיך באַקאַנט מיט שמואלן. אין דעם אידישן קרעמער האָט ער דערזעען א הויך גע־בילדעטן און קלוגן מאַן און האָט אים מיטגענומען קיין גראַנאַדאַ אַלס סעקרעטאַר. אינגיכן איז דער אַלטער וויזיר געשטאָרבן. פאַרן טויט האָט ער אַן עצה געגעבן דעם גראַנאַדישן קיניג, ער זאָל באַשטימען פאַר א וויזיר שמואלן, און דער קיניג האָט טאַקע אַזוי געטאָן. כמעט דרייסיק יאָר האָט רבי שמואל פאַרנומען די שטעלע פון א וויזיר אין גראַנאַדאַ און האָט געפירט אַלע פּאָליטישע געשעפטן פון דער קליינער מלוכה. די פרומע מוסולמענער זיינען ניט געווען צופרידן מיט זייער קיניג, וואָס האַלט א אידישן מיניסטער; אין לאַנד האָט מען שטאַרק אַגיטירט קעגן שמואלן און קעגן אידן בכלל, וואָס האָבן זיך פאַרמערט אין לאַנד און האָבן באַקומען א אייגענעם „נגיד“: אַזא טיטול, דאָס זעלבע וואָס „נשיא“ (פירשט), האָט רבי שמואל באַקומען אַלס פירער פון די אידישע קהילות. די געבילדעטע אַראַבער האָבן אָבער אויך געשעצט די גרויסע קענטעניש פון דעם וויזיר אין שפּראַכן און וויסנ־שאַפטן. אין דער העבּראַאישער ליטעראַטור איז שמואל הנגיד באַרימט געוואָרן אַלס ערשטער דיכטער, וואָס האָט אין שפּאַניע געשריבן גערייטע שירים אין דער באַנייטער נאַציאָנאַלער שפּראַך (געזאַמלט אין זיינע ביכער „בן־תהלים“, „בן־משלי“ און בן־קוהלת“).

די פיינדשאַפט פון די מוסולמענישע פאַנאַטיקער צו א אידישן וויזיר האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָכן טויט פון רבי שמואלן, ווען זיין זון יוסף הנגיד האָט פאַרנומען זיין הויכע שטעלע. איינמאָל, בשעת א מלחמה צווישן דעם גראַנאַדישן קיניג און דעם פירשט פון א נאָענטער קליינער מלוכה, האָט זיך א באַנדע אַראַבער אריינגעריסן אין פאַלאַץ פון יוסף הנגיד, האָט אים געהרגעט און אויסגערויבט הונדערטער אידישע הייזער אין גראַנאַדאַ (אין יאָר 1066).

אויך ביי אַנדערע הערשער פון די קליינע אַראַבישע מלוכות אין שפּאַניע (סעווילאַ, סאַראַגאָסאַ) האָבן געבילדעטע אידן פאַרנומען הויכע שטעלעס, אַלס וויזירס און פינאַנץ־אַגענטן. אַפילו אין קאַסטיליע, דער

קריסטלעכער מלוכה אין צפון־שפּאַניע, האָט דער קיניג אַלפאָנס VI געמוזט אָנקומען צו אידישע דיפּלאָמאַטן ביי זיינע פאַרהאַנדלונגען מיט די שכנישע אַראַבישע הערשער. ער האָט באַקומען דערפאַר אַ שאַרפן בריוו פון רוימישן פויפּסט, וואָס האָט אים פאַרגעהאַלטן, אַז ער „דערהויבט דעם שׂטנס סינאַגאָגע און דערנידעריקט די קריסטלעכע קירך"; אָבער אַלפאָנס האָט דעם „הייליקן פאָטער" ניט געפאָלגט און זיינע אידישע באַאַמטע ניט אָפּגעזאָגט.

אין יענער צייט האָט אויפגעבליט די אַראַביש־אידישע ליטעראַטור. דער עלפטער און צוועלפטער יאָרהונדערט הייסן „די גאָלדענע צייט פון דער אידישער ליטעראַטור". נאָך שמואל הנגיד האָבן זיך באַוויזן אַ גרויסע צאָל געלערנטע, פּאָעטן און דענקער, וואָס האָבן געשריבן העברעאיש און אַראַביש. אין שפּאַניע האָט מען זיך ניט אַזוי פיל פאַרנומען מיטן תלמוד ווי אין בבל, נאָר מען האָט פריי געפאָרשט רעליגיעזע און פילאָזאָפישע פראַגן און געשריבן שיינע שירים מיט אַ רעליגיעזן אָדער וועלטלעכן אינהאַלט. שלמה בן גבירול (גאַבּיראָל) פון מאַלאַגאַ האָט פאַרפאַסט אין העברעאיש יענע טרויעריקע תפילות וועגן דעם גורל פון אידישן פאָלק, וואָס ביז היינט לייענט מען זיי נאָך אין די שולן, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן. אין איינער פון די דאָזיקע תפילות פאַרגלייכט ער די אידישע נאַציע מיט אַ טויב צווישן ווילדע חיות אין דער קריסטלעכער און מוסולמענישער וועלט. „ישמעאל (דער אַראַבער) איז ווי אַ לייב און עשׂו (דער קריסט) ווי אַ רויבפויגל: לאָזט איינער אָפּ אַ ווײַלע—כאַפּט אונז דער אַנדערער". גבירול האָט אויך געשריבן אין אַראַביש זיין פילאָזאָפיש ווערק „דער קוואַל פון לעבן", וואָס איז שפּעטער פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן געלערנטע קריסטן אין אַ לאַטייניש איבערזעצונג אונטער אַ פאַלשן נאָמען אַוויצעבראָן. נאָך גבירולס מוסטער האָט אויך געשריבן פיל טרויעריקע נאַציאָנאַלע תפילות אָדער „סליחות" דער גראַנאַדער פּאָעט משה אבן עזרא. אין אַנדערע שירים באַזינגט אבן עזרא אויך די זאָרגן און צרות פון דעם יחיד, פון יעדן מענטש, וואָס טראַכט וועגן די העכערע פראַגן, וועגן דעם זין פון לעבן. די אידישע געבעטביכער זיינען פול מיט זיינע סליחות. אָבער זיינע פילאָזאָפישע ווערק, וואָס ער האָט געשריבן, זיינען ווייניק באַקאַנט.

דער גרעסטער אידישער דיכטער און דענקער פון יענער צייט איז געווען יהודה הלוי פון טאָלעדאָ. אין זיינע ציון־לידער (ציאָנידן) האָט ער אויסגעגאָסן זיין הייסע בענקשאַפט נאָך דעם הייליקן לאַנד, ארץ־ישראל, פאַר וועלכן עס האָבן דאַן געפירט אַ מלחמה אֶדום און עֲרָב, די קריסטלעכע קרייצטרעגער און די מוסולמענער. דאָס ליד „ציון הֲלא תשאֲלי", וואָס מען לייענט נאָך היינט אין אַלע אידישע שולן אין טאָג פון תשעה־באָב, הויבט זיך אָן מיט אַ פראַגע פון דעם דיכטער:

בענקסט דו אויך נאָך דיינע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפרייטע בענקען?

און ווייטער גיסט אויס דער דיכטער זיין האַרץ פאַר זיין געליבטער ציון:

מיך ציט צו דיר. מיין האַרץ גייט אויס נאָך יענע ערטער,
וואו די אָבות האָבן זיך באַגעגנט מיט מלאָכים,
וואו די שכינה האָט גערוט...
וואו נעמט מען פליגלען? שטיקערווייז וואָלט איך מיין האַרץ
ווייט, ווייט אין דיינע ווסטע בערג פאַרטראָגן,
כ׳וואָלט צוגעפאַלן צו דער ערד, וואָלט זי אויסגעקושט,
איר יעדן פוסטריט, יעדעס שטיינדעלע באַזונדער,
און אומגעוואַנדערט וואָלט איך טאָג און נאַכט
אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער אויף דיינע חורבות!...

יהודה הלוי האָט ניט אויסגעהאַלטן און איז אויף דער עלטער אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער עס איז געווען אַ סכנה אַריינצו־קומען אין דער הייליקער שטאָט ירושלים, וואָס איז דאַן געווען אין די הענט פון די פאַנאַטישע קרייצפאָרער. דער דיכטער האָט פאַר־בראַכט אַ לענגערע צייט אין מצרים און דאָרטן געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. מען דערציילט, אַז ער איז טאַקע אַהין געקומען, דערגאַנגען ביז די טויערן פון ירושלים און, דערזעענדיק די חרובע שטאָט, האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער ערד, געקושט די שטיינער און באַגאָסן זיי מיט טרערן, זינגענדיק איינע פון זיינע „ציאָנידן"; דאָ איז אויף אים אָנגעפאָרן אַן אַראַבישער (אפשר

אַ קריסטלעכער) רייטער און האָט אים צעטראָטן מיט די פיס פון זיין פערד.

חוץ אַ גרויסער צאָל שירים אין אַ גלענצנדער העברעאישער שפּראַך, האָט יהודה הלוי געשריבן אין אַראַביש אַ פילאָזאָפיש ווערק וועגן אידישקייט. אין אַ העברעאישער איבערזעצונג הייסט דאָס בוך „ספר הכוזרי", ווייל עס איז געשריבן אין דער פאָרם פון אַ שמועס צווישן אַ אידישן געלערנטן און דעם כאַזאַרישן (כוזרישן) מלך, וואָס האָט געוואָלט אָננעמען דעם אידישן גלויבן. דער מחבר וויל דאָ באַווייזן, אַז אידישקייט איז ניט אַ זאַך פון מענטשלעכן שכל, נאָר פון געפיל און צוטרוי צו דעם, וואָס עס האָבן אונז איבערגעגעבן אונזערע אורעלטערן, די אָבות אבותינו, פון דור צו דור אין משך פון טויזנטער יאָרן. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד וואָלט ניט געקענט ברענגען אונז צום אמתן גאָט, צום באַשאַפער פון הימל און ערד, ווען גאָט אַליין וואָלט זיך ניט אַנטפּלעקט אויפן באַרג סיני און געגעבן דורך מושהן זיינע געזעצן דעם אידישן פאָלק. דאָס אידישע פאָלק איז באַרופן פאַרשפּרייטן דעם אמתן גלויבן צווישן אַלע פעלקער און איז צווישן די פעלקער אַזוי ווי דאָס האַרץ צווישן די גלידער פון מענטשלעכן גוף, דער קוואַל פון בלוט, וואָס באַלעבט דעם גאַנצן גוף. אידן האָבן געפונען דעם אמת, אין דער צייט ווען די אַלטע גריכן האָבן געפונען נאָר די שיינקייט; אין דער גריכישער חכמה וואַקסן בלויז בלומען, אָבער ניט קיין פרוכטן.

גאָר אַנדעריש האָט פאַרשטאַנען דעם וועזן פון אידישקייט דער גרויסער דענקער מ ו ש ה ב ן - מ י מ ו ן, באַרימט אונטער דעם נאָמען מ יימ אָ נ י ד און ר מ ב "ם (ראשי תיבות פון רבי מושה בן-מימון). ער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז דער ריינער אידישער גלויבן שטימט איינגאַנצן מיט דעם מענטשלעכן שכל, וואָס איז אַליין אַ חלק פון גאָט. מען דאַרף ניט ג ל ו י ב ן אין דעם, וואָס מען קען ניט פ אַ ר ש ט יי ן. דער שכל רייניקט די אמונה און דערלאָזט זי ניט צום אַבערגלויבן. דעם לעצטן געדאַנק האָט דער רמב"ם גענומען ביי דעם אַלטן גריכישן פילאָזאָף אַריסטאָטעל (אַריסטו), וועמעס תורה איז געווען פאַרשפּרייט אין דער אַראַבישער ליטעראַטור פון יענער צייט. אין זיין אַראַביש געשריבענעם ווערק „מורה נבוכים" (דער פירער פון

די פּאַרבלאָנדזשעטע) באַמיט זיך דער רמב״ם צופּאַסן די גרונד־געזעצן פון תּורת־מושה צו דער אַריסטאָטעלישער פילאָזאָפיע, אַזוי ווי אַמאָל האָט פילאָן דער אַלעקסאַנדריער צוגעפּאַסט די תּורה צו דער פילאָ־זאָפיע פון דעם אַלטן גריכישן דענקער פּלאַטאָן. דער רמב״ם האָט אויך סיסטעמאַטיש באַאַרבעט די צווייטע תּורה: דעם תּלמוד. אין זיין גרויסן בוך „מִשְׁנֶה־תּוֹרָה" אָדער „יָד הַחֲזָקָה" (די צווייטע תּורה, די שטאַרקע האַנט), וואָס איז שוין געווען געשריבן העברעאיש, האָט ער צונויפגעשטעלט אַלע געזעצן פון דער יידישער רעליגיע, פאַמיליע־לעבן און געזעלשאַפט, ווי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אין ביידע תּורות. אין דער ערשטער אָפּטיילונג, וואָס הייסט „סֵפֶר־הַמַּדָּע" (בוך פון וויסן) האָט דער רַמבּ״ם דערקלערט, ווי עס לעגן זיך אויפן שכל אַלע גרונד־געדאַנקען פון אידישקייט. אַזעלכע „עיקרים" (דאָגמעס) פון גלויבן האָט ער אויפגעציילט דרייצען: 1) גאָט איז דער באַשאַפער פון דער וועלט, 2) ער איז איין איינציקער, 3) ער האָט ניט קיין גוף און קיין קער־פּערלעכע פאָרם, 4) ער איז אייביק, 5) מען דאַרף בעטן נאָר צו אים, 6) אַלע רייד פון די אידישע נביאים זיינען אֱמֶת, 7) תּורת מושה איז אֱמֶת, 8) גאָט אַליין האָט געגעבן די תּורה דורך מושהן און 9) זי וועט קיינמאָל ניט פאַרביטן ווערן אויף אַן אַנדער תּורה, 10) גאָט ווייס אַלע מעשים און געדאַנקען פון מענטשן, 11) ער באַלוינט פאַר גוטע מעשים און באַשטראָפט פאַר שלעכטע, 12) ווען עס איז וועט קומען משיח און מען דאַרף אויף אים שטענדיק וואַרטן, 13) ווען עס איז וועלן די טויטע לעבעדיק ווערן. די דאָזיקע דרייצען עיקרים ווערן נאָך ביז היינט געלייענט אין פיל שולן אַלע טאָג אין דער פרי נאָכן דאַווענען און יעדערער פון זיי הויבט זיך אָן מיט די ווער־טער „אֲנִי מַאֲמִין" (איך גלויב).

דער רמבּ״ם האָט פאַרבראַכט זיין לעבן אין מַעֲרָב און מִזְרָח. געבאָרן אין קאָרדאָוואַ, האָט ער נאָך אין די יונגע יאָרן געמוזט פאַר־לאָזן שפּאַניע, ווייל אַהין האָבן זיך אַריינגעריסן פון אַפריקע פאַנאַטישע מוסולמענער, די אַלמאָהאַדן, וואָס האָבן אומעטום געשלאָגן אידן און געניט זיי צום שמד. נאָכדעם ווי ער האָט געוואַנדערט אין פאַרשיי־דענע לענדער און באַזוכט אויך אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל, האָט ער זיך באַזעצט אין דער הויפּט־שטאָט פון מִצְרַיִם, קאַאירא (פאָסטאַט), און איז געוואָרן

הויף־אַרצט בײַ דעם באַרימטן סוּלטאַן סאַלאַדין (ער האָט געלערנט מעדיצין אוּן האָט געשריבּן מעדיצינישע װערק אין אַראַבּיש). בײַ די עגיפּטישע אידן האָט ער פאַרנוּמען די שטעלע פוּן אַ „נגיד", אַז עק־סילאַרך. דער רמבּ"ם איז געװען באַרימט אין אַלע לענדער, װאוּ אידן האָבּן געלעבּט. װען ער איז געשטאָרבּן אין קאַאירא (יאָר 1204), האָבּן זײַן טויט באַװײנט אי אידן אי גע־בּילדעטע אַראַבּער. זײַן קערפּער האָט מען אַריבּערגעפירט אין דעם הײליקן לאַנד אוּן באַגראָבּן אין דער שטאָט טבריה.



29. רמבּ"ם

נאָך פיל געלערנטע אוּן שרײַ־בּער האָט דאָס שפּאַנישע אידנ־טוּם געגעבּן דער װעלט אין יענער „גאָלדענער צײַט". דער שאַרפ־זיניקער אַבְרָהָם אִבְּן עֶזְרָא, װאָס האָט געשריבּן אַ קלוּגן פּירוּש צוּ דער תּוֹרה אוּן שײנע העבּרעאישע שירים, איז געװען אויך אַ קענער אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע אוּן פילאָזאָפיע. דער פילאָזאָף אַבְרָהָם אִבְּן דאַוּד פוּן טאָלעדאָ איז געװען אויך אַ היסטאָריקער אוּן האָט פאַרפאַסט דאָס בּוּך „סֵפֶר הַקַבָּלָה", װאוּ ער דערציילט, װי די אידישע װיסנשאַפט האָט זיך אַנטװיקלט פריער אין בָּבֶל אוּן שפּעטער אין שפּאַניע, װי נאָך דוֹרוֹת פוּן „גאוֹנים" זײַנען געקוּמען „רַבָּנים". דער װעלט־רײַזנדער בִּנְיָמִין פוּן טוּדעלאַ האָט דרײַצן יאָר (פוּן 1160 בּיז 1173) אוּמגערײזט אין אַלע לענ־דער, װאוּ עס געפינען זיך אידישע קהילוֹת. איז זײַן בּוּך „מַסעוֹת בּנְיָמין" דערציילט ער װעגן אַלץ, װאָס ער האָט געזען אוּן געהערט אין אײראָפּע, אַזיע אוּן אַפריקע. זײַן בּוּך גיט אַ בּילד פוּן אידישן לעבּן אין דער גאַנצער װעלט אין דער צװײטער העלפט פוּן צװעלפטן יאָרהוּנדערט.

## 30. די קרייץ-צוגן אין מיטל-אייראָפּע

די גאָלדענע צייט פֿאַר די שפּאַנישע אידן איז געווען אַ פֿינסטערע צייט פֿאַר די דייטשישע און פֿראַנצויזישע יידן. צום סוף פֿון עלפֿטן יאָרהונדערט האָט זיך דאָ אויפֿגעהויבן צווישן די קריסטן אַ באַוועגונג, וואָס האָט אויפֿגערודערט די גאַנצע וועלט. אין אייראָפּע האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין הייליקן לאַנד פּאַלעסטינע ווערן קריסטן פֿאַרפֿאָלגט פֿון מוסולמענער. דער רוימישער פּויפּסט אורבאַן האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפֿרוף צו אַלע קריסטן, זיי זאָלן אויסטיילן פֿון זיך פֿרייוויליקע זעלנער און שיקן קיין פּאַלעסטינע אָפּצונעמען בײַ די טערקן די הייליקע שטאָט ירושלים מיט קריסטוסעס קבֿר. אין פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבן זיך אויף דעם רוף פֿון פּויפּסט אָפּגערופֿן צענדליקער טויזנט קריסטן פֿון אַלע קלאַסן. עס זיינען געגאַנגען פּויערים, וואָס מען האָט זיי צוגעזאָגט באַפֿרייען פֿון קנעכטשאַפֿט בײַ די פּריצים, און פּריצישע „ריטער“, וואָס האָבן געהאָפֿט אָנרויבן פֿיל גוטס בײַ די אַראַבער אין אַזיע; צו זיי זיינען צוגעשטאַנען אַלערליי אַוואַנטוריסטן און באַנדיטן. גאַנצע מחנות „קרייצטרעגער“ (מען האָט זיי אַזוי גערופֿן, ווייל זיי האָבן געטראָגן אויף די אויבערשטע קליידער צוגענייטע רויטע קרייצן, צלמים) האָבן זיך צעגאָסן איבער די לענדער וואָס אַרום רהיין, אויף דער גרעניץ פֿון פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד, גרייט צו גיין צום הייליקן לאַנד. דערווייל אָבער האָבן ווילדע באַנדעס קרייצטרעגער געראַבעוועט די באַפֿעלקערונג אין די ערטער, דורך וועלכע זיי זיינען דורכגעגאַנגען. די אידישע באַפֿעלקערונג פֿלעגט מען ניט נאָר ראַבעווען, נאָר אָפֿט אויך טויטן אָדער נויטן צו שמד. דורכגייענדיק די שטעט, וואו אידן האָבן געלעבט, פֿלעגן די באַנדיטן זאָגן: „מיר גייען שלאָגן מוסולמענער אין ווייטע לענדער און דאָ לעבן זיך רואיק אידן, וואָס האָבן געלאָזט טויטן אונזער קריסטוסן. לאָמיר זיך פֿריער מיט זיי אָפּרעכענען!“

אין די טעג צווישן פּסח און שבֿועות פֿון יאָר 1096 האָבן זיך אין די רהיין-לענדער אָפּגעטאָן שרעקלעכע מעשים. אין די שטעט וואָרמס, קעלן, מאַינץ און פֿיל אַנדערע האָבן די קרייצטרעגער חרובֿ געמאַכט גרויסע אידישע קהילות. מען האָט געכאַפּט אידן און געפּאָדערט,

זיי זאָלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן; ווער עס האָט דאָס ניט געטאָן, יענעם האָט מען געהרגעט אויפן אָרט. עס זיינען געקוילעט געוואָרן טויזנטער אידן; אָפּגייענדיק מיט בלוט, פלעגן זיי שרייען: שמע ישׂראל! אַנדערע פלעגן זיך אַליין נעמען דאָס לעבן, כּדי ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מערדער; עלטערן פלעגן קוילענען זייערע געליבטע קינדער פאַר מורא, אַז מען זאָל זיי ניט אָפּשמדן. אין דער אַלטער שטאָט וואָרמס האָט זיך אַ טייל פון דער אידישער קהילה באַהאַלטן אין דעם באַפעסטיקטן פּאַלאַץ פון דעם דאָרטיקן בישאָף. די קרייצטרעגער האָבן זיך געוואָלט אַריינרייסן אין פּאַלאַץ, אָבער דער בישאָף האָט זיי אָפּגעהאַלטן און צוגעזאָגט, אַז ער וועט איינרעדן די אידן זיי זאָלן זיך טויפן. דער בישאָף האָט געזאָגט צו די אידן: „ווילט איר ראַטעווען אייער לעבן, נעמט אָן דעם קריסט-לעכן גלויבן". זיי האָבן אים געענטפערט: „גיב אונז צייט צו באַטראַכ-טען די זאַך". די קרייצטרעגער זיינען געשטאַנען אַרום פּאַלאַץ, וואַר-טנדיק אויף אַ תשובה. די פאַרשלאָסענע אידן האָבן אָבער צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז „אַלע זאָלן זיך ברענגען פאַר אַ קרבן אין נאָמען פונם איינציקן גאָט". זיי האָבן זיך אַלע אַליין אויסגעקוילעט, און ווען די באַנדיטן האָבן געעפנט די טירן פון פּאַלאַץ, האָבן זיי געפונען נאָר טויטע קערפּערס. אַזוי איז געווען אויך אין אַנדערע קהילות. פיל אידן אָבער האָבן אונטער דעם מעסער פון די קרייצטרעגער געלאָזט זיך טויפן, מיט דעם געדאַנק אומקערן זיך צום אידנטום באַלד ווי די רוצחים וועלן אַוועקגיין. אַז די באַנדעס זיינען זיך צעלאָפן און אין דייטש-לאַנד איז רואיק געוואָרן, האָט דער דייטשער קיסר היינריך IV ערלויבט אַלע אידן, וואָס זיינען געטויפט געוואָרן מיט געוואַלט, אומקערן זיך צו זייער אמונה.

אין דריי יאָר אַרום האָבן די קרייצטרעגער איינגענומען די היי-ליקע שטאָט ירושלים, אויסגעהרגעט דאָרטן מוסולמענער און אידן און האָבן געגרינדעט די קריסטלעכע „מלוכה פון ירושלים". די קליינע מלוכה איז אָבער געווען אַרומגערינגלט פון מחנות פיינדלעכע מוסול-מענער, און אירע קריסטלעכע הערשער האָבן געמוזט פון צייט צו צייט אַרויסרופן הילף פון אייראָפּע. אַזוי איז אין פופציק יאָר אַרום נאָך דעם ערשטן קרייץ-צוג צוגעגרייט געוואָרן דער צווייטער (1147).

דאָס מאָל האָבן די קרייצטרעגער אויפֿן וועג געשלאָגן אידן נאָר אין עטלעכע שטעט פֿון פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד; גרעסערע אידישע קהילות האָבן זיך אין דער צייט, ווען די באַנדיטן זיינען דורכגעגאַנגען, באַהאַלטן אין די באַפֿעסטיקטע פּאַלאַצן און הויפֿן פֿון שטאַרקע פֿעאָ-דאַלן, צאָלנדיק זיי גרויסע סומעס געלט פֿאַר דעם שוץ.

דער דריטער קרייץ-צוג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט פֿערציק יאָר שפּעטער (1189), האָט אָנגערירט דעם נייען אידישן ישוב אין ע נ ג ל אַ נ ד. דאָ האָבן זיך באַזעצט אידן פֿון פֿראַנקרייך און האָבן געגרינדעט קהילות אין לאָנדאָן און נאָך עטלעכע גרעסערע שטעט (אָקספֿאָרד, קעמבּרידזש, יאָרק). נאָך די ערשטע צוויי קרייץ-צוגן האָבן זיך די קהילות פֿאַרגרעסערט, ווייל עס זיינען אַהער אָנגע-לאָפֿן נאָך אידן פֿון פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד. די ענגלישע מלכים האָבן זיי געגעבן רעכט צו קויפֿן ערד און הייזער און האַנדלען איבערן גאַנצן לאַנד, אָבער דערפֿאַר האָבן זיי געמוזט צאָלן דעם קיניג גרויסע שטייערן. דאָך זיינען אַ סך אידישע סוחרים רייך געוואָרן; אין לאָנדאָן האָבן אַזעלכע גבירים געלעבט אין שיינע געמויערטע הייזער און האָבן אויפֿגעוועקט אַ געפֿיל פֿון קינאה ביי קריסטן. דאָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן צו אַ שרעקלעכן פּאָגראָם אין דער צייט, ווען דער ענגלישער קיניג ריטשאַרד I, האָט זיך געגרייט צו אַ קרייץ-צוג צוזאַמען מיט די מלכים פֿון פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד.

אין לאָנדאָן איז געווען אַ יום-טוב: דער קרוינונג-טאָג פֿון דעם קיניג ריטשאַרד. אין דער גרויסער קירך ביים קיניגליכן פּאַלאַץ זיינען אָנגעקומען אַ סך דעפּוטאַציעס צו באַגריסן דעם נייעם הערשער; געווען אויך אַ אידישע דעפּוטאַציע. „ווי קומען דאָס אידן אין אַ קריסטלעכער קירך?" — האָט דער לאָנדאָנער בישאָף געזאָגט צום קיניג, — און תּיכּף האָט מען געהייסן אַרויספֿירן די אידישע דעפּוטאַטן פֿון פּאַלאַץ. אין שטאָט האָט מען געלאָזט אַ קלאַנג, אַז דער פֿרומער קיניג האָט די אידישע פֿאָרשטייער אַרויסגעטריבן, און די לאָנדאָנער בירגער צוזאַמען מיט די קרייצטרעגער האָבן זיך גענומען שלאָגן אידן, אונ-טערצינדן זייערע הייזער און באַרויבן זייער פֿאַרמעגן. פֿיל מענטשן זיינען פֿאַרבּרענט געוואָרן אין זייערע הייזער. נאָכדעם ווי ריטשאַרד איז אַוועק מיט די קרייצטרעגער קיין פּאַלעסטינע, זיינען אַזעלכע

פאַגראָמען פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע שטעט פון ענגלאַנד. דער שרעקלעכסטער פאָגראָם איז געווען אין יאָרק. דאָ האָט זיך דער רבֿ און נאָך פיל פון דער אידישער קהילה פאַרשפּאַרט אין דעם טורעם פון אַ פעסטונג. זעקס טעג האָבן די קריסטן באַלאַגערט די פעסטונג און ניט געקענט אַריינדרינגען אין דעם טורעם; איינער אַ מאַנאַך, וואָס האָט גערייצט צו אַ פאָגראָם, איז געהרגעט געוואָרן פון אַ שטיין, וואָס די באַלאַגערטע האָבן געוואָרפן פון דער הויך פון טורעם. אָבער אינגעכן איז אויסגעגאַנגען די שפּייז אין דער פעסטונג; די באַלאַגערטע, פאַרמאַטערט פון הונגער, האָבן שוין ניט געקענט קעמפן, און אָפּגעבן זיך אין די הענט פון די פיינד האָבן זיי אויך ניט געוואָלט. דאַן האָט דער רבֿ, רבי יום-טוב, געזאָגט: „ברידער, עס זעט אויס, אַז אונז איז באַשערט צו שטאַרבן פאַר אונזער הייליקער תורה. גאָט האָט אונז געגעבן דאָס לעבן, לאָמיר עס אים אַליין צוריקגעבן מיט אונזערע הענט, ווי עס האָבן געטאָן אונזערע ברידער אין אַנדערע קהילות" (אין דייטשלאַנד). דער רבֿ און די חשובסטע מענטשן פון דער קהילה האָבן זיך אַליין געקוילעט מיט מעסערס; די איבעריקע האָבן באַקומען דעם טויט פון די הענט פון די שונאים, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער פעסטונג.

די שרעקלעכע צייט פון די קרייץ-צוגן האָבן באַשריבן מענטשן, וואָס האָבן זי אַליין איבערגעלעבט (אליעזר בן נתן און שלומה בן שמעון פון מאַינץ, אפרים פון באָן און אַנדערע). דיכטער האָבן די צרות באַזונגען אין קלאָג-לידער, אין „קינות", וואָס מען האָט געלייענט אין די שולן. אַלע יאָר, דעם צוואַנציקסטן טאָג פון סיון, פלעגט מען אין די קהילות מאַכן אַ תענית און לייענען מיט גרויס געוויין אַזעלכע קינות און סליחות, ווי צום ביישפּיל:

מיט בלוטיקע טרערן באַקלאָג איך די הייליקע קהילה פון וואָרמס,
אַ ווייגעשריי רייסט זיך פון האַרץ אויף די הרוגים פון מאַינץ,
די העלדן פון גייסט, וואָס זיינען פאַרן הייליקן נאָמען געשטאָרבן.
אָ גאָט, ניט פאַרשווייג מיין פאַרגאָסן בלוט,
בלוט פון קינדער, וואָס עלטערן האָבן פאַר אַ קרבן געבראַכט...

---

## 31. פראַנצויזישע און ענגלישע אידן ביז צום גירוש

נאָך די קרייץ־צוגן איז די לאַגע פון אידן צווישן קריסטן ערגער געוואָרן. שווערער איז געוואָרן דאָס לעבן מיט פיינדלעכע שכנים, און מען האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט איינע פון די אַנדערע. אידן האָבן זיך באַזעצט אין באַזונדערע גאַסן פון די שטעט, ווייטער פון די קריסטלעכע גאַסן. די אידישע שטאָט מיט אירע שולן און קראָמען איז געווען אָפּגעזונדערט פון דער קריסטלעכער שטאָט מיט אירע קלויסטערס און ראַטהייזער (ראַטוּשע). די אידישע פרנסות האָבן זיך אויך געביטן. פריער האָבן זיך פיל אידן באַשעפטיקט מיט לאַנד־ווירטשאַפט און מיט גרויסהאַנדל צווישן אייראָפּע און אַזיע. נאָך די קרייץ־צוגן, וואָס האָבן פאַרבונדן אייראָפּע מיט דעם ווייטן מִזרח, האָבן קריסטן אַליין אָנגעהויבן פירן מִסחר מיט אויסלאַנד און האָבן שוין ניט געדאַרפט אָנקומען צו אידישע פאַרמיטלער. אידישע ערד־באַזיצער אָדער אַרענדאַרעס אין די דערפער האָבן זיך געפילט ניט זיכער צווישן קריסטלעכע פּריצים און פויערים און פלעגן אַוועקגיין אין די שטעט צו זייערע ברידער. אַזוי זיינען ביי אידן געבליבן נאָר דריי פרנסות: קליינהאַנדל, האַנטווערק און געלט־האַנדל (לייען געלט אויף פּראָצענט). מיט די ערשטע צוויי פרנסות האָבן זיך פאַרנומען דער מיטעלער און אָרימער קלאַס, מיט געלט־האַנדל — די פאַרמעגלעכע. אין דעם קרעדיט־געשעפט האָבן אידן געהאַט ווייניק קאָנקורענטן, ווייל די קריסטלעכע קירך האָט פאַרבאָטן אירע אָנהענגער געבן געלט אויף פּראָצענט און מען האָט דאָס בכלל געהאַלטן פאַר אַ מיאוסער פּרנסה. פאַר אידן אָבער האָט דער געשעפט גראָד געפּאַסט, ווייל אין אַ צייט פון פאַרפאָלגונגען, ווען מען מוז לויפן פון איין לאַנד אין דעם אַנדערן, איז געלט לייכט אַריבערצופירן אין דעם נייעם אָרט און מאַכן דאָרטן אַ נייעם געשעפט. אין יענע צייטן פלעגן די געלטגעבער נעמען זייער גרויסע פּראָצענטן, אַזוי אַז אין אַ קורצער צייט פלעגן זיי אויפמאָנען צוויי און דריי מאָל אַזוי פיל, ווי זיי האָבן פאַרליען; פּראָצענטניקעס זיינען דערפון רייך געוואָרן, אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן געריסן די הויט, האָט מען פיינט געהאַט, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די שינאה פון די קריסטן צו זייערע אידישע

קרעדיטאָרן. דאָס איז געווען אי אַ מיאוּסע, אי אַ געפּערלעכער פּרנסה.

קריסטלעכע הערשער האָבּן געשטוּפּט דעם אידן צוּם קרעדיט־געשעפט, ווייל זיי אַליין פלעגן צוּנעמען אַ גרויסן חלק פוּן פאַרדינסט. פוּן יעדער הלוואָה האָט דער איד געמוּזט צאָלן שטייער דעם קיניג אָדער דעם פעאָדאַלן פירשט, אויף וועמעס ערד ער האָט געוואוינט. ווען דער הערשער האָט זיך גענויטיקט אין געלט, פלעגט ער פּשוּט אָפּנעמען בּיי רייכע אידן אַ גרויסן טייל פוּן זייער פאַרמעגן. אַזוי האָט דער פראַנצויזישער קיניג פ י ל י פּ ־ אַ ו ג וּ ס ט געהייסן אַרעסטירן אַלע אידן אין פּאַריז אין אַ שבּת־טאָג, ווען זיי האָבּן געדאַווענט אין די שוּלן, אוּן האָט זיי בּאַפרייט ערשט נאָכדעם, ווי זיי האָבּן אים בּאַצאָלט פוּפצען טויזנט גאָלד־מאַרק (יאָר 1181), אַ גרויסע סוּמע פאַר יענער צייט. אין אַ יאָר אַרוּם האָט ער געהייסן אַרויסטרייבּן אַלע אידן פוּן פּאַריזער קרייז אוּן קאָנפיסקירן זייערע הייזער, גערטנער אוּן וויינקעלער; שפּעטער, ווען ער האָט ווידער געבּרויכט געלט, האָט ער זיי ערלויבּט אוּמקערן זיך אוּן האָט בּאַקוּמען אַ גרויסע סוּמע געלט פאַר דעם דאָזיקן „חסד“ (1198).

וועלטלעכע הערשער האָבּן זיך געיאָגט נאָך אידיש געלט, קירכ־לעכע הערשער — נאָך דער אידישער נשמה. אין אָנהויבּ פוּן דרייצענטן יאָרהוּנדערט האָט זיך דער רוימישער פּויפּסט א י נ אָ ־ צ ע נ ץ III גענוּמען פאַר אידן. זיין געדאַנק איז געווען אַזאַ: אויבּ מען קען ניט מאַכן אידן פאַר קריסטן, דאַרף מען זיי אָוועקשטעלן אין אַזאַ נידעריקער לאַגע, אַז אַלע זאָלן זעען אין זיי פאַרשאָלטענע מענטשן, וואָס גאָט האָט זיי בּאַשטראָפט דערפאַר, וואָס זיי גלויבּן ניט אין זיין קריסטוּסן. מען דאַרף זיי אָפּטיילן פוּן דער קריסטלעכער בּאַפעל־קערוּנג, כּדי יעדערער זאָל זעען דעם אוּנטערשייד „צווישן די געטרייע קינדער פוּן דער קירך אוּן די פאַרשטויסענע קינדער פוּן דער סינאַגאָגע“. אין יאָר 1215 האָט דער פּויפּסט צוּנויפגערוּפן אין רוים אַ גרויסע פאַרזאַמלוּנג פוּן בּישאָפן, וואָס האָט אָנגענוּמען אַ בּאַשלוּס, אַז אידן אין אַלע לענדער זאָלן טראָגן בּאַזוּנדערע קליידער, ניט אַזוינע ווי די קריסטן. שפּעטער האָט מען דעם געזעץ אַזוי אויסגעטייטשט אין פראַנקרייך אוּן אין אַנדערע לענדער, אַז אידן דאַרפן טראָגן אויף

זייערע קליידער אַ באַזונדערן צייכן: אַ געלע לאַטע אויפן הוט אָדער אויפן מאַנטל. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ שאַנד־פלעק פאַר אידן, אַ מין קֵין־צייכן פאַר דעם אידישן פאָלק. ניט אומעטום האָט מען דורכ־געפירט דעם בייזן גזירה פון די שונאי־ישׂראל, אָבער אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבן די גלָחים שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז אידן זאָלן ניט אַרויסגיין אין גאַס אָן דער געלער לאַטע אָדער אָן דעם שפּיציקן הוט מיט הערנער.



30. דער איד מיט דעם שפּיציקן הוט



31. דער איד מיט דער געלער לאַטע

דער פרומער פראַנצויזישער קיסר לודוויק דער הייליקער האָט אַלץ געטאָן, וואָס די גלָחים האָבן אים געהייסן. אין יענער צייט האָבן די גלָחים אָפט געפירט וויכּוחים (דיספּוטן) מיט רבנים וועגן אֱמונה־זאַכן. איינמאָל האָט אַ געטויפטער איד, ניקאָלאַי דאָנין, אָנגע־געבן דעם פּויפּסט אַ מסירה, אַז אין תּלמוד געפינען זיך שעדלעכע מיינונגען און מיאוסע אויסדרוקן קעגן קריסטוסן און קריסטן. אין פּאַריז האָט מען אָפּגענומען ביי עטלעכע אידן די געשריבענע ביכער

פון תלמוד און גערופן די רבנים צו א וויכוח מיט דאנינען און די גלחים. דער פאריזער רב יחיאל האט זיך באמיט צו באווייזן, אז דער משומד האט אויסגעטראכט א בילבול אויפן תלמוד, אז דארטן זיינען גאר ניטא קיין שלעכטע מיינונגען קעגן דער קריסטלעכער אמונה; אבער ס'האט ניט געהאלפן. די גלחים האבן פאראויס באשלאסן צו פארברענען די ביכער פון תלמוד. זיי האבן דערצו באקומען אן ערלויבעניש פון דעם פרומען קיניג. מען האט אוועקגענומען די תלמוד־ביכער אין אלע אידישע הייזער אין פאריז, געבראכט זיי אויף פיר און צוואנציק פורן אויפן שטאט־פלאץ און עפנטלעך פארברענט (יאר 1242). לודוויק האט געהייסן, מען זאל צווינגען אידן צו הערן דרשות פון קריסטלעכע גלחים און מען זאל אפהיטן דעם געזעץ וועגן דעם אידישן צייכן אויף קליידער.

די השגחה אויף אידן איז איבערגעגעבן געווארן דער קריסטלעכער אינקוויזיציע — א טריבונאל פון פאנאטישע גלחים און מאנאכן, וואס פלעגן אויסזוכן אפיקורסים אויך צווישן קריסטן און פארמשפטן די שולדיקע צו פארברענען לעבעדיקערהייט. די אינקוויזיציע פלעגט אפט מאכן פארשיידענע בילבולים אויף אידן: אז צו פסח קוילענען זיי שטילערהייט א קריסטלעך קינד און פארמישן זיין בלוט אין דער טייג פון מצה; אז זיי גנבענען פון דער קירך דעם „הייליקן ברויט“, דעם סימבאל פון קריסטוסעס קערפער („האסטיא“), און שטעכן עס מיט מעסערס, כדי פון אים זאל פליסן בלוט. אזעלכע „עלילות־דם“ (בלוט־באשולדיקונגען) האט מען אין פארשיידענע לענדער אויסגעטראכט, כדי צו באווייזן, אז אידן נעמען נקמה פון קריסטן. די גלחישע אינקוויזיציע פלעגט דערפאר פארמשפטן אומשולדיקע מענטשן צום טויט. אזוי האט מען אין דער שטאט טרוא פארברענט דרייצן פארשטייער פון דער אידישער קהילה און א אידישע פאמיליע אין פאריז. דאס איז געווען אין דער צייט פון דעם קיניג פיליפ דער שיינער, וואס האט פארפאלגט אידן ניט אזוי צוליב פרומקייט, ווי צוליב געלט. ער פלעגט ארעסטירן פארמעגלעכע אידן און האלטן זיי אונטערן שלאס ביז זיי פלעגן זיך אויסקויפן מיט גרויסע געלט־סומעס. איינמאל האט ער, ווי אמאל זיין זיידע פיליפ־אווגוסט, ארויסגעטריבן אלע אידן פון פאריז און די ארומיקע שטעט און האט

אָפּגענומען זייער גאַנצן פאַרמעגן (אין יאָר 1306). אין ניין יאָר אַרום, נאָכן טויט פון דעם רויבער־קיניג האָט זיין זון לודוויק X גערופן די פאַרטריבענע צוריק, ווייל — ווי עס שטייט אין זיין דעקרעט — „דאָס פאָדערט דער געשריי פון אונזער פאָלק״.

ווען די אידן זיינען צוריקגעקומען, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז זיי איז שווער צונויפלעבן זיך מיט אַ פאָלק, וואָס ווערט כּסדר אונטערגעהעצט פון פאַנאַטישע גלָחים און גלויבט אין אַלערליי נאַרישקייטן. אין יאָר 1320 זיינען זיך אין דָרום־פראַנקרייך צונויפגעקומען באַנדעס פון נייע קרייצטרעגער, פויערים און פאַסטוכער, און געגאַנגען שלאָגן אידן. אַ יונגער פאַסטוך האָט דערציילט, אַז די גאָטס־מוטער איז צו אים געקומען אין געשטאַלט פון אַ טויב און אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל גיין שלאָגן די ניט־קריסטן. צו די פויערים זיינען צוגעשטאַנען געוויינטלעכע רויבער און מען איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, פון טולוזאַ ביז באָרדאָ, געראַבירט און געברענט אידישע הייזער און אויסגעהרגעט אַ מאַסע מענטשן. דאָס האָט געהייסן די „פאַסטוכער־גזירה״ („גזירת־הרועים״). די לאַגע פון אידן אין פראַנקרייך איז געוואָרן אַלץ ערגער. די קיניגן און פעאָדאַלן פלעגן לאָזן וואוינען אידן אין לאַנד נאָר צייטווייליק, אויף קורצע טערמינען, און פלעגן אויפמאָנען געוואַלדיקע שטייערן פאַרן וואוינרעכט. צום סוף פערצענטן יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך געענדיקט אַ טערמין פון צוואַנציק יאָר פאַרן וואוינרעכט, האָט דער קיניג קאַרל VI אַרויס־געגעבן אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן די אידן פון פראַנקרייך אויף אייביק (1394). דאָס מאָל האָט מען דעם גירוש דורכגעפירט אי אין צָפון־ אי אין דָרום־פראַנקרייך, אַזוי אַז אין גאַנצן לאַנד זיינען אידישע קהילות איבערגעבליבן נאָר אין עטלעכע אומאָפּהענגיקע פּראָווינצן (פּראָוואַנס, אַוויניאָן).

נאָך מיט הונדערט יאָר פריער האָט דער זעלביקער אומגליק גע־טראָפן די אידן פון ע נ ג ל א נ ד, וואָס זיינען געווען אַזוי ווי אַ צווייג פון דעם גרויסן פראַנצויזישן צענטער. דאָ האָבן צוערשט די רייכע אידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט קרעדיט־געשעפטן, געהאַט אַ באַשיצער און אַ שותּף: דעם קיניג אַליין. דער אידישער קרעדיטאָר פלעגט נעמען גרויסע פּראָצענטן ביי די בעלי־חובות (געלט־אַנטלייער), און

דער קיניג פלעגט בײַ אים אָפּנעמען אַ היבשן טײל פֿון זײַנע פּראָצענטן. אַזוי פלעגן בײדע גוט פֿאַרדינען. אָבער די קאַטױלישע גַלָחים האָבן געטאָן זײערס: זײ האָבן געװאָלט מקיים זײַן אַלע געבאָטן פֿון דעם פֿױפּסט אינאָצענץ III, באַזונדערס דעם באַשלוס װעגן אידישע קלײדער, און יעדער קיניג האָט געמוזט פֿאָדערן, אַז די אידן זאָלן טראָגן אױף זײערע מאַנטלען אָדער הוטן פֿאַרביקע שטיקער טוך, כּדי מען זאָל זײ ניט צונױפֿמישן מיט קריסטן. נאָך דעם פֿראַנצױזישן מוסטער האָט מען אױף אידן אױך געמאַכט בילבולים, אַז זײ הרגענען קריסטלעכע קינדער צו פּסח־צײַט; אײנע אַזאַ „עלילת־דָם“ אין דער שטאָט לינקאָלן האָט אױפֿגעבראַכט דאָס גאַנצע לאַנד: מען האָט אַרעסטירט כּמעט די גאַנצע אידישע קהילה און אַװעקגעפֿירט קײן לאָנדאָן; אַכצען מענטשן האָט מען אױפֿגעהאַנגען און די איבעריקע האָבן זיך אױסגעקױפֿט בײַם קיניג מיט געלט. ענדלעך איז געקומען דער פֿרומער קיניג עדואַרד און האָט אַרױסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז אַלע אידן זאָלן פֿאַרלאָזן ענגלאַנד אין משך פֿון דרײַ חדשים; זײ האָבן רעכט צו פֿאַרקױפֿן זײערע באַװעגלעכע גיטער, אָבער הײַזער און סינאַגאָגן מוזן זײ איבערלאָזן פֿאַר דער קיניגלעכער קאַסע. אין האַרבסט פֿון יאָר 1290 האָבן זיך זעכצען טױזנט ענגלישע אידן געזעצט אױף די שיפֿן און פֿאַרלאָזט ענגלאַנד; אַ טײל זײַנען אַװעק קײן פֿראַנקרײַך, אַ טײל קײן דײַטשלאַנד און שפּאַניע. עס האָבן באַדאַרפֿט אַװעקגײן ביז פֿיר הונדערט יאָר, אײדער אידן האָבן באַקומען די מעגלעכקײט װידער צו באַזעצן זיך אין ענגלאַנד.

---

## 32. אידן אין קריסטלעכער שפּאַניע און דער קולטור־קאַמף
(13־טער און 14־טער יאָרהונדערט)

אין דער צײַט, װען די פֿראַנצױזישע אידן האָבן געלעבט אונטער דעם דרוק פֿון פֿאַנאַטישע גַלָחים און רױבערישע מלָכים, האָבן זײערע שכנים, די שפּאַנישע אידן, געלעבט רואיק אונטער קריסטלעכער הערשאַפֿט. אין אָנהױב דרײַצענטן יאָרהונדערט האָט זיך פֿאַרענדיקט דער לאַנגער קאַמף צװישן קריסטן און מוסולמענער אין שפּאַניע מיט דעם זיג פֿון די קריסטלעכע פֿירשטן. די לעצטע האָבן אַרױסגעשטופּט

פון לאַנד די הערשער פון די קליינע אַראַבישע אָדער מאַווריטאַנישע מלוכות, חוץ גראַנאַדאַ, וואָס איז געבליבן אין די הענט פון די מאַוורען. עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די צוויי גרעסערע קריסטלעכע מלוכות: אַ ר אַ ג אָ נ י ע מיט איר הויפּטשטאָט באַרסעלאָנאַ און ק אַ ס ט י ל י ע מיט דער הויפּטשטאָט טאָלעדאָ. די קריסטלעכע מלכים פון ביידע לענדער האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז אידן האָבן פיל אויפגעטאָן פאַר דעם אויפבלי פון שפּאַניע אין דער צייט פון דער אַראַבישער הערשאַפט; דעריבער האָבן אויך די קאַסטילישע און אַראַגאָנישע מלכים אָפט געהאַלטן ביי זיך אידישע דיפּלאָמאַטן, פינאַנץ־אַגענטן און דאָקטוירים. די רוימישע פּויפּסטן פלעגן שטענדיק דערמאָנען יעדן קיניג וועגן די קירכלעכע געזעצן און געפאָדערט, מען זאָל ניט צולאָזן אידן צו הויכע שטעלעס און מען זאָל זיי נויטן טראָגן די „געלע לאַטע" אויף די קליידער. דער אָדער יענער קיניג האָט געפּרובט אַרויסגעבן אַזעלכע באַפעלן, אָבער די שטאָלצע שפּאַנישע אידן האָבן זיך ניט געלאָזט באַליידיקן און האָבן אָפט ניט געפאָלגט די דעקרעטן. די אידישע קהילות האָבן אין יענער צייט געהאַט אַ ברייטע זעלבסטפאַר־וואַלטונג; זיי זיינען אין יעדן לאַנד געווען פאַראייניקט אין אַ געמיינדע־בונד, וואָס האָט געהאַט זיינע יערלעכע פאַרזאַמלונגען, אַ מין אידישן פּאַרלאַמענט. דער קיניג פון אַראַגאָניע, יעקוב I, האָט געפירט אַ גרויסע געשעפטס־קאָרעספּאָנדענץ מיט די פאָרשטייער פון די אידישע קהילות, ווי מיט אַ מין זעלבשטענדיקער רעגירונג.

די קאַטוילישע גלחים האָבן אָבער ניט גערוט און האָבן שטענדיק געזוכט אַ געלעגנהייט צו דערוועקן שינאה צו אידן. אין שפּאַניע האָט אויך, ווי אין פראַנקרייך, עקזיסטירט אַ קירכלעכע אינקוויזיציע, וואָס האָט געזאָלט קעמפן קעגן קריסטלעכע אַפּיקורסים און נאָכשפּירן, אַז די הערשנדיקע רעליגיע זאָל זיך חלילה ניט אָנשטעקן פון אידישער אומגלויביקייט. די מאָנאַכן פון פאַנאַטישן דאָמיניקאַנישן אָרדען האָבן אומעטום געשיקט מיסיאָנערן, זיי זאָלן צוציען אידן צום שמד. זיי האָבן אויפגעזוכט איינעם אַ אידישן משומד, פּאַבלאָ קריסטיאַני, וואָס האָט אויף זיך גענומען האַלטן אַן עפנטלעכן דיספּוט מיט די רבנים און באַווייזן פון דער תורה און פון תלמוד, אַז משיח איז שוין לאַנג געקומען אין דער פּערזאָן פון קריסטוסן. פון אידישן צד איז אַרויס־

גערופן געוואָרן דער גרויסער תּלמודיסט ר' מושה בֶּן נַחמן, וואָס האָט געהייסן מיט זיין פאַרקירצטן נאָמען רַמבַּ"ן. דער דיספּוט איז פאָרגעקומען אין באַרסעלאָנאַ, אין קיניגלעכן פּאַלאַץ, און דערביי זיינען געווען דער קיניג יעקוב I מיט זיין פאַמיליע, הויכע שׂרָרות, בּישאָפן און מאָנאַכן. דער רַמבַּ"ן האָט זייער קלוג געענטפערט אויף אַלע טענות פון דעם משומד. „אויב ס'וואָלט געווען אֶמת — האָט ער געזאָגט, — אַז עס איז שוין אַמאָל געקומען יענער משיח, וועגן וועלכן עס האָבן גערעדט אונזערע אַלטע נביאים, היינט ווי קומט מען נאָך איצט האַלטן מִלחמות? די נביאים האָבן דאָך געזאָגט, אַז נאָך משיחן וועלן די פעלקער צוּבּרעכן זייערע שווערדן אויף גראָבּאַייזנס, און מען וועט גאָר פאַרגעסן ווי צו פירן מִלחמה. אַ שיינע פּנים וואָלט איר געהאַט, — האָט דער רַמבַּ"ן געזאָגט, ווענדנדיק זיך צום קיניג און צו די גענעראַלן, — ווען איר וואָלט פאַרגעסן ווי מען האַלט מלחמות!". נאָך אַנדערע אַזעלכע דרייסטע תּשובות האָט דער רמבּ"ן געגעבן און שפּעטער האָט ער זיי פאַרשריבּן אין אַ בּוך, וואָס האָט קענען אים אויפגערייצט די גַלָחים. דאָס בּוך האָט דער קיניג געהייסן פאַרבּרענען און דעם רַמבּ"ן אַרויסשיקן פון אַראַגאָניע (1265). דער אַלטער געלערנטער איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע און האָט זיך בּאַזעצט אין ירושָלים.

און דאָך איז די לאַגע פון אידן אין שפּאַניע געוואָרן אַלץ גע־הויבּענער. דער גאַנצער האַנדל האָט זיך געפונען אין אידישע הענט. אין די גרויסע שטעט האָבּן רייכע אידן געלעבּט ווי שׂרָרות. זיי זיינען געווען פאַרבּונדן דורך געלט־געשעפטן מיט דעם קיניגסהויז און מיט דער שפּאַנישער אַריסטאָקראַטיע. אין קאַסטיליע זיינען בּיי יעדן קיניג געווען אידישע פינאַנץ־אַגענטן און שטייער־זאַמלער, וואָס זיינען פאַקטיש געווען פינאַנץ־מיניסטאָרן און האָבּן זיך אָפּט אַריינגעמישט אין דער מלוכה־פאַרוואַלטונג. קוקנדיק אויף זיי, האָבּן די שפּאַניער געמיינט, אַז אַלע אידן זיינען גבירים, „גראַנדן"; דאָס האָט אַרויס־גערופן קינאָה און שינאָה. אַ אידישער שרייבּער פון אַ שפּעטערדיקער צייט, שלומה אַלָמי, קלאָגט זיך אין זיין מוסר־בּריוו („אִגֶרת הַמוסר", געשריבּן אין 1415) אויף אידישע גבירים: „פיל פאָרשטייער פון אונזער געזעלשאַפט בּיים קיניגלעכן הויף האָבּן זיך געפירט גאָרניט

ערלעך. די קיניגן האָבן זיי דערהויבן צו הויכע שטעלעס, אָפּגעגעבן זיי די שליסל צום מלוכה־שאַץ, און זיי (די גבירים) זיינען געוואָרן גרויס ביי זיך און גאָר פאַרגעסן די פריערדיקע אָרימקייט און נידע־ריקע לאַגע. זיי האָבן זיך געבויט פּאַלאַצן, זייערע פרויען און טעכטער האָבן זיך אָנגעהויבן פּוצן ווי די הויכגעשטעלטע דאַמען און אַרויס־שטעלן זייער צירונג. די פּוסטע פראַנטן האָבן געקוקט מיט פאַר־אַכטונג אויף וויסנשאַפט, אַרבעט און האַנטווערק; דעם קליינעם מענטשן האָבן זיי געדריקט און עקספּלואַטירט. די רייכע האָבן נאָר געזוכט אַראָפּוואַרפן פון זיך די שווערע שטייערן און אַרויפלייגן זיי אויף די אומפאַרמעגלעכע".

עס זיינען אָבער געווען ביי די שפּאַנישע אידן אויך גייסטיק רייכע מענטשן, הויכגעבילדעטע, געלערנטע און שרייבער, וואָס זייערע ווערק זיינען געווען באַרימט אין אַלע לענדער. צוויי ריכטונגען האָבן אין יענער צייט (13־טער און 14־טער יאָרהונדערט) געהערשט אין דער אידישער געזעלשאַפט: די ליבעראַלע ריכטונג פון רמב"ם און די קאָנסערוואַטיווע רבנישע ריכטונג. איינע האָבן געמיינט, אַז אין די ענינים פון גלויבן דאַרף מען פאָרשן, אויפזוכן דעם שׂכל און דעם טעם פון יעדער מִצוָה, פאַראייניקן גלויבן מיט פאַרשטאַנד, רעליגיע מיט פילאָזאָפיע; זיי האָבן געפאָדערט, מען זאָל חוץ תורה מיט תלמוד לערנען אויך נאַטורוויסנשאַפט און אַנדערע וועלטלעכע וויסנשאַפטן. אַנדערע, פאַרקערט, האָבן זיך פעסט געהאַלטן אָן דער אַלטער מיינונג, אַז מען טאָר ניט אַריינברענגען חקירה אין גלויבן, ווייל דער פריַיער שׂכל, דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד צעשטערט די אֱמונה; נאַטור־וויסנשאַפט און באַזונדערס פילאָזאָפיע דערווייטערן דעם אידן פון תורה און תלמוד: ער הערט אויף גלויבן אין גאָטס ניסים, וואָס שטימען ניט מיט די געזעצן פון דער נאַטור, און וואַרפט אָפּ יענע מצוות, פאַר וועלכע ער געפינט ניט קיין מאָראַלישן טעם. צווישן די דאָזיקע צוויי ריכטונגען האָט געמוזט קומען צו אַ שאַרפן קאַמף. דער קאַמף האָט אויסגעבראָכן מיט אַ יאָר דרייסיק נאָכן רמב"מס טויט, באַלד ווי עס האָבן זיך פאַרשפּרייט זיינע ווערק: דער „סֵפר המַדע" און די העב־רעאישע איבערזעצונג פון „מורה נבוכים".

אין דער דָרום־פראַנצויזישער שטאָט מאָנפעליע, וואָס האָט דאַן געהערט צו דער שפּאַנישער מלוכה אַראַגאָניע, האָט איינער אַ תּלמודיסט שלומה מיט נאָך עטלעכע פאַנאַטישע רַבָּנים אויסגערופן אַ חֵרם (אויסשליסונג פון דער אידישער געמיינדע) אויף יעדערן, וואָס לייענט פילאָזאָפישע ביכער און באַזונדערס די צוויי ספָרים פון רַמבַּ״ם, ווייל זיי זיינען אַ סַכָּנה פאַרן פשוטן גלויבן. קעגן דעם חֵרם האָבן פּראָטעסטירט אַנדערע רַבָּנים און געלערנטע, אָנהענגער פון רַמבַּ״ם, און דער קריג האָט זיך צעפלאַקערט אין גאַנץ שפּאַניע און דעם פראַנצויזישן פּראָוואַנס. דאָ האָבן די פרומע פאַנאַטיקער אָפּגעטאָן אַ מיאוסע מַעשה. אין פּראָוואַנס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלעמען די אינקוויזיציע פון די קאַטוילישע מאָנאַכן, וואָס פלעגט אויפזוכן קריסטלעכע פריידענקער, אַפּיקורסים, באַשטראָפן זיי מיט טויט אָדער אייביקער תּפיסה און פאַרברענען זייערע ביכער. צו די דאָזיקע אינקוויזיטאָרן זיינען געקומען אין מאָנפעליע די פאַנאַטישע רַבָּנים און האָבן צו זיי געזאָגט: איר פאַרברענט ביכער פון אייערע אַפּיקורסים, מאַכט דאָסזעלבע אויך מיט אונזערע אַפּיקורסישע ביכער, ווי די וואָס דער רַמבַּ״ם האָט געשריבן. די קריסטלעכע גַלָחים האָבן דאָס גערן געמאַכט: מען האָט אויפגעזוכט אין אידישע הייזער אַלע געשריבענע ביכער פון רמבּ״ם און מען האָט זיי פאַרברענט אין מאָנפעליע און אין פּאַריז (1233). דאָס האָבן געטאָן יענע היטער פון דער קריסטלעכער קירך, וואָס האָבן אין עטלעכע יאָר אַרום פון גרויס שינאָה צו אידן פאַרברענט די ספָרים פון תּלמוד אויפן פּאַריזער פּלאַץ. אין דעם דאָזיקן אומגליק האָט דאָס פאָלק געזען אַ שטראָף פון גאָט פאַר דער מיאוסער מסירה, וואָס האָט געבראַכט צום פאַרברענען רַמבַּ״מס ספרים דורך ניט־אידישע הענט.

די רדיפות קעגן דעם פרייען געדאַנק האָבן ניט געהאָלפן. מען האָט געלערנט פרייע וויסנשאַפטן און פילאָזאָפיע אַנשטאָט צו אָפּגעבן זיך איינגאַנצן מיטן תּלמוד. די שטרענגע רַבָּנים האָבן זיך מיט שרעק צוגעקוקט, ווי עס וואַקסט אַ נייער דור, וואָס איז שוין ניט אַזוי פרום ווי די אַלטע דורות; עס האָט זיך געדוכט, אַז אידישקייט וועט אונטערגיין. אין אָנהויב פון 14־טן יאָרהונדערט האָט דער גרויסער באַרסעלאָנער רב רַשבּ״אָ (שלומה בֶּן אַדרת) זיך צונויפגערעדט מיט

אַ סך אַנדערע רַבָּנים און האָט אויסגערופן אַ חֵרם קעגן אַלע יונגעלייט, אינגער פון 25 יאָר, וואָס ווילן לערנען אַ חוץ תורה און תלמוד אויך וועלטלעכע וויסנשאַפטן, ווי נאַטורוויסנשאַפט, און ווילן לייענען פי־לאָזאָפישע ביכער אָדער אויסטייטשן די תורה אין פילאָזאָפישן גייסט; מען מעג לערנען נאָר מעדיצין ווי אַ פּראָפעסיע (1306).

דאָס מאָל האָט די רַבָּנישע גזירה געבראַכט גרויס שאָדן דער אידישער ליבעראַלער באַוועגונג אין דער געבילדעטער שפּאַניע. די גאָלדענע צייט, ווען עס האָבן געבליט וויסנשאַפט און קונסט, איז שוין אַריבער. מען איז געוואָרן קאָנסערוואַטיווער, פרומער. אָנשטאָט וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע האָט זיך געשאַפן אַ נייגונג צו מ י ס ט י ק, צו קַבָּלָ ה — אַ פאַרבאָרגענער לערע, וואָס זוכט אין דער הייליקער תורה ניט דעם שֵׂכל פון יעדער זאַך, נאָר דעם ס ו ד , די געהיימנים, וואָס איז אין גאָטס וואָרט באַהאַלטן. די מיסטיקער אָדער „קַבָּליסטן“ זיינען געווען איבערצייגט, אַז די אָפענע תורה פון משה רַבֵּנו איז נאָר אַ קלייד פאַר דער פאַרבאָרגענער תורה, די סתרי־תּוֹרָה; פרומע הייליקע מענטשן קענען די דאָזיקע סודות אויפדעקן אין אַלע דער־ציילונגען און געזעצן פון דער תורה און איבערגעבן דאָס ווי אַ טראַדיציע, אַ קַבָּלה, פון איין דור צו דעם אַנדערן. אין דער זעלביקער צייט ווען דער רַשבָּ"א האָט אויסגערופן דעם חֵרם קעגן פרייער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, האָט זיך אין שפּאַניע פאַרשפּרייט אַ בוך מיטן נאָמען „זוהַר“ („ליכטיקע שיין“), אַ גרויסער פירוש צו דער תורה, אַ מין „פאַרבאָרגענער מֶדרָש“ (מֶדרַש הַנֶעלָם), פול מיט סודות וועגן דעם, וואָס טוט זיך אין הימל, ביי גאָט און די מַלאָכים, ביי די אַמאָליקע דורות, וואָס האָבן אויפגעלעבט אויף יענער וועלט, ביי צַדיקים אין גַן־עֵדן און ביי רשָעים אין גֵיהינום. מען האָט דערציילט, אַז דאָס בוך „זוהַר“ האָט געשריבן מיט טויזנט יאָר פריער דער הייליקער תַּנא פון אֶרץ־ישרָאל, רבי שימעון בֶּן יוֹחָאי. בשעת די רדיפות פון רוימישן קיסר אַדריאַן האָט זיך רבי שימעון אויסבאַהאַלטן מיט זיין זון דרייצען יאָר אין אַ הייל; דאָרטן האָט ער געהאַט זעאונגען פון הימל און האָט דאָס אַלץ באַשריבן אין אַ בוך. דאָס בוך האָט כלומרשט געפונען אין אֶרץ־יִשרָאל דער רמבַ"ן, וואָס אין אַנטלאָפן אַהין נאָך דעם באַרסע־לאָנער דיספוט, און האָט דאָס איבערגעשיקט קיין שפּאַניע. דאָ האָט

דאָס בוך איבערגעשריבן און פאַרשפּרייט דער קַבּליסט מ ו ש ה ד ע־ל ע אָ ן, וואָס האָט געשריבן אויך אייגענע ספרים אין קַבָּלה. די קענער פון קַבָּלה האָבן געזאָגט, אַז מושה דע־לעאָן האָט אַליין אָנגעשריבן דעם גאַנצן „זוהַר“ אין דער אַלטער אַראַמעאישער שפּראַך און האָט צוגעטראַכט די מעשה וועגן ר׳ שימעון בן יוחַאי כּדי מען זאָל מיינען, אַז דאָס איז אַן אַלטער הייליקער ספר. מיט דער צייט האָט מען טאַקע אָנגעהויבן גלויבן, אַז דער „זוהַר“ שטאַמט פון דעם אַלטן תּנא, און דאָס בוך איז געוואָרן הייליק פאַרן פאָלק (דער „זוהַר הקָדוש“), באַזונדערס שפּעטער פאַר די חסידים.

דער גרונד־פּרינציפּ פון קַבָּלה באַשטייט דערין, אַז גאָט, דער אייביקער, „אומענדלעכער“ („אֵין סוף“), האָט באַשאַפן די וועלט דורך אַזעלכע שאַפנדע קרעפטן, וואָס גייען אַרויס פון אים ווי שטראַלן פון דער זון און הייסן „ספירות“. צען ספירות מיט די נעמען: „פאַרשטאַנד“, „ליבע“, „שיינקייט“, „מאַכט“ און אַנדערע באַהערשן די וועלט און דורך זיי אַנטפּלעקט זיך גאָט צו די מענטשן. צווישן הימל און ערד איז פאַראַן אַ שטענדיקע פאַרבינדונג. די נשָמה פון מענטשן קומט פון הימל אויף דער ערד און נאָך זיין טויט הויבט זי זיך אויף ווידער צום הימל אָדער גייט אַריין אין אַ גוף פון אַן אַנדער מענטשן (גילגול). אַזוי ווי אין הימל די ריינע מַלאָכים, טראָגן זיך אַרום אויף דער ערד אומריינע קליפּות, שֵדים, וואָס ציען דעם מענטשן צו זינדיקן קעגן גאָט, און מען דאַרף זיך היטן פון זיי. בכלל האָט די קַבָּלה צונויפגעמישט די און יענע וועלט, ווירקלעכקייט און פאַנטאַזיע, און האָט אָפּגענומען ביים געזונטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד די הערשאַפט איבער געפילן און איינדרוקן. דערפון זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען פאַרשיידענע מיסטישע און משיחישע באַוועגונגען, וואָס האָבן דערשיטערט דאָס אידישע פאָלק.

די שטאַרקסטע קראַפט אין גייסטיקן לעבן איז דאָך געבליבן דער ר ַ ב ִ י נ י ז ם, וואָס האָט געשאַרפט דעם אידישן מוח מיטן לערנען גמרָא און האָט רעגולירט דעם גאַנצן לעבנשטייגער דורך הונדערטער דינים פון תלמוד, גאונישע און רַבָּנישע פּסקים. אין 14־טן יאָרהונדערט האָט זיך אַנטוויקלט די ליטעראַטור פון „פּוסקים“: מען האָט געשריבן געזעצביכער, וואו מען האָט געזאַמלט אַלע דינים און מנהגים, כּדי

יעדער פרומער איד זאָל וויסן ווי צו פירן זיך. דאָס גרעסטע געזעצבוך מיט דעם נאָמען „טורים“ האָט פאַרפאַסט רבי יַעקוב בֶּן־אָשֵׁר, דער זון פון דעם באַרימטן תלמודיסט אָשֵׁר בֶּן־יחיאֵל („דער ראָש“) אין טאָלעדאָ. צום אונטערשייד פון דעם „רַמבַּ“מס „מִשׁנֶה תּוֹרה“, האָט זיך דער „בַּעל־הַטורים“ באַשעפטיקט ניט מיט די גרונד־פּרינציפּן פונם אידישן גלויבן און מאָראַל, נאָר מיט פאַרשיידענע דינים און אויסער־לעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס. די „טורים“ באַשטייען פון פיר טיילן: „אוֹרַח־חַיִים“ — די דינים פון בית־הַמֶדרש, תפילה, שַבָּת און יום־טוֹב; „יוֹרה דעה“ — דינים פון כָּשר און טריפה, שחיטה, היגיענע; „אֶבֶן־עֶזר“ — געזעצן פאַר פאַמיליע־לעבן, חתונה, גט; „חוֹשֶן־מִשפָּט“ — ציוויל־רעכט און שטראָף־רעכט. אויפן גרונד פון די „טורים“ איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע ליטעראַטור פון געזעצביכער, וואָס דער גרעסטער פון זיי איז געוואָרן מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר שפּעטער דער „שולחָן ערוּך“.

---

## 33. די שלעכטע צייט אין שפּאַניע ביזן גֵירוּש

העכער טויזנט יאָר האָבן געלעבט אידן אין שפּאַניע. דער אָנהויב, ווי מיר האָבן געזען, איז געווען אַ שלעכטער: די פאַנאַטישע וועסט־גאָטן האָבן אינגאַנצן פאַרבאָטן די אידישע רעליגיע און פלעגן מיט געוואַלט שמַדן אידישע קינדער; דערנאָך זיינען געקומען די אַראַבער און האָבן באַפרייט די אידן פון בייזע קריסטלעכע הערשער; עס האָט זיך אָנגעהויבן די „גאָלדענע צייט“ פון אַראַביש־אידישער קולטור. ווען די קריסטלעכע מלכים פון קאַסטיליע און אַראַגאָניע האָבן צוריק אָפּגענומען דאָס לאַנד ביי די אַראַבער, האָבן זיי זיך געמוזט באַציען גוט צו אידן, וואָס זיינען געווען די רייכסטע און געבילדעטסטע מענטשן אין שפּאַניע און האָבן מיטגעהאָלפן בויען די נייע מלוכות. אָבער מיט דער צייט איז אין לאַנד אַלץ שטאַרקער געוואָרן די מאַכט פון די קאַטוילישע גַלָחים און מאָנאַכן, וואָס האָבן פיינט געהאַט דעם אידן, ווי אַ לעבעדיקן עֵדוּת קעגן דער דאָגמע וועגן גאָטס זון; די פאַנאַ־טיקער פון דער קירך האָבן געזייט די שינאָה צום אידן אין דער שפּאַ־נישער פאָלקס־מאַסע און אין די העכערע קלאַסן, וואָס האָבן ניט געקענט

רואיק צוזעען, ווי אידן ווערן רייך און שטאַרק, ווי פיל פון זיי זיינען נאָענט צו דער רעגירונג, ווערן שטייער־זאַמלער, פינאַנץ־מיניסטאָרן, הויף־לייט ביים קיניג און שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין פּאָליטיק. די פרומע קריסטן האָבן מיט קינאָה געקוקט אויף דער אידישער שול אין טאָלעדאָ, וואָס איז געווען דער שענסטער בנין אין שטאָט (שפּעטער האָט מען זי פאַרוואַנדלט אין אַ קלויסטער; זע בילד 32 זייט 180).

צום סוף 14־טן יאָרהונדערט איז שוין די פאַרזייטע אידן־פיינד־שאַפט געוואָרן רייף, און די גלָחים האָבן געקענט צוטרעטן צו דער אַרבעט. אין דער קאַסטילישער שטאָט סעווילאַ האָט דער פאַנאַטישער גלָח פערנאַנד מאַרטינעס געשריען אין די קירכן און אין די גאַסן, אַז אידן הערשן אין שפּאַניע און אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, וועלן זיי פאַרוואַנדלען אַלע קירכן אין סינאַגאָגעס; ער האָט גערופן דאָס פאָלק אויסצוראָטן די „פיינד פון קריסטוסן" און פאַרוואַנדלען זייערע סינאַגאָגעס אין קירכן. ער האָט אַזוי לאַנג געהעצט, ביז אין איין זומער־טאָג (1391) האָט דער צערייצטער המון אונטערגעצונדן די אידישע הייזער אין סעווילאַ און האָט אויסגעהרגעט ביז פיר טויזנט מענטשן; די איבעריקע האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך געטויפט. דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען אין דער הויפּט־שטאָט פון קאַסטיליע טאָלעדאָ, אין די אַראַגאָנישע שטעט וואַלענסיע און באַרסעלאָנע און אין אַנדערע ערטער פון ביידע שפּאַנישע מלוכות. דאָס איז געווען אַ מין נייער קרייץ־צוג אין שפּאַניע — אין דעם לאַנד, וואָס האָט מיט דריי הונדערט יאָר צוריק ניט איבערגעלעבט דעם ערשטן דייטש־פראַנצויזישן קרייץ־צוג. דענסטמאָל האָבן זיך די דייטשע און פראַנצויזישע אידן געלאָזט אויסהרגענען דורך די קרייצטרעגער און נאָר איינצלנע מענטשן האָבן זיך אויף אַ צייט געטויפט; אין שפּאַניע אָבער האָט אַ גרויסער טייל אידן זיך געטויפט מיט דער האָפענונג שפּעטער אומקערן זיך צו זייער גלויבן, אָבער זיי האָבן זיך שווער אַנטוישט אין זייערע האָפענונגען.

באַלד נאָך די פּאָגראָמען, ווען די „אַנוסים" (מיט געוואַלט גע־טויפטע) האָבן געפּרובט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון קריסטנטום און אַוועקגיין פון דער קירך צוריק אין דער סינאַגאָגע, האָבן די גלָחים געמאַכט אַ שרעקלעכן רעש; באַנדעס פאַנאַטישע מאָנאַכן, אונטער דער

אָנפירונג פון איינעם וויסענטע פערער, פלעגן גיין פון הויז צו הויז מיט אַ גרויסן קרייץ און טרייבן די אַנוסים אין די קלויסטערס; פיל אָנגעשראָקענע אידישע פאַמיליעס זיינען ווידער אַריינגעטריבן געוואָרן אין שמד (1412). צו די בייזע פאַרפאָלגער זיינען צוגעשטאַנען צוויי פון די ערשטע אַנוסים, וואָס האָבן זיך געטויפט ניט נאָר כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן, נאָר כדי צו מאַכן אַ גוט לעבן: געוועזענע תלמודיסטן שלומה הלוי און יהושוע לאָרקי. דער ערשטער איז געוואָרן אַ קאַטוילישער גלח און דערנאָך אַ בישאָף אין בורגאָס אונטער דעם נאָמען פאַול דע סאַנטאַ מאַריאַ; דער צווייטער האָט זיך גערופן גערעאָנימאָ דע סאַנטאַ-פע און איז געוואָרן אַ מיסיאָנער צו פאַרשפרייטן דעם קריסטנטום צווישן אידן. ביידע משומדים האָבן זיך פאַראייניקט מיט דעם שפאַנישן פויפסט בענעדיקט XIII און איינגערעדט אים, אַז ער זאָל צונויפרופן די גרעסטע רבנים און אידישע געלערנטע פון שפאַניע אויף אַ רעליגיעזן דיספוט מיט די גלחים אין דער שטאָט טאָרטאָזאַ. די כוונה איז געווען צו באַווייזן עפנטלעך די פאַלשקייט פון דער אידישער אמונה און נויטן די „פאַרבלאָנדזשעטע", זיי זאָלן אַריין אין דער קירך. דער דיספוט האָט זיך געצויגן אויף ניין און זעכציק פאַרזאַמלונגען, וואָס פלעגן פאָרקומען אַלע וואָך אין משך פון אָנדערטהאַלבן יאָר (1412—1413). פון אידישן צד זיינען געווען די בעסטע קעפ, צווישן זיי רבי יוסף אַלבאָ, דער מחבר פון „ספר-העיקרים" וועגן די דאָגמען פון אידישן גלויבן. פון קריסטלעכן צד איז דער פויפסט בענעדיקט אַליין געווען פאָרזיצער און דער משומד גערעאָנימאָ האָט געפירט די טענות קעגן דעם תלמוד. די אידישע דעלעגאַטן האָבן ניט געקענט שאַרף ענטפערן אויף די קריסטלעכע טענות, מורא האָבנדיק פאַר די מאָנאַכישע באַנדעס, אָבער דאָך האָבן זיי זיך ניט אונטערגעגעבן. זעענדיק, אַז מיט וויכוחים קען מען גאָרנישט מאַכן, האָבן די קאַטוילישע גלחים ווייטער געפירט זייער מיסיאָנערן-אַרבעט צווישן אידן מיטן פויסט: מיט טעראָר און פאָגראָמען.

די צאָל אַנוסים איז אַלץ געוואַקסן, נאָר איצט זיינען זיי שוין געווען מער פאָרזיכטיק: אָפן פלעגן זיי באַזוכן די קירך און האַלטן די קריסטלעכע אמונה און אירע מנהגים, אָבער פאַרבאָרגענערהייט, ביי זיך אין די הייזער, פלעגן זיי אָפהיטן אידישע רעליגיעזע מנהגים: אידישע

תפילות, שבת און יום־טוב, כּשרע שפּייז אד״ג. אַ לאַנגע צייט האָט זיך זיי איינגעגעבן אַזוי פאַרמאַסקירן זיך, אַז מען האָט זיי געהאַלטן פאַר אמתע קריסטן: זיי זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דער קריסט־לעכער געזעלשאַפט און פיל פון זיי האָבן פאַרנומען הויכע שטעלעס אין דער רעגירונג. ניט אַלעמאָל אָבער האָבן זיי זיך געקענט אויס־באַהאַלטן פון די קאַטוילישע שפּיאָנען. מען האָט באַמערקט, אַז פיל אַנוסים אָדער „נייע קריסטן" פאַלשעווען, און מען האָט אַזעלכע אָנ־גערופן מיטן זידל־וואָרט „מאַראַנען" (פאַרפלוכטע, שווינען). אין עטלעכע ערטער (טאָלעדאָ, קאָרדאָווא און אַנ־דערע) איז געקומען צו אָנפאַלן אויף מאַראַנישע הייזער און צו בלוט־פאַר־גיסונג.



32. די געוועזענע סינאַגאָגע אין טאָלעדאָ (איצט דער קלויסטער „סאַנטא מאַריא")

אַ לאַנגע צייט האָבן זיך די הער־שער פון קאַסטיליע און אַראַגאָניע גע־האַלטן נייטראַל אין דעם גלויבנס־קריג, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אין זייערע לענדער. אָבער צום סוף פון 15־טן יאָרהונדערט האָט זיך די לאַגע געביטן: די קאַסטילישע קיניגין איזאַבעלאַ האָט חתונה געהאַט מיט דעם אַראַגאָנישן קיניג פערדינאַנד דעם קאַטאָליק און זיי האָבן פאַראייניקט זייערע מלוכות אין איין גרויסער שפּאַנישער מלוכה. ביידע זיינען געווען פאַנאַטיש פרום און האָבן געטרוימט וועגן דעם, ווי אויסצוראָטן אַלע ניט־קאַטאָליקן — אידן, מאַראַנען, מוסול־מענער און קריסטלעכע אַפּיקורסים — און שאַפן אַ ריין־קאַטוילישע שפּאַניע. צוערשט האָבן זיי זיך גענומען פאַר די מאַראַנען. פערדינאַנד און איזאַבעלאַ האָבן אויסגעבעטן ביים רוימישן פּויפּסט אַן ער־לויבעניש צו גרינדן אין שפּאַניע אַ נייע אינקוויזיציע — אַ באַ־זונדערן מלוכה־טריבונאַל, וואָס זאָל אויסזוכן און באַשטראָפן אַלע קריסטן, וואָס זיינען ניט געטריי דעם קאַטוילישן גלויבן; דערביי האָבן זיי דער

עיקר געהאַט אין זינען די „ניי־קריסטן", די מאַראַנען, באַזונדערס די רייכע, ווייל לויטן געזעץ פון דער נייער אינקוויזיציע האָט דער קיניג געהאַט דאָס רעכט צונעמען דעם גאַנצן פאַרמעגן, וואָס מען האָט קאָנפיסקירט ביי די באַשטראָפטע. אַזוי אַרום האָט דאָס קיניגס־פּאָר געקאָנט מאַכן אי אַ פרומען אי אַ גוטן געשעפט.

אין יאָר 1481 האָט זיך אין סעווילאַ געעפנט דער ערשטער טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע, און אין צוויי יאָר אַרום איז דאָרטן באַשטימט געוואָרן פאַר אַ גרויס־אינקוויזיטאָר דער הויף־גַלָח ביי דער קיניגין, דער שרעקלעכער פאַנאַטיקער טאָמאַס טאָרקוועמאַדאָ. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן און טויט־שטראָפן פון מאַראַנען. מען האָט שטרענג פאַרזאָגט אַלע קריסטן, זיי זאָלן זיך צוקוקן צום לעבן פון די מאַראַנען און איבערגעבן דער אינקוויזיציע וועגן אַלץ, וואָס זיי וועלן באַמערקן: צי היטן די מאַראַנען אָפּ ביי זיך אין הויז אידישע מִנהגים, צי קאָכן זיי בעסערע מאַכָלים און טוען אָן בעסערע קליידער צו שבת און יום־טוב, צי שטייען זיי מיטן פּנים צו מִזרח ביי דער תפילה און אַזוי ווייטער. די מסירות האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג, און אינגיכן זיינען די געפענגענישן געוואָרן פול מיט אַרעסטירטע מאַראַנען. מען האָט די אומגליקלעכע שרעקלעך געפּייניקט, כּדי זיי זאָלן זיך מודה זיין אין זייערע „זינד" און אָנווייזן זייערע קרובים און פריינד, וואָס זינדיקן אויך קעגן דעם קריסטלעכן גאָט. די שולדיקע פלעגט מען פאַרמִשפּטן צו פאַרברענען לעבעדיקערהייט אויף אַ באַזונדער פּלאַץ, וואו עס איז געשטאַנען אַ „קוועמאַדעראָ" — אַ שאַפאָט מיט אַ האָלץ־הויפן. די צערעמאָניע פון פאַרברענען האָט געהייסן „אויטאָ־דאַ־פע" (דער אַקט פון גלויבן). אין משך פון צען חדשים אין יאָר 1481 זיינען אין סעווילאַ אַליין פאַרברענט געוואָרן דריי הונדערט מאַראַנען; נאָך מער זיינען פאַרמִשפּט געוואָרן צו אייביקער געפענגעניש אָדער צו טראָגן אַ „תשובה־העמד", אַ סימן פון חרטה אויף זייערע חַטאים. אין פערדינאַנדס קאַסע איז אַריינגעקומען אַן אוצר מיט גאָלד פון די פאַרמעגנס, וואָס מען האָט קאָנפיסקירט ביי די באַשטראָפטע מאַראַנען.

טאָרקוועמאַדאָ האָט פאַרשפּרייט די ווירקונג פון דער אינקוויזיציע אויף גאַנץ קאַסטיליע. מען האָט געמאַכט אויטאָ־דאַ־פעס אויך אין



33. שפּאַנישע אינקוויזיציע: „אויטאָ דאַ־פע״

דער הויפּטשטאָט טאָלעדאָ. דאָס פאַרבּרענען פון לעבּעדיקע מענטשן האָט געהייסן בּיי די אינקוויזיטאָרן „טויט-שטראָף אָן בּלוט-פאַרגיסונג": די תּלינים האָבּן פאָרמעל ניט געוואָלט האַקן קעפּ און פערגיסן מענטש-לעך בּלוט און דערפאַר האָבּן זיי געבּרענט זייערע קרבּנות. אין אַראַ-



34. שפּאַנישע אינקוויזיציע. „קוועמאַדעראָ"

גאָניע האָט אָפּגעטאָן שרעקלעכע מעשים דער הויפּט-אינקוויזיטאָר אַרבּועס. די מאַראַנען פון דער שטאָט סאַראַגאָסאַ האָבּן בּאַשלאָסן אים צו טויטן. איינמאָל, ווען אַרבּועס האָט תּפילה געטאָן אַליין אין דער קירך, שטייענדיק אויף די קני פאַרן אַלטאַר, זיינען אַריין דריי מאַראַנען און האָבּן אים דערשטאָכן מיט אַ שפּיז. די מערדער האָט מען ניט געקענט כאַפּן, האָט מען אַרעסטירט אַנדערע מאַראַנען מיט דעם אויסרייד, אַז זיי האָבּן געהאָלפן די פאַרבּרעכער. די טריבּונאַלן פון דער אינקוויזיציע האָבּן געוואָרפן אויפן „קוועמאַדעראָ" הונדערטער מענטשן.

אָבּער מאַראַנען זיינען געווען אין לאַנד פיל טויזנטער, און אַלעמען האָט מען ניט געקענט אויסראָטן. פון איין זייט זיינען זיי געווען פאַר-

בונדן מיט אידישע מִשפָחות, פון וועלכע זיי האָבן געשטאַמט, און פון דער אַנדערער מיט קריסטלעכע פאַמיליעס, אָפט פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע. פיל האָבן פאַרנומען הויכע פּאָסטנס אין דער רעגירונג און אין דער אַרמיי. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז כל זמן אין שפּאַניע וועלן לעבן ניט געשמַדטע אידן, וועלן די מאַראַנען ניט ווערן אֶמתע קריסטן. מוז מען, הייסט עס, אַרויסטרייבן אידן פון גאַנצן לאַנד. צו דעם געדאַנק זיינען פערדינאַנד און איזאַבעלאַ געקומען אין אַ צייט, ווען די גאַנצע שפּאַנישע פּאָליטיק האָט אָנגענומען נייע פאָרמען. צום סוף פון פופצעטן יאָרהונדערט האָבן די קריסטלעכע הערשער איינגענומען דעם לעצטן נעסט פון דער אַמאָליקער אַראַבישער שפּאַניע: די שטאָט גראַנאַדאַ, וואו עס האָט געהערשט אַ מוסולמענישער עֶמיר. איצט איז גאַנץ שפּאַניע געווען אונטער קריסטלעכער הערשאַפט, אָבער כּדי צו מאַכן זי פאַר אַ ריין קריסטלעך לאַנד האָט מען געדאַרפט אַרויסטרייבן אידן און אַראַבער. האָט מען אָנגעהויבן פון אידן. אַזוי האָט טאָרקוועמאַדאָ אַן עֶצָה געגעבן דעם קיניגלעכן פּאָר. אין מערץ יאָר 1492 האָבן פערדינאַנד און איזאַבעלאַ אונטערגעשריבן אַ דעקרעט, אַז אין דריי חדשים אַרום מוזן אַלע אידן פאַרלאָזן שפּאַניע; זיי קענען פאַרקויפן אָדער פאַרשענקען זייערע הייזער און מיטנעמען זייערע זאַכן, חוץ גאָלד, זילבער און געלט.

דער דעקרעט האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלע שפּאַנישע אידן. צוויי פאָרשטייער פון די אידישע קהילות זיינען געקומען צו פערדינאַנדן בעטן אים, ער זאָל אָפּשאַפן די בייזע גזירה. דאָס זיינען געווען מענטשן זייער נאָענטע צום קיניגלעכן הויף: דער פַּרנָס אַ ב רָ ה ם ס ע נ י אָ ר, וואָס פלעגט צושטעלן דעם קיניג די שטייערן פון די אידישע קהילות, און דער באַרימטער דענקער און פּאָליטיקער דאָן י צ חָ ק אַ בַּ ר בַּ נ א ל (אַבּראַוואַנעל), וואָס איז אַמאָל געווען פינאַנץ-פאַרוואַלטער ביים פּאָרטוגעזישן קיניג און שפּעטער ביים שפּאַנישן. ביידע האָבן אָנגעבאָטן פערדינאַנדן אויסקויף-געלט פון די אידישע קהילות דרייסיק טויזנט דוקאַטן, אויב ער וועט אָפּשאַפן די גזירה פון גֵירוש. דער קיניג איז שוין גרייט געווען נאָכצוגעבן, אָבער דאָ האָט זיך אין פּאַלאַץ אַריינגעריסן מיט אַ צלֵם אין האַנט דער אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאָ און אַ געשריי געטאָן, ווענדענדיק זיך צום קיניג און

צו דער קיניגין: „יודא האָט אמאָל פאַרקויפט קריסטוסן פאַר דרייסיק זילבערשטיק און איר ווילט אים פאַרקויפן פאַר דרייסיק טויזנט גאָלד־שטיק!“ דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דער פרומער קיניגין איזאַבעלאַ, און די אידישע שלוחים האָבן געמוזט אַוועקגיין מיט אַן אָפּזאָג. סוף אַפּריל האָט מען אויסגערופן אין גאַנצן לאַנד, אַז ביז סוף יולי מוזן אַלע אידן פאַרלאָזן שפּאַניע; ווער ס'וועט בלייבן, וועט באַשטראָפט ווערן מיט טויט, סיידן ער וועט זיך שמדן.

אין די טרויער־טעג אַרום תשעה באָב האָבן זיך אַ פּאָר הונדערט טויזנט אידן אין אַלע שטעט פון שפּאַניע געזעגנט מיט די קבֿרים פון זייערע עלטערן און זיך געלאָזט אין וועג. אַ גרויסער טייל איז אַוועק אין די נאָענטע שטעט פון פּאָרטוגאַל, אַנדערע זיינען געפאָרן מיט שיפן איבערן ים ווייטער — קיין איטאַליע און טערקיי, קיין מאַראָקאָ און אַנדערע לענדער פון צפון־אַפריקע.

די, וואָס זיינען געקומען קיין פּאָרטוגאַל, האָבן פאַר גרויסע געלט באַקומען פון דאָרטיקן קיניג יואַן אַן ערלויבעניש צו בלייבן אין לאַנד אַכט חדשים. ווען דער טערמין האָט זיך געענדיקט, האָט מען זיי אָנגעהויבן טרייבן אָן רחמנות; די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין געלט אויף רייזע־קאָסטן, האָט מען פאַרקויפט פאַר קנעכט און זייערע קינדער געטויפט. ענדלעך האָט דער יונגער קיניג מאַנועל, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, באַשלאָסן פאַרטרייבן אַלע אידן אויך פון פּאָרטוגאַל, אפילו יענע, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט פון אַלטע צייטן. צענדליקער טויזנט מענטשן האָט מען צונויפגעטריבן אין פּאָרטוגאַלס הויפּטשטאָט ליסאַבאָן, כדי אַרויפצוזעצן זיי אויף שיפן און פאַרשיקן אין ווייטע לענדער. פאַר זייער אַוועקפאָרן האָבן פאַנאַטישע גלחים און סאָלדאַטן געשלעפּט זייערע קינדער אין די קירכן און דאָרטן מיט געוואַלט געטויפט. אַ סך פון די אומגליקלעכע עלטערן האָבן זיך פרייוויליק געטויפט, כדי צו בלייבן מיט זייערע קינדער און שפּעטער זיי און זיך אַליין צו ראַטעווען פון גוישע הענט. אַזוי זיינען געוואָרן „מאַראַנען“ אויך אין פּאָרטוגאַל. אַלע, וואָס זיינען געבליבן געטריי דעם אידישן גלויבן און פאָלק, האָבן פאַרלאָזן פּאָרטוגאַל אין יאָר 1498, זעקס יאָר נאָך גירוש שפּאַניע. זיי האָבן זיך געטראָגן איבערן ים, זוכנדיק אַ לאַנד וואו צו באַזעצן זיך.

אויפן וועג זיינען אַ סך אומגעקומען פון הונגער און קראַנקהייטן; אַנדערע זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון ים־רויבער און פאַרקויפט געוואָרן פאַר קנעכט.

אַזוי זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן די אַמאָליקע בליענדיקע אידישע קהילות אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. אין ביידע לענדער זיינען געבליבן נאָר די באַהאַלטענע אידן, די מאַראַנען, וועמען עס איז באַשערט געווען ליידן די גרעסטע צָרות נאָך אַ פּאָר הונדערט יאָר.

## 34. די צָרות אין דייטשלאַנד ביזן סוף מיטלאַלטער

אויסער שפּאַניע איז אין מיטלאַלטער דער גרעסטער אידישער צענטר געווען אין דייטשלאַנד. דאָס זיינען געווען צוויי פאַרשיידענע טיפּן אידן: די שפּאַנישע ספרדים און די דייטשע אשכּנזים. די ספרדים האָבן אַ לאַנגע צייט געלעבט פריי, געפירט גרויסע האַנדלס־געשעפטן און האָבן זיך אָפּט געפילט ווי אין אַן אייגענעם לאַנד, ביז וואַנען אויף זיי איז ניט געקומען דער אומגליק פון שמד און גירוש. די אשכּנזים האָבן זייער גרויסן אומגליק, די צרות פון די קרייץ־צוגן, דורכגעמאַכט פריער, נאָך אין 12־טן יאָרהונדערט, און דערנאָך זיינען זיי געבליבן אָרים, דערשלאָגן, אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג און האָבן געלעבט נאָר מיט דעם חֶסֶד פון די דייטשע קיסרים אָדער זייערע פעאָדאַלן, וואָס האָבן זיי געשיצט פון פּאָגראָמען. דייטשע אידן זיינען געוואָרן „קאַמער־קנעכט" („סערווי קאַמערע"), דינער פון קיניגלעכן הויף, ווייל זיי האָבן געמוזט צאָלן דעם קיסר און די פירשטן שוץ־געלט דערפאַר, וואָס מען האָט זיי געלאָזט לעבן און עפּעס פאַרדינען פון האַנדל אָדער מלאָכה. אָפּט האָט דער איד געמוזט טראָגן גאָר אַנדערע קליידער, ווי די קריסטן, אָדער אַ באַזונדער צייכן אויפן אויבערשטן מאַנטל, די „געלע לאַטע" אָדער אַ שפּיציקן הוט מיט הערנער, וואָס האָט אים געמאַכט לעכערלעך אין גאַס. אומעטום אין די שטעט האָבן אידן געוואוינט אין באַזונדערע גאַסן, אָן אַ זייט פון דער גוישער שטאָט. נאָר דאָ, אין דער אידישער שטאָט, אין דער קהילה, אַרום זיין סינאַגאָגע און זיינע שולן, האָט זיך דער איד געפילט אין דער היים, גייסטיק פריי פון דעם אויסערלעכן

דרוק. די רַבָּנים און גַבָּאים פון דער קהילה זיינען געווען ווי אַ מין אידישע רעגירונג: מען האָט געשאַפן אָרדענונג אין די סאָציאַלע באַציאונגען, געזאָרגט וועגן הילף פאַר אָרימעלייט (צדָקה), וועגן קינדער-ערציאונג, חדָרים און ישיבות, וועגן שוץ קעגן פיינדלעכע אַרויס-טרעטונגען פון די קריסטלעכע שכנים.

נאָך דעם גרויסן אומגליק פון די קרייץ-צוגן האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע קייט פון קליינע צָרות. די קריסטלעכע בירגער, וואָס פלעגן ניט פאַרגינען דעם אידן זיין פרנסה פון קליינהאַנדל, מלָאכה אָדער קליינע קרעדיט-געשעפטן, האָבן שטענדיק געזוכט אַ בילבול אויף אים און אויף דער גאַנצער אידישער קהילה. דאָס איז געווען גאָר לייכט אין יענער צייט פון פינסטערן אָבערגלויבן, וואָס האָט געהערשט אין די פאָלקס-מאַסן און אפילו אין די העכערע קלאַסן. פון פראַנקרייך האָט מען אַהער פאַרטראָגן די בייזע „עלילת-דָם", די נאַרישע באַשולדיקונג, אַז אידן צאַפּן בלוט פון קריסטלעכע קינדער צו פסח. ווייטער האָט זיך פאַרשפּרייט די האָסטיע-באַשולדיקונג, אַז אידן גנבענען פון די קירכן דאָס „הייליקע ברויט" און שניידן און שטעכן דאָס, ביז עס טריפט דערפון בלוט, דער סימבאָל פון צעשניידן יעזוסעס קערפּער. וואו נאָר ערגעץ פלעגט פאַרפאַלן ווערן אַ קריסטלעך קינד, אָדער מען פלעגט צופעליק געפינען אַ טויטן קערפּער אין וואַלד אָדער אין וואַסער, פלעגט זיך די קריסטלעכע מאַסע וואַרפן שלאָגן אידן. איינמאָל האָט מען הינטער דער שטאָט פולדאַ געפונען פינף טויטע קינדער פון אַ קריסטלעכן מילנער, און מען האָט געלאָזט אַ קלאַנג, אַז צוויי אידן האָבן זיי געהרגעט; דאַן איז אַ באַנדע קרייצטרעגער באַפאַלן די שטאָט און אויסגעקוילעט דרייסיק אידישע פאַמיליעס (יאָר 1235). דער קיסר פרידריך II האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע אויף אויספאָרשן, צי באַנוצן אידן ווירקלעך בלוט צו פסח. די קאָמיסיע האָט זיך אַרויסגעזאָגט בכלל קעגן אַזאַ באַשולדיקונג. און דאָך האָבן די בלוט-בילבולים ניט אויפגעהערט. כמעט אַלע יאָר צו פסח פלעגט זיך אין וואָסער עס איז אָרט באַווייזן עפּעס אַ געהרגעטער, און די שולד פלעגט מען אַרויפוואַרפן אויף אידן. דאַן האָבן זיך אידישע קהילות געווענדעט צום רוימישן פויפּסט און געבעטן, ער זאָל אַרויסזאָגן זיין וואָרט קעגן דער ליגנערישער באַשולדיקונג. גראָד איז אין

IV. יענער צייט געוועזן אַן ערלעכער פּויפּסט, אינאָצענץ (אינאָקענטי) וואָס די אידישע צרות האָבן אים גערירט. אין 1247 האָט ער פונאַנדער־געשיקט צו די בישאָפּס אין אַלע לענדער אַ בּוּלאַ (פּויפּסטלעכער דעקרעט) מיט אַזאַ אינהאַלט: „מיר האָבן געהערט די ביטערע קלאָגן פון די אידן, אַז מען מאַכט אויף זיי מיאוּסע בּילבּוּלים כּדי צו האָבן אַן אויסרייד אָנצופאַלן אויף זיי און רויבן זייער האָב און גוטס. וואו נאָר מען געפינט אַ טויטן קערפּער פון אַ דערהרגעטן מענטשן, וואַרפט מען אַרויף די שולד אויף אידן. אָן אַ גערעכטלעכער אויספאָרשונג פאַרשפּאַרט מען אומשולדיקע מענטשן אין תּפיסה, מען מאַטערט זיי און פאַרמשפּט זיי צו אַ שענדלעכן טויט. אַזוי קומט אויס אידן צו ליידן פון היינטיקע פירשטן און הערשער נאָך מער, ווי זייערע עלטערן אין מצרים פון פּרעהן. אַזוי ווי מיר ווילן ניט מען זאָל פּייניקן אידן, וואָס דער באַרמהערציקער גאָט וואַרט אויף זייער אומקער (צום קריסט־לעכן גלויבן), הייסן מיר אייך זיין צו זיי פריינדלעך. אויב ס'וועט זיך ווייטער טרעפן, אַז אידן וועלן זיין ניט געזעצלעך געדריקט דורך גלחים, אַדעלליים אָדער שׂררות, זאָלט איר ניט דערלאָזן דערצו".

אין 14־טן יאָרהונדערט (1348—1349) האָט אַ נייער אומגליק חרוב געמאַכט מיטאַמאָל אַ סך אידישע קהילות אין דייטשלאַנד. אין אייראָפּע האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שרעקלעכע מגפה, אַן עפּידעמישע קראַנקהייט, פאַרטראָגן פון אַזיע, וואָס האָט געהייסן „דער שוואַרצער טויט". הונדערטער טויזנטער מענטשן זיינען געשטאָרבן פון איר, גאַנצע שטעט זיינען געבליבן אָן איינוואוינער; פון שרעק זיינען אַ סך מענטשן אַראָפּ פון זינען. אויך אידן פלעגן שטאַרבן פון דער עפּידעמיע, אָבער אין אַ קלענערער צאָל ווי קריסטן, ווייל לויט די געזעצן פון זייער רעליגיע זיינען אידן געוועזן מער אָפּגעהיט אין עסן, טרינקען און אַנדערע זאַכן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אין פאָלק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פאַלשער קלאַנג, אַז אידן זיינען שולדיק אין דער עפּי־דעמיע: זיי האָבן כּלומרשט אַריינגעשאָטן גיפט אין די ברונעמס און טייכן און האָבן פאַרסמט דאָס וואַסער, וואָס אַלע טרינקען. דאָס האָט צערייצט די קריסטלעכע מאַסן און זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף אידן. אין די שטעט שטראַסבורג און קעלן, מאַינץ, וואָרמס און פראַנקפורט האָט מען טויזנטער אידן אויסגעהרגעט און זייערע הייזער פאַרברענט.

אין שטראַסבורג האָט מען פאַרטריבן צוויי טויזנט אידן אויפן בית־עולם און דאָרטן אַריינגעוואָרפן אין אַ ברענענדיקן האָלץ־הויפן; נאָר די ווייניקע, וואָס זיינען מרוצה געוואָרן צו טויפן זיך, האָט מען אַרויס־געשלעפט פון פייער און געראַטעוועט; אידישע הייזער האָט מען צעטיילט צווישן קריסטלעכע בירגער — אַ שיינע מתּנה פאַר זייער אַרבעט אין דעם „יודענבראַנד". אין וואָרמס האָבן זיך די אידן ניט דערוואַרט מען זאָל זיי ברענען: זיי האָבן אַליין אונטערגעצונדן זייערע הייזער און זיינען דאָרטן פאַרברענט געוואָרן. אין מאַינץ האָבן זיך אידן געשטעלט אַנטקעגן און געהרגעט צוויי הונדערט מערדער, אָבער דאָס האָט נאָך מער צערייצט די ווילדע מענטשלעכע חיות — און זעקס טויזנט אידן האָבן זיך געבראַכט פאַר אַ „פייער־קרבן" אין זייערע ברענענדיקע הייזער. די, וואָס זיינען גאַנץ געבליבן, זיינען זיך צעלאָפן אין אַנדערע לענדער, באַזונדערס קיין פּוילן. אין די „סליחות" פון יענע צייטן האָבן די אומגליקלעכע אויסגעגאָסן זייער ביטער הארץ פאַר גאָט און געפרעגט אים, פאַרוואָס באַגייט ער זיך אַזוי מיט זיין פאָלק ישׂראל; אָבער דער הימל האָט געשוויגן, און די קלאָגער האָבן זיך געמוזט אַליין טרייסטן מיט דעם גלויבן, אַז זיי ליידן אויף דער פאַרבלוטיקטער ערדישער וועלט פאַר אַ בעסערער וועלט, פאַרן „עולם הבּא", וואָס וועט קומען אין משיחס צייטן.

ניט אַזוי גיך האָבן זיך די פאַרטריבענע און צעלאָפענע אידן אומגעקערט אין זייערע חרובֿע שטעט און אויפגעבויט זייערע פאַרברענטע הייזער. די שטעט־פאַרוואַלטונגען (מאַגיסטראַטן) האָבן זיי אַריינ־געלאָזט צוריק אויף זייער שווערע באַדינגונגען. מען האָט מיט זיי געמאַכט קאָנטראַקטן, אַז זיי מעגן וואוינען אין שטאָט ביז וואַנען דער מאַגיסטראַט וועט דאָס ערלויבן, אַז זיי דאַרפן צאָלן שטייער אַלעמען: דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, דעם פירשט, דעם בישאָף און דעם קיסר; מען טאָר זיי ניט אַריינעמען אין די פאַרבאַנדן פון הענדלער און האַנטווערקער; זיי מעגן זיך פאַרנעמען מיט קרעדיט, מיט פאַר־לייַען געלט אויף פּראָצענט, אָבער אָפט פלעגן די הערשער באַפרייען די בעלי־חובֿות פון אָפּצאָלן זייער חוב דעם אידן, אָדער זיי פלעגן אַליין אָפּנעמען ביי אים אַ גרויסן טייל פון זיין געלט. אַזוי זיינען אידן געוואָרן ווי פרעמדע, צייטווייליקע געסט אין יענע שטעט, וואו זייערע

עלטערן האָבן געלעבט הונדערטער יאָרן. אין 15־טן יאָרהונדערט פלעגן פאַרשיידענע הערשער — דער קיסר, די פירשטן און די מאַגיסטראַטן — אָפט פאַרטרייבן אידן פון דער אָדער יענער שטאָט (פון ווין אין יאָר 1421, שפּעטער פון מאַינץ, מאַגדעבורג און אַנדערע). צו אַן אַלגעמיינעם גירוש, ווי אַמאָל אין פראַנקרייך און שפּעטער אין שפּאַניע, איז דאָ ניט געקומען, אָבער דער איד אין דייטשלאַנד האָט שוין ניט געפילט קיין פעסטן באָדן אונטער זיינע פיס.

אין זיין ג ײ ס ט י ק ן לעבן איז דער דייטשער איד געשטאַנען אויף אַ פעסטן, אָבער אויף גאָר אַ שמאָלן באָדן. דאָ איז ניט צו זעען די ברייטע און רייכע קולטור פון די שפּאַנישע אידן, דעם גרויסן אידעען־קאַמף צווישן פּרעזיניקע און קאָנסערוואַטיווע. אַלע זיינען דאָ געווען שטרענג קאָנסערוואַטיוו, פרום, ווייט פון וועלטלעכע וויסנשאַפטן. די גאַנצע ערציאונג אין די שולן איז געווען אַ תּלמודיש־רבּנישע. די ליטעראַטור איז באַשטאַנען נאָר פון פּירושים צום תּלמוד, רבּנישע „חידושים" און „שאלות ותשובות" וועגן פראַגן פון רעליגיעזער אָדער יורידישער פּראַקטיק; עס האָבן געהערשט די „פּוסקים", וואָס האָבן געשריבן געזעצביכער, זאַמלונגען פון דינים און מנהגים אויפן שטייגער פון די „טורים". מען האָט געשריבן אויך מוסר־ספרים אין גייסט פון דער תּלמודישער „אגדה" און פון „מדרש"; דאָ האָט מען באַטראַכט פראַגן פון מאָראַל און גוטע מידות, פרומקייט און גוטסקייט אויף דער וועלט, אָבער אויך פון דעם, וואָס וועט זיין אויף יענער וועלט, נאָכן טויט, וואו דער מענטש דאַרף אָפּגעבן אַ חשבון פאַר אַלע זיינע מעשים. דאָס איז געווען אַן אומעטיקע מאָראַל, אַ פאַר־פינסטערטע, ווי דאָס גאַנצע אידישע לעבן אין יענער צייט. אַ מוסטער פאַר אַזאַ מין ליטעראַטור האָט געדינט דער „ספר חסידים" פון רבי יהודה חסיד פון רעגענסבורג. אין 15־טן יאָרהונדערט האָט מען גע־לייענט אויך אַ מוסר־ספר „דאָס זיטנבוך", וואָס איז געווען געשריבן אין דער דייטש־אידישער פאָלקס־שפּראַך, דער עיקר פאַר ווייבער, וואָס האָבן ניט געקענט לייענען העברעאישע ספרים. אין יענער צייט האָט זיך די דאָזיקע פאָלק־ליטעראַטור ערשט אָנגעהויבן אַנטוויקלען, אָבער שפּעטער, מיט דער אַנטדעקונג פון בוך־דרוקעריי, האָט זי זיך ברייטער אַנטוויקלט און איז געוואָרן אַ וויכטיקער צווייג פון דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור

## 35. די ערשטע ישובים אין פּוילן

פֿון די צרות אין דייטשלאַנד פֿלעגט מען לויפֿן אין די נאָענטע לענדער פֿון פּוילן. שוין נאָך די ערשטע קרייץ-צוגן פֿלעגן זיך גאַנצע מחנות אידן אַוועקלאָזן אין די סלאַווישע לענדער, קיין בעהמען (פּראָג) און ווייטער קיין פּוילן. אויף דעם געביט פֿון „גרויספּוילן", אין די שטעט קאַליש, גנעזן, פּויזן, זעען מיר אידישע ישובים שוין אין 13-טן יאָרהונדערט. אין יאָר 1264 האָט דער גרויספּוילישער פֿירשט באָ-לעסלאַוו פֿון קאַליש אַרויסגעגעבן אַ באַזונדערן סטאַטוט וועגן די רעכט פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג אין זיין לאַנד. פֿון דעם סטאַטוט איז צו זעען, אַז דעם פֿירשט האָט זייער געלוינט אַריינצולאָזן אידן אין זיין לאַנד: ער האָט דערוואַרט, אַז זיי וועלן אַריינברענגען מיט זיך אַ סך קאַפּיטאַל און לעבעדיק מאַכן דעם קרעדיט, זיי וועלן צאָלן הויכע שטייערן דעם פֿירשט, פֿאַרליַיען גרויסע סומעס דער רעגירונג און קלענערע דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג; זיי וועלן פֿירן האַנדל און געבן צו פֿאַרדינען דעם פּויער און דעם קליינבירגער. דערפֿאַר האָט באָלעסלאַוו ערלויבט אידן פֿירן געשעפֿטן ווי זיי ווילן און האָט זיי געגעבן פֿולע פֿרייהייט אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון זייערע קהילות; ער האָט זיי צוגעזאָגט שוץ קעגן אָנפֿאַלן און האָט פֿאַרבאָטן מאַכן אויף זיי בלוט-בילבולים; אויף צו פֿאַרפֿירן אַ פּראָצעס קעגן אַ אידן, אַז ער האָט געהרגעט אַ קריסטלעך קינד, האָט געדאַרפֿט זיין אַ באַ-שטעטיקונג פֿון זעקס עדות, דריי קריסטלעכע און דריי אידישע.

קעגן די פֿרייהייטן און פּריווילעגיעס, וואָס באָלעסלאַוו האָט געגעבן דער אידישער באַפֿעלקערונג, האָבן פּראָטעסטירט די קאַ-טוילישע גלחים אויף זייער פֿאַרזאַמלונג אין דער שלעזישער שטאָט ברעסלוי (1265). די פֿאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז די נייע אידישע ישובים אין פּוילן קענען ברענגען אַ גרויסן שאָדן דעם קריסטלעכן גלויבן און דערפֿאַר דאַרף מען זאָרגן וועגן דעם, אַז אידן זאָל לעבן אָפּגעזונדערט פֿון קריסטן, אין באַזונדערע גאַסן, וואָס זאָלן זיין אַרומגעצוימט מיט אַ מויער; אידן דאַרפֿן אויך זיין געצייכנט דורך באַזונדערע קליידער, למשל, אַ שפּיציקן הוט מיט הערנער אויפֿן קאָפּ. אָבער וויפֿיל די גלחים האָבן זיך ניט באַמיט, מען זאָל אויף

דעם אידן אַרויפֿלייגן אַ קָין־צייכן, האָבן די הערשער פֿון פּוילן דאָך שטענדיק געשיצט די אידישע באַפעלקערונג, ווייל זיי האָבן געהאַט פֿון איר אַ גרויסן עקאָנאָמישן נוצן.

באַזונדערס האָט זיך פֿאַרמערט די צאָל אידן אין פּוילן אין דער צייט פֿון דעם קיניג קאַזימיר דעם גרויסן (1333—1370), וואָס האָט פֿאַראייניקט און פֿאַרשטאַרקט די פּוילישע מלוכה. ער פֿלעגט גערן צולאָזן אין זיינע לענדער דייטשן און דייטשע אידן, כּדי זיי זאָלן פֿאַרגרעסערן דעם האַנדל און האַנטווערק. ער האָט אַרויסגעגעבן גינסטיקע געזעצן פֿאַר אידן אין גאַנץ פּוילן. גראָד צו יענער צייט, נאָך דעם שרעקלעכן „שוואַרצן טויט“, האָבן זיך אַ שאָט געטאָן מאַסן אידישע עמיגראַנטען פֿון דייטשלאַנד קיין פּוילן. חוץ גרויספּוילן (פּויזן און קאַליש) האָבן זיך אידישע ישובים געבילדעט אין דער הויפּט־שטאָט פֿון דער מלוכה, אין קראָקע, אין לעמבערג און אַנדערע גרויסע שטעט. מען דערציילט, אַז קאַזימיר האָט געטאָן אידן טובות, ווייל ער האָט געהאַט אַ אידישע געליבטע אֶסתּרקע, אַ טאָכטער פֿון אַ שניידער; אָבער די אֶמתע סיבה פֿון קאַזימירס גוטער באַציאונג צו אידן איז געווען אַן אַנדערע: אַ לאַנד פֿון פּויערים האָט ניט געקענט אויסקומען אָן אַ קלאַס פֿון האַנטווערקער און הענדלער, און דעם קלאַס האָבן געבילדעט אָנגעפּאָרענע דייטשן און אידן.

צום סוף פֿון 14־טן יאָרהונדערט האָט זיך פּוילן פֿאַראייניקט מיט דעם שכנישן לאַנד ליטע דורך דער חתונה פֿון דער פּוילישער פּרינצעסין יאַדוויגאַ מיט דעם ליטווישן פֿירשט יאַגעללאָ (1386). געוואָרן אַ קיניג פֿון פּוילן, האָט יאַגעללאָ איבערגעגעבן די פֿאַרוואַלטונג אין ליטע זיינעם אַ שוועסטערקינד, דעם גרויספֿירשט וויטאָווט (וויטאָלד). וויטאָווט איז געווען זייער גוט צו אידן; האָט זיי געלאָזט וואוינען אין זיינע שטעט בריסק, גראָדנע און טראָק, געגעבן זיי רעכט אויף פֿרייען האַנדל, האַנטווערק און ערד־באַזיץ; ער האָט אַפֿילו אַרויסגערופֿן פֿון דער קרים קאַראַאימישע אידן, האָט זיי באַזעצט אין דער שטאָט טראָק און געגעבן זיי באַזונדערע פּריווילעגיעס. אַזוי איז אין ליטע די אידישע לאַגע געווען נאָך בעסער ווי אין פּוילן. דאָ האָבן די פֿאַנאַטישע גלחים ווידער אָנגעהויבן אַגיטירן קעגן אידן. אין יאַגעללאָס צייטן האָבן זיי אין פּויזן אויסגעטראַכט אַ נאַרישן בילבול,

אַז אידן האָבן געשטאָכן דעם „הייליקן ברויט" פון אַ קירך און פאַר־וואָרפן אין אַ גרוב; מען האָט געכאַפּט דעם רב און דרייצן פּרנסים פון דער קהילה און זיי פאַרברענט (1399). אין קראָקע האָט אַ גלח אָנגערייצט דעם המון אויף דער אידישער באַפעלקערונג און עס איז געקומען צו אַ פּאָגראָם (1406). דער פּוילישער קיניג און ליטווישער פירשט קאַזימיר IV (1447—1492) האָט געשיצט אידן אין ביידע לענדער, און דערפאַר האָט ער געמוזט אויסהאַלטן אַ קאַמף מיט דעם קראָקער בישאָף און קאַרדינאַל אָלעסניצקי, וואָס האָט שטענדיק געהעצט קעגן אידן. אָבער נאָך קאַזימירס טויט האָט זיך זיין זון אַלעקסאַנדר אונטערגעגעבן דעם איינפלוס פון די פאַנאַטישע גלחים און האָט אַרויסגעטריבן אַלע אידן פון ליטע (1495). אפשר האָט ער געוואָלט נאָכמאַכן דעם פרומען שפּאַנישן קיניג פערדינאַנד דעם קאַ־טאָליק, וואָס האָט מיט דריי יאָר פריער פאַרטריבן די אידן פון שפּאַניע. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט אָבער אַלעקסאַנדר חרטה געהאַט און האָט צוריקגערופן די פאַרטריבענע קיין ליטע.

אַזוי האָבן זיך געבילדעט אידישע ישובים אין פּוילן און ליטע אין די לעצטע יאָרהונדערטן פון מיטלאַלטער, ביז וואַנען ביידע לענדער, וואָס האָבן זיך שפּעטער אינגאַנצן פאַראייניקט, זיינען געוואָרן דער גרעסטער אידישער צענטר אין אייראָפּע, ווי דאָס איז פריער געווען שפּאַניע, פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

נאָר אין איין גרויסן לאַנד פון מזרח־אייראָפּע, אין מאָסקווער רוסלאַנד, זיינען אידן צו יענער צייט גאָרניט געווען. די מאָסקווער גרויס־פירשטן האָבן מורא געהאַט אַריינלאָזן אין לאַנד אויס־לענדער בכלל, און באַזונדערס אידן. זיי האָבן זיך נאָך מער דער־שראָקן פאַר אידן, ווען איינער אַ קיעווער איד זכריה (קיעוו האָט דאַן געהערט צו דער ליטווישער מלוכה) מיט נאָך עטלעכע ליטווישע אידן זיינען געקומען קיין נאָווגאָראָד און האָבן דאָרטן אַריינגעצויגן אין דער אידישער אמונה עטלעכע קריסטלעכע גלחים. די דאָזיקע גלחים זיינען געקומען קיין מאָסקווע און אָנגעהויבן מגייר זיין קריסטן (1480). עס האָט זיך געבילדעט אַ רוסישע סעקטע, וואָס מען האָט זי גערופן „פאַראידישטע קריסטן" („זשידאָווסטוואָיושציע"). דער מאָסקווער גרויספירשט איוואַן III האָט געהייסן כאַפּן די פירער פון

דער סעקטע און פארברענען זיי (1504). שפעטער, ווען איוואן IV, „דער שרעקלעכער", האָט אָפּגענומען ביי פּוילן די ווייסרוסישע גרענעץ־שטאָט פּאָלאָצק, האָט ער געהייסן אַלע דאָרטיקע אידן מיט ווייב און קינד דערטרינקען אין דער טייך דווינאַ, אויסער די, וואָס וועלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן (1563). ער האָט ניט געוואָלט האָבן אין זיין מלוכה אַ שטאָט מיט אידן. פון יענער צייט אָן האָט מען ניט געלאָזט אידן וואוינען אין רוסלאַנד נאָך צוויי הונדערט יאָר, ביזן סוף 18־טן יאָרהונדערט, ווען אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע זיינען אַריין גאַנץ ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע, ליטע און אַנדערע טיילן פון פּוילן מיט אַ מיליאָן אידישע איינוואוינער.

---

## 36. אידישער לעבן־שטייגער אין מיטלאַלטער

אין שפּעטן מיטלאַלטער, ביז סוף 15־טן יאָרהונדערט, האָט זיך אין אַלע לענדער פון אייראָפּע אויפגעשטעלט אַ פעסטער סֵדר אין אינעווייניקסטן אידישן לעבן. ניט אומעטום איז דער לעבן־שטייגער געווען גלייך אין אַלע פּרָטים, אָבער אין גרונד האָבן די אידישע מאַסן אומעטום געפירט אַן אייגנאַרטיקן לעבן, צופּאַסנדיק צו די אויסערלעכע אומשטענדן זייערע נאַציאָנאַלע און גייסטיקע באַדערפענישן.

דער צופּאַסונג־פּראָצעס האָט זיך ערשטנס אַרויסגעוויזן אין דער שפּראַך. צעוואָרפן צווישן פאַרשיידענע פעלקער, האָט דאָס אידישע פאָלק ניט געקאָנט האָבן איין איינציקע אומגאַנג־שפּראַך. מען האָט גערעדט דייטש אין דייטשלאַנד און אויך אין פּוילן, וואָס איז געווען פול מיט אָנגעקומענע דייטשע אידן, שפּאַניש אין שפּאַניע, פראַנצויזיש אין פראַנקרייך, איטאַליעניש אין איטאַליע; אָבער אין יעדן לאַנד האָבן אידן אַריינגעפירט אין די דאָזיקע שפּראַכן פיל אייגענעם וואָרט־מאַטעריאַל, ווערטער פון דער העברעאישער שפּראַך — דער נאַציאָנאַלער שפּראַך פון תּפילות און רעליגיעזע מִנהָגים, פון שול־לערנען און ליטעראַטור. אַזוי האָבן זיך באַשאַפן געמישטע אידישע שפּראַכן, פון וועלכע עס האָבן זיך באַזונדערס אַנטוויקלט צוויי: די דייטש־אידישע און שפּאַניש־אידישע. די ערשטע האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די אַשכּנזים, דאָס הייסט אידן פון דייטשלאַנד,

עסטרייך און פּוילן, און האָט דערום געהייסן „לָשון־אַשכּנַז", שפּעטער פּשוט אידיש. די צווייטע, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט צווישן די ספרדים, די שפּאַנישע אידן, האָט געהייסן „לאַדינאָ", דאָס הייסט לאַטיין, ווייל שפּאַניש איז אַ צווייג פון דער לאַטיינישער שפּראַך־גרופּע. אין דער ליטעראַטור האָט נאָך אַלץ געהערשט די העברעאישע שפּראַך, אָבער צוביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן שרייבן אויך אין די געמישטע אומגאַנג־שפּראַכן, באַזונדערס פאַר פּשוטע לייט און ווייבער, וואָס האָבן ניט גענוג פאַרשטאַנען העברעאיש. מען פלעגט דאָס שרייבן מיט העברעאישע אותיות און אַזוי אַרום האָט מען העברעאיזירט די שפּראַך אויך אין דער פאָרם. שפּעטער האָט מען אַזאַ מין ליטעראַרישן לָשון און כּתב גערופן „עברי־טייטש" ביי די אַשכּנזים. אַזוי האָט דאָס פאָלק זיך געשאַפן פון פרעמדע און אייגענע עלעמענטן זיין באַזונדער שפּראַך, וואָס האָט אים ניט דערלאָזט צונויפמישן זיך מיט די אַרומיקע פעלקער.

די „אידישע גאַס" אָדער דער „אידישער קוואַרטאַל" (שפּעטער „געטאָ") אין די שטעט האָט אָפּגעצוימט די אידישע איינוואוינער פון דרויסן. ניט נאָר דורך צוואַנג האָבן אידן געוואוינט אין באַזונדערע גאַסן, נאָר ווייל אָפט האָבן זיי אַליין דאָס געוואָלט. מענטשן פון איין נאַציאָנאַלער משפּחה, וואָס די אַרומיקע זיינען צו זיי געווען פרעמד און פיינדלעך, האָבן געשפּירט אַ באַדערפעניש לעבן צוזאַמען, נאָענט צו זייערע שולן און בּתּי־מדרשים, זייערע רבּנים און אַנדערע פירער פון דער קהילה. אָפט איז דער אידישער טייל פון שטאָט געווען אָפּגעצוימט פון דעם גוישן מיט אַ געמויערטער וואַנט, אָדער די גאַסן האָבן געהאַט טויערן פון ביידע זייטן, וואָס מען האָט געקאָנט פאַרשליסן און דערמיט שיצן זיך קעגן אָנפאַלן פון פיינדלעכע מאַסן. דאָס האָט ניט איינמאָל געראַטעוועט אידן פון אַ פּאָגראָם. אין דער פויפּסטלעכער רעזידענץ רוים פלעגט די פּאָליציי צושליסן די טויערן פון געטאָ אויף דער נאַכט; מען פלעגט קיינעם ניט אַריינלאָזן און ניט אַרויסלאָזן.

אין צענטער פון אידישן קוואַרטאַל איז געשטאַנען די שול, די סינאַגאָגע. אין דער פאָלק־שפּראַך האָט מען באַנוצט דאָס וואָרט שול אָדער בּית־מדרש פאַר צוויי פאַרשיידענע זאַכן: פאַר אַ הויז, וווּ מען דאַוונט, און פאַר אַ הויז, וווּ מען לערנט. אָפט פלעגט מען



35. דאס אַלטע „געטא" אין רוים



36. די „יידישע גאַס" אין פּראָג



37. די „יידישע גאַס" אין א דייטשער שטאָט

טאַקע לערנען קינדער, באַזונדערס אָרימע, אין דער סינאַגאָגע; אַזאַ שול האָט שפּעטער געהייסן „תּלמוד־תּורה“. דער רבֿ פֿון דער שטאָט אָדער אַ פּריוואַט־געלערנטער פּלעגן לייענען זייערע תּלמודישע לעקציעס פֿאַר אַן עלטערן עולם אויך אין דער סינאַגאָגע נאָכן דאַווענען. אָבער אין די גרעסערע קהילות זיינען געווען באַזונדערע לערנהייזער: אַ „חדר“ פֿאַר קינדער און אַ „ישיבה“ פֿאַר בּחורים. אין חדר פּלעגט מען לערנען די קינדער לייענען העבּרעאיש, פֿאַרטייטשן חומש (די פֿינף בּיכער פֿון דער תּורה) מיט דעם פּירוש פֿון רש״י און גמרא פֿונם תּלמוד בּבלי אויך מיט דעם זעלבּיקן פּירוש. אינגלעך עלטער פֿון דרייצען יאָר פּלעגן לערנען תּלמוד מיט אַלע „מפֿרשים“ אין דער ישיבה, דער תּלמודישער אַקאַדעמיע. אַנדערע וויסנשאַפֿטן, ווי נאַטורוויסנשאַפֿט, מאַטעמאַטיק, פֿרעמדע שפּראַכן, האָט מען אין אַזעלכע רעליגיעזע שולן זעלטן געלערנט; בּיי די אַשכּנזים זיינען די „חכמות חיצוניות“ (זייטיקע וויסנשאַפֿטן) געווען שטרענג פֿאַרבּאָטן. מיידלעך פּלעגט מען כּמעט גאָרניט לערנען אין שולן; מען האָט זיי געלערנט דאַווענען און לייענען „עבֿרי“ אין דער היים. עס זיינען אָבער געווען מיידלעך און פֿרויען, וואָס האָבּן פֿון זיך אַליין פֿיל געלערנט און האָבּן געלייענט אַלערליי ספֿרים אין העבּרעאיש אָדער אידיש.

אין הויז, אין דער פֿאַמיליע איז די פֿרוי געווען גלייכבּאַרעכטיקט מיטן מאַן. אין אייראָפּע איז די אַמאָליקע אַזיאַטישע בּיגאַמיע (אַ פֿאַמיליע פֿון אַ מאַן מיט צוויי פֿרויען) אינגאַנצן פֿאַרשוואונדן געוואָרן, באַזונדערס נאָך דעם חרם פֿון מאַינצער רבֿ רבּי גרשום (אויבּן, קאַפּ. 28). יונגעלייט פּלעגן חתונה האָבּן דורך אַ „שדכן“, אַ פֿאַרמיטלער צווישן חתן־כּלה און זייערע עלטערן; דער חתן פּלעגט זיך זעען מיט דער כּלה פֿאַר דער חתונה, אָבער וועגן ליבּע האָט מען אָפֿן ניט געטאָרט רעדן. אַזוי ווי אַמאָל, פּלעגן די עלטערן חתונה מאַכן גאָר יונגע קינדער, פֿון 15 בּיז 18 יאָר, און „האַלטן זיי אויף קעסט“ (אויף זייערע קאָסטן) עטלעכע יאָר, בּיז דאָס יונגע פּאָר־פֿאָלק האָט געקאָנט קריגן אַ זעלבּשטענדיקע פּרנסה. וועגן דעמאָלטיקע אידישע פּרנסות ווייסן מיר שוין: זעלטן גרויסהאַנדל, אָפֿטער קליינהאַנדל, האַנטווערק און קליין־קרעדיט געשעפֿט. עס זיינען נאָך געווען קהילה־פּראָפֿעסיעס: רבּנים, דיינים, מלמדים, שוחטים, חזנים, וואָס האָבּן באַקומען געהאַלט

פון די קהילות אָדער פון פריוואַטע לייט. פריער האָבן רבנים ניט באַקומען שכירות פון דער קהילה, ווייל מען האָט רבנות געהאַלטן פאַר אַן ערן־אַמט, אָבער אין די שלעכטע צייטן האָט מען געמוזט אויפהאַלטן די „כלי־קודש", וואָס האָבן קיין אַנדער פּרנסה ניט געהאַט.

די אידישע געמיינדע, די קהילה, איז געווען די שטאַרקסטע פעסטונג, וואָס האָט געשיצט די צעוואָרפענע טיילן פון פאָלק אין אַלע לענדער. דער פאַרפאָלגטער און געפּייניקטער איד, וואָס מען האָט אים אויסגעשלאָסן פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, האָט זיך אין זיין קהילה געפילט ווי אין אַן אייגענער קליינער מלוכה: דאָ איז ער געווען אַ מיטגליד פון זיין אייגענער געזעלשאַפט, געפאָלגט זיינע אייגענע געזעצן, געלעבט „אַווטאָנאָם", אייגן־געזעצלעך; ער האָט געהאַט זיין זעלבסטפאַרוואַלטונג, געוויילט זיינע פירער אין דעם קהילה־ראַט, זיינע פּרנסים, דיינים, רבנים און גבאים אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. ער האָט געוואוסט, אַז זיין קהילה איז נאָר איין רינגל אין דער קייט פון קהילות, וואָס עקזיסטירן אין אַנדערע שטעט און אַנדערע לענדער און וואָס צוזאַמען מאַכן זיי אויס דאָס אידישע פאָלק.
די קהילה האָט אויך געהאַט אַ גרויסע סאָציאַלע באַדייטונג. דער אָרימער איד האָט געוואוסט, אַז מען וועט אים ניט לאָזן פאַלן אין אַ שלעכטער צייט. יעדע קהילה האָט געהאַט אירע „גבאי־צדקה", וואָס האָבן געזאַמלט געלט פאַר ניט פאַרמעגלעכע. פאַראָרימטע בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך געשעמט נעמען צדקה־געלט, האָט מען געשטיצט שטילערהייט, ניט פאַרצייכענענדיק זייערע נעמען אין די צדקה־פּינקסים. אין די גרעסערע שטעט זיינען געווען פאַרשיידענע חברות פאַר מאַטעריעלער און גייסטיקער הילף: אַ חברה פאַר „גמילות־חסדים" אָדער אומזיסטן קרעדיט, „ביקור־חולים" — פאַר באַזאָרגן קראַנקע מיט אַ רופא און רפואות; „תלמוד־תורה" — שטיצן שולן פאַר אָרימע קינדער, און נאָך אַזוינע חברות. די אָרגאַניזאַציע פון קהילות האָט זיך באַזונדערס ברייט אַנטוויקלט אין פּוילן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער גרעסטער אידישער צענטר אין אייראָפּע ((וויטער, קאַפּ. 39).

פון די „מוסר־ספרים — ביכער פאַר מאָראַל און גוטער אויפפירונג, וואָס פשוטע לייט האָבן געלייענט אין יענער צייט, אָפט אין אַ אידישער איבערזעצונג פון העברעאישן אָריגינאַל („אורחות־צדיקים",

„סֵפֶר־חֲסִידִים קָטָן“, „מְנוֹרַת־הַמָּאוֹר“), איז צו זעען, וועלכע פאָרשטע־לונגען וועגן וועלט און מענטשן האָט די אידישע מאַסע באַקומען פון אירע פירער. ערלעכקייט און גערעכטיקייט זיינען געווען די וויכטיקסטע געבאָטן. מען האָט דערציילט אַזאַ מעשה. איינער אַ זינדיקער מענטש איז געקומען צום רָבֿ און געזאָגט: ביז היינט האָב איך גאָטס געבאָטן ניט געפאָלגט און קאָן ניט צוזאָגן, אַז איך וועל ווייטער טאָן אַלע מִצוות; גיט מיר נאָר איין מִצווה — וועל איך זי טאָן. דער רָבֿ האָט אים געענטפערט: גוט, זאָג מיר צו, אַז דו וועסט קיינמאָל קיין ליגן ניט זאָגן — מער פאָדער איך ניט פון דיר. דער מענטש האָט צוגעזאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען. אין וועג האָט ער דערזעען אַ הויז, וואו מענטשן האָבן געשיכּורט און אָפּגעטאָן מיאוסע זאַכן, און אים האָט זיך פאַרוואָלט אַהין אַריינגיין; אָבער דאָ האָט ער אַ טראַכט געטאָן: און וואָס וועט זיין, אַז מיינע פריינד וועלן מיך פרעגן, וואָס האָב איך געטאָן אין דעם פריילעכן הייזל, וועל איך זיי דאָך מוזן זאָגן אַ ליגן, און דאָס טאָר איך ניט. האָט ער גובר געווען דעם יצר־הרע און איז אַוועק ווייטער. דערנאָך איז ער אַריין אין אַ הויז, וואו ער האָט דערזעען גאָלד און טייערע צירונג, וואָס ער האָט געקאָנט צונעמען, אַז קיינער זאָל ניט זעען; אָבער דאָ האָט ער ווידער געזאָגט צו זיך אַליין: און אַז מען וועט שפּעטער ביי מיר פרעגן, וואו האָסטו דאָס אַלץ גענומען, וועסטו דאָך מוזן זאָגן אַ ליגן, — טאָרסטו דאָס ניט. אַזוי האָט דער מענטש זיך ווידער אָפּגעזאָגט פון אַן עבירה, און נאָך פיל מאָל האָט ער געמוזט אַזוי טאָן נאָר צוליב דעם, וואָס ער האָט צוגעזאָגט ניט זאָגן קיין ליגן.

אַ סך קלוגע געדאַנקען קען מען געפינען אין די מוסר־ספָרים פון יענער צייט. „דער מענטש איז קלוג כּל זמן ער זוכט וויסנשאַפט, אָבער ער ווערט אַ נאַר, ווען ער מיינט, אַז ער ווייס שוין אַלץ“. — „פאַרוואָס מוזן געלערנטע אָנקומען צו רייכע לייט און ניט פאַרקערט? ווייל גע־לערנטע פאַרשטייען דעם ווערט פון רייכקייט, אָבער די רייכע פאַר־שטייען ניט דעם ווערט פון וויסנשאַפט“. — „ביי איינעם אַ חָכם האָט מען געפרעגט: וועמען האָסטו מער ליב? האָט ער געענטפערט: יענעם, וואָס האָט מיר געטאָן אַ טובה, און נאָך מער יענעם, וועמען איך האָב געטאָן אַ טובה“.

## 37. די ספרדים אין דער טערקיי און אַנדערע לענדער

די ספרדים, די אַרויסגעטריבענע אידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע לענדער. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך באַזעצט אין דער טערקיי, אַ מוסולמענישער מלוכה, וואָס האָט זיך געגרינדעט צו יענער צייט אויפן אָרט פון דער פריער־דיקער ביזאַנטיע. אין יאָר 1453 האָבן די טערקן אָפּגענומען בײַ די ביזאַנטיער זייער הויפּטשטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל; טערקישע סולטאַנען זײַנען געוואָרן הערשער אויפן באַלקאַנישן האַלבאינזל. פון אָנהייב אָן האָבן די נײַע הערשער אַרויסגעוויזן פרײַנדשאַפט צו דער אידישער באַפעלקערונג, און די אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניע, וואָס האָבן אַזוי פיל געליטן פון דעם קריסטלעכן פאַנאַטיזם, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין טערקיי מיט דער האָפענונג, אַז מיט די מוסולמענער וועלן זיי זיך בעסער צונויפלעבן ווי מיט קריסטן. די געבילדעטע ספרדים האָבן דאָ, אין די גרויסע שטעט בײַם ים, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און סאַלאָניק, געמאַכט גרויסע געשעפטן; זיי האָבן געפירט האַנדל אויפן ים מיט פאַרשיידענע לענדער, האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנטווערק און טעכניק, באַזונדערס מיט פאַבריצירן שיספּולווער, ביקסן און האַרמאַטן פאַר דער טערקישער אַרמיי. דער סולטאַן באַיאַזעט, וואָס האָט געהייסן אַרײַנלאָזן אַלע אידישע עמיגראַנטן פון שפּאַניע, האָט אַמאָל געזאָגט: „וואָס פאַר אַ נאַר ער איז, דער שפּאַנישער קיניג פער־דינאַנד! ער האָט אַרויסטרײַבנדיק אידן אָרים געמאַכט זײַן לאַנד און רײַך געמאַכט אונזער לאַנד“.

נאָך די פּאָרטוגיזישע אידן האָבן אָנגעהויבן עמיגרירן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל אויך פיל פון די דאָרטן געבליבענע מאַראַנען, וואָס האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן פון דער שרעקלעכער אינקוויזיציע. אין דער טערקיי זײַנען די אַמאָל באַהאַלטענע אידן ווידער געוואָרן פרײַע מיטגלידער פון אידישע קהילות. די ספּרדישע קהילות אין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל, סאַלאָניק, אַדריאַנאָפּאָל און אַנדערע באַלקאַנישע שטעט זײַנען זיך ברייט צעוואַקסן אין דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָר־הונדערט. אין דער הויפּטשטאָט האָבן געלעבט אַרום דרײַסיק טויזנט אידן, וואָס האָבן געהאַט 44 סינאַגאָגעס. די ספרדים האָבן זיך געטיילט

אויף גרופּעס נאָך די ערטער פון וואַנען זיי זיינען געקומען (לאַנדס־מאַנשאַפטן): עס זיינען געווען אַ „קאַסטילישער קהל", אַן „אַראַגאָ־נישער", אַ „פּאָרטוגעזישער", אויך טאָלעדער, קאָרדאָווער, באַרסע־לאָנער לאַנדסלייט א. ד. ג. זיי אַלע האָבן גערעדט צווישן זיך שפּאַניש אָדער פּאָרטוגעזיש, ווי אין דער אַלטער היים; אָבער אין דער שפּראַך זיינען אַריין פיל העברעאישע ווערטער, און אַזוי האָט זיך שפּעטער געשאַפן די געמישטע „שפּאַניאָלישע" שפּראַך אָדער לאַדינאָ, אויף וועלכער די ספרדים אין די באַלקאַן־לענדער און אין אַזיע רעדן נאָך ביז היינטיקן טאָג. חוץ די גרויסע ספרדישע קהילות זיינען נאָך געווען אין דיזעלביקע שטעט אויך קלענערע קהילות פון אַלטגעזעסענע בי־זאַנטישע אידן („ראָמאַניאָטן") און פון דייטשע אידן אָדער „אַשכּנזים".

די ערשטע סולטאַנען פון דער מעכטיקער טערקישער מלוכה זיינען נאָך געווען ליבעראַל. זיי האָבן געהאַלטן ביים הויף אידישע אַרצטן און דיפּלאָמאַטן; איינער פון אַזעלכע דיפּלאָמאַטן איז באַזונדערס באַ־רימט געוואָרן. דאָס איז געווען יוסף נשיא, אַ רייכער מאַראַנישער באַנקיר, וואָס איז אַנטלאָפן מיט זיין מִשפּחה פון פּאָרטוגאַל און האָט געפירט גרויסע האַנדל־געשעפטן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער סולטאַן סולײמאַן האָט אים זייער געשעצט אַלס פינאַנץ־מאַן, און אַזוי האָט יוסף נשיא געקראָגן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער טערקישער רע־גירונג. עטלעכע מאָל האָט ער באַנוצט זיין איינפלוס כדי איינצושטעלן זיך פאַר זיינע פאַרפאָלגטע ברידער, די מאַראַנען, אין די קריסטלעכע לענדער. מיט יוסף נשיא איז געווען זייער באַפריינדעט סולײמאַנס זון, סעלים II, און באַלד ווי ער איז געוואָרן סולטאַן נאָך זיין פאָטערס טויט איז דער אידישער פינאַנסיסט געוואָרן זיין הויף־דיפּלאָמאַט. דער נייער סולטאַן האָט אים געשענקט דעם שיינעם אינזל נאַקסאָס אין עגייאישן ים (אַרום גריכנלאַנד) מיט דעם טיטול „הערצאָג פון נאַקסאָס". דער אידישער הערצאָג האָט געפירט צוזאַמען מיט דעם גרויס־וויזיר די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער טערקיי; צו אים האָבן געמוזט אָנקומען די באָטשאַפטער פון קריסטלעכע מלוכות אין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל, און ער האָט אָפט געהאַט די מעגלעכקייט אָנלערנען די רעגירונגען פון אידנפיינדלעכע לענדער, ווי שפּאַניע אָדער ווענעציע. דער קיניג פון פּוילן און אַנדערע הערשער האָבן אין זייערע בריוו

געהנפעט דעם אידישן דיפּלאָמאַט, כּדי ער זאָל דעם וויזיר און דעם סולטאַן צוציען אויף זייער זייט אין יענע מלחמה־יאָרן. נאָך דעם טויט פון סולטאַן סעלים האָט זיך יוסף נשיא דערווייטערט פון פּאָליטיק. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין זיין פּאַלאַץ, אין דער געזעלשאַפט פון אידישע געלערנטע, וואָס ער האָט געשטיצט מיט זיין געלט. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1579.

אין יענער צייט האָט אויפגעלעבט דער שוין לאַנג חרובער אידישער ישוב אין פּאַלעסטינע. דאָס הייליקע לאַנד, וואָס איז פריער געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון די עגיפּטישע סולטאַנען, איז געוואָרן אַ פּראָווינץ פון דער טערקישער מלוכה, וואָס האָט איינגענומען אויך עגיפּטן (1517). אַהער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די ספרדישע וואַנדערער. אין די וויסטע שטעט ירושלים, צפת, טבריה, חברון, וואו עס האָבן פריער געלעבט צווישן אַראַבער נאָר צו עטלעכע אידישע משפּחות, האָבן זיך באַוויזן גרויסע מאַסן אָנגעקומענע פון אייראָפּע און געגרינדעט קהילות, סינאַגאָגן, ישיבות מיט רבנים. פּאַלעסטינע איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ גייסטיקער צענטר, און די דאָרטיקע רבנים האָבן געטרוימט וועגן אַ נייעם סנהדרין, וואָס זיי וועלן גרינדן אין הייליקן לאַנד און וואָס וועט אַרויסגעבן געזעצן פאַר אַלע גלות־לענדער. דער גרעסטער קיבוץ פון רבנים איז געווען אין דער שטאָט צפת. דאָ האָט געלעבט דער באַרימטער מחבר פון „שולחן ערוך“, יוסף קאַרו (קאַראָ). קאַרו האָט געשריבן אַ לאַנגן פּירוש צום אַלטן געזעצבוך „טורים“ („בית יוסף“) און דערנאָך האָט ער פאַרפאַסט אַן איינענעם געזעצבוך, מיט דעם נאָמען „שולחן ערוך“ — „אַ צוגעגרייטער טיש“, ד. ה. אַ בוך, וואָס איז פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען. דאָס בוך באַשטייט פון דיזעלביקע פיר טיילן, ווי אין „טורים“: „אורח חיים“, „יורה דעה“ א. א. וו., אָבער עס איז געשריבן מער פּאָפּולער. אין אים זיינען אַריין אַלע אידישע דינים און מנהגים, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פון דער תלמודישער צייט ביז צו די לעצטע רבנים. דער „שולחן ערוך“, וואָס האָט זיך געדרוקט אין ווענעציע (1564), איז געווען אָנגענומען אין דער גאַנצער אידישער וועלט. „לעבן נאָכן שולחן ערוך“ — האָט שפּעטער געהייסן אויף יעדן טריט זיין גע־

בונדן מיט אַ דין אָדער אַ מִנהג, טאָן אַ מִצוָה אָדער אויסמיידן אַן עֲבֵירה.

די רַבָּנים פון יענער צייט האָבן זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט קַבָּלה. דער „זוהַר", וואָס איז געווען געדרוקט אין איטאַליע (1559), איז געוואָרן אַ הייליק בוך, אַ מין צווייטע מיסטישע ביבל; מען האָט צו אים געשריבן פּירושים און אויפגעדעקט געטלעכע סודות אין יעדן וואָרט. אין צפַת איז אַרויסגעטראָטן דער גרויסער מקוּבָּל יִצחָק לוּריָא, וואָס איז באַקאַנט מיט דעם געקירצטן נאָמען אַר"י (רבי יצחק אַשכּנַזי). ער האָט געלעבט ווי אַ קָדוש, פלעגט אַרומגיין מיט זיינע תּלמידים איבער די „הייליקע קבָרים" און זאָגן תּפילות, באַזונדערס אויפן קבר פון רַבי שימעון בר יוֹחָאי, דעם כלומרשטן מחבּר פון „זוהַר". אין די דאָזיקע קרייזן פלעגט מען שטענדיק טראַכטן וועגן דעם „מֶלך הַמשיח", וואָס מען דאַרף אויף אים וואַרטן פון טאָג צו טאָג. כּדי דער משיח זאָל וואָס גיכער קומען אויסלייזן דאָס פאָלק ישׂרָאל פון גָלות — אַזוי האָט געלערנט אַר"י — דאַרף מען זיין שטרענג פרום און טראַכטן וועגן יענער וועלט; מען דאַרף אָפט פאַסטן און פייניקן דעם גוף, קלאָגן אין די תּפילות אויפן חורבן בית-הַמִקדש און פאַרטיפן זיך אין „זוהַר" און אַנדערע קַבָּלה-ספרים. דער אַר"י, וואָס איז יונגערהייט געשטאָרבן (1572), האָט אויפגעשטעלט אַ גאַנצע ריי תּלמידים (חיים וויטאַל און נאָך), וואָס האָבן געשאַפן אַ סיסטעם פון „פּראַקטישער קַבָּלה"; זיי האָבן אַריינגעבראַכט מיסטישע פאָרשטעלונגען אין אידישן גלויבן און האָבן שפּעטער געבראַכט צו דער גרויסער משיחישער באַוועגונג פון שַבּתי-צבי.

אַ בענקעניש נאָך משיחן האָט זיך געטראָגן אומעטום אין דער לופט אין די צייטן נאָכן גֵירוש-ספרד. די ספַרדים, וואָס זיינען געקומען קיין איטאַליע אונטער דער פירונג פון יִצחָק אַבּרבַּנאל, האָבן זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, אַז דער „קץ", דער סוף פון גלות, איז שוין נאָענט. אַבּרבַּנאל אַליין, דער גרויסער טעאָלאָג, האָט פאַרפאַסט דריי ביכער („ישועות-משיחו" א.א.) צו באַווייזן אויפן גרונד פון „סֵפר דָניאל" און פאַרשיידענע צייטרעכענונגען, אַז די אַלטע נביאוֹת וועגן באַפרייונג פון אֱדוֹמס יאָך („אֱדוֹם" האָט געהייסן די קריסטלעכע וועלט) וועלן אינגיכן מקויים ווערן. אין יאָר 1524 האָט

זיך אין איטאַליע אָנגעהויבן אַ משיחישע באַוועגונג. איינער אַ איד פון אַזיע, ד ו י ד ר א ו ב ני, איז געקומען קיין ווענעציע און קיין רוים און האָט געפירט מיט דעם פויפּסט אונטערהאַנדלונגען וועגן באַפרייען פּאַלעסטינע פון טערקישער הערשאַפט מיט דער הילף פון אידישע סאָלדאַטן. מיט דעם ראובני האָט זיך פאַרבונדן אַ יונגער מאַראַן ש ל ו מ ה מ ו ל כ ו (מאָלכאָ), וואָס איז אַנטלאָפן פון פּאָרטוגאַל און איז, נאָך אַ פּאָר יאָר וואַנדערונגען אין דער טערקיי און פּאַלעסטינע, געקומען קיין רוים. ער האָט אויך געשמועסט מיטן פויפּסט וועגן עפּעס אַ פאַנטאַסטישן פּלאַן צו באַפרייען דאָס הייליקע לאַנד פון מו־סולמענישע הענט; ער איז אַפילו געקומען מיט אַזאַ פּלאַן צום דייטשן קייזער קאַרל V, נאָר דאָ האָט מען אים געכאַפּט און איבערגעגעבן צום געריכט פון דער אינקוויזיציע, אַלס אַן אַנטלאָפענעם מאַראַן, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קריסטנטום. מען האָט דעם יונגן טרוימער פאַרמשפט צום טויט דורך פאַרברענען אין דער איטאַליענישער שטאָט מאַנטוּאַ (1532). דויד ראובני האָט מען אַריינגעזעצט אין תפיסה אין שפּאַניע. דערמיט האָט זיך די משיחישע באַוועגונג צווישן די אי־טאַליענישע אידן געענדיקט.

נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע צייטן פאַר די אידישע קהילות אין איטאַליע. די קאַטוילישע קירך האָט דאַן געפירט אַ פאַר־צווייפלטן קריג מיט די דייטשע פּראָטעסטאַנטן, אָנהענגער פון לוטערס רעפאָרמאַציע. די „קאַטוילישע רעאַקציע“ האָט שווער געטראָפן אויך די אידישע באַפעלקערונג פון איטאַליע, וואָס האָט ביז יענער צייט געלעבט רואיקער, ווי אידן אין אַנדערע לענדער. די רוימישע פויפּסטן האָבן אָנגעהויבן דריקן די אידישע קהילות אין רוים און אַנדערע שטעט פון „קירכן־געביט“, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זייער מֶמשָלה, מען האָט אידן געצוואונגען צו וואוינען אין באַזונדערע גאַסן און טראָגן אַ שאַנד־צייכן, די „געלע לאַטע“, אויף זייערע קליידער. ווען עס זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין ווענעציע אַלע טיילן פון תלמוד (דער גאַנצער ש״ס), האָט די פויפּסטלעכע אינקוויזיציע געפונען דאָרטן עטלעכע שטעלעס קעגן קריסטנטום און האָט געהייסן פאַר־ברענען אַלע ספרים, וואָס מען וועט געפינען אין אידישע הייזער. אין רוים האָט מען אַלע ביכער פון תלמוד געבראַכט אויפן שטאָט־פּלאַץ

אוּן דאָרטן פאַרבּרענט (1553). דאָס געזעץ, אַז אידן זאָלן וואוינען אָפּגעזוּנדערט פוּן קריסטן, האָט מען שטרענג אָפּגעהיט. ניט נאָר אין דער „הייליקער שטאָט" רוים, נאָר אַפילוּ אין דער גרויסער האַנדל־שטאָט וועגעציע האָט מען פאַרשלאָסן די אידישע באַפעלקערוּנג אין אַ באַזוּנדער קוואַרטאַל, וואָס האָט געהייסן „געטאָ". יעדן שַבּת פלעגט מען צווינגען די געטאָ־לייט צוּ קוּמען אין די קאַטוילישע קלויסטערס אוּן הערן מיסיאָנערישע דרָשות פוּן גַלָחים וועגן דער נישטיקייט פוּן אידישקייט אוּן דער הייליקייט פוּן קריסטלעכן גלויבּן. אויפזעער האָבּן אַכטוּנג געגעבּן, אַז די געצוואוּנגענע צוּהערער זאָלן דערבּיי ניט שלאָפן אוּן ניט פאַרשטאָפּן די אויערן כּדי ניט צוּ הערן די דרָשה. אָפּטמאָל פלעגט מען מיט געוואַלט שלעפּן אידישע קינדער אין די „משוּמדים־הייזער" אוּן נויטן צוּם שמַד. מאַראַנען, וואָס זיינען אַנטלאָפן פוּן שפּאַניע אוּן פּאָרטוּגאַל אין די פּויפּסטלעכע שטעט, כּדי אוּמקערן זיך צוּם אידישן גלויבּן, פלעגט די אינקוויזיציע פאַר־מִשפּטן צוּם פאַרבּרענען.

אין דער ערשטער העלפט פוּן 17־טן יאָרהוּנדערט האָט זיך בּאַ־זוּנדערס פאַרשטאַרקט די מאַראַנישע עמיגראַציע פוּן פּאָרטוּגאַל. די בּאַהאַלטענע אידן האָבּן ניט געקענט פאַרטראָגן דעם שפּיאָנאַזש פוּן די אינקוויזיציע־אַגענטן. מען האָט דעם מאַראַן נאָכגעשפּירט אויף יעדן טריט. האָט זיך אַ מאַראַנישע מִשפּחה בּאַהאַלטן אין אַ קעלער כּדי אָפּצוּריכטן דעם סֵדר אין אַ פּסַח־אָוונט, פלעגן זיך אַהין אַריינרייסן שפּיאָנען אוּן שלעפּן אַלעמען, אַלט אוּן יוּנג, אין די תּפיסות פוּן דער אינק־וויזיציע, וואוּ אויף זיי האָט שוין געוואַרט דער „טויט אָן בּלוּט־פאַרגיסן" — דער האָלץ־הויפן. איז מען זיך צוּלאָפן אין אַלע עֶקן פוּן דער וועלט (זע בּילד 38).

פאַר די מאַראַנען איז די רוּאיקסטע „עיר־מִקלָט", די רעטוּנגס־שטאָט, געוואָרן אַמסטערדאַם אין האָלאַנד. האָלאַנד האָט זיך סוֹף 16־טן יאָרהוּנדערט אַליין בּאַפרייט פוּן דער שפּאַנישער הערשאַפט אוּן האָט אַריינגעלאָזט צוּ זיך די פאַרפאָלגטע מאַראַנען פוּן שפּאַניע אוּן פּאָרטוּגאַל. אין אַמסטערדאַם האָט זיך געבּילדעט אַ גרויסע אידישע קהילה מיט רַבָּנים אָדער „חֲכָמים", מיט שוּלן, אַ העבּרעאישע דרוּקעריי אוּן נאָך קוּלטוּר־אַנשטאַלטן. איינער פוּן די „חֲכָמים" אין דער קהילה

איז געווען דער באַרימטער מ נ ש ה ב ן - י ש ר א ל, וואָס האָט געשריבן ביכער וועגן רעליגיעזע און פילאָזאָפישע פראַגן אין דריי שפּראַכן: העברעאיש, שפּאַניש און לאַטייניש (באַקאַנט איז מער דאָס בוך „נישמת-חיים" — אַ געמיש פון פילאָזאָפיע און קבלה). צו יענער צייט, העלפט 17-טן יאָרהונדערט, האָבן אין אַמסטערדאַם געלעבט אויך די פרייע אידישע דענקער: א ו ר י א ל ד אַ ק אָ ס ט אַ און ב ר ו ך ש פּ י נ אָ ז אַ. דאַקאָסטאַ, אַ הויך געבילדעטער מאַראַן פון פּאָרטוגאַל, איז אַנטלאָפן קיין אַמסטערדאַם און האָט זיך דאָרטן אומגעקערט צום אידנטום, אָבער שפּעטער האָט אים אויך דער אידישער גלויבן ניט



38. דער אָנפאַל אויף מאַראַנען פסח צום סדר

באַפרידיקט: ער האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן די האַרבע רעליגיעזע דינים און צערעמאָניעס, וואָס האָבן דעם אידן געבונדן אויף יעדן טריט. ער האָט אָפּגעדרוקט אויף פּאָרטוגעזיש אַ שאַרפע קריטיק „קעגן דער טראַדיציע", וואו ער האָט געזידלט די רבנים, אַלס נאָכפאָלגער פון די אַמאָליקע פּרושים, די תלמודיסטן. דאַן האָבן די אַמסטערדאַמער רבנים אַריינגעלעגט דאַקאָסטאַן אין חרם. צוערשט האָט ער געבעטן מחילה ביי די רבנים און גענומען אויף זיך אַ שווערע שטראָף: ער איז געלעגן אויפן שוועל פון דער שול, און די פאַרזאַמלטע זיינען איבער אים אַריבערגעטראָטן; אָבער דערנאָך איז ער אַריינ-

געפאַלן אין אַ מרה שחורה און האָט זיך גענומען דאָס לעבן (1640). דער פיל באַרימטער פילאָזאָף באָרוך שפינאָזאַ (געשטאָרבן אין יאָר 1677) איז אויך געווען אויסגעשלאָסן פון דער אַמסטערדאַמער קהילה, ווייל ער האָט אויפגעהערט גיין אין שול דאַווענען און ניט געלעבט נאָכן אידישן שטייגער. ער האָט זיך פאַרטיפט אין פילאָזאָפישע פאָרשונגען


39. מנשה בן־ישׂראל


40. באָרוך שפינאָזאַ

און האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען אויף דער גאַנצער וועלט מיט זיינע צוויי ווערק: דער „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט“ און „עטיק“. פאַר זיינע פרייע געדאַנקען וועגן גאָט און וועלט („פּאַנטעאיזם“) האָבן פרומע קריסטן אויך געהאַלטן שפינאָזאַן פאַר אַ גרויסן אפיקורס.

אין האָלאַנד האָבן אידן געפירט גרויסע האַנדל־געשעפטן, באַזונדערס אין ים־האַנדל מיט אַמעריקע. דאָס האָט זיי פאַרבונדן מיט ענגלאַנד, וואָס האָט געהאַט אירע גרויסע קאָלאָניעס אין אַמעריקע. אין ענגלאַנד האָבן אידן זינט דעם אַמאָליקן גירוש ניט געטאָרט וואוינען, אָבער נאָך דער ענגלישער רעוואָלוציע (1649) האָבן די אַמסטערדאַמער ספרדים געשיקט צום מלוכה־פאַרוואַלטער קראָמוועלן זייער חכם מנשה בן־ישראל, און ער האָט אויסגעבעטן מען זאָל אידישע סוחרים לאָזן וואוינען אין ענגלאַנד. אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט האָבן זיך געשאַפן אין לאָנדאָן און אַנדערע ענגלישע שטעט אידישע קהילות, וואָס זיינען באַשטאַנען מייסטנס פון ספרדים; צו זיי זיינען שפעטער צוגעקומען אויך אַשכנזים פון דייטשלאַנד און פוילן.

נאָך פריער האָט זיך געבילדעט אַ ספּרדישער ישוב אין פ ר אַ נ ק־ ר יי ך, וואו אידן האָבן ניט געטאָרט וואוינען זינט דעם מיטלאַלטערלעכן גירוש. אין 16־טן יאָרהונדערט האָבן זיך מאַראַנען פון פּאָרטוגאַל באַזעצט אין דרום־פראַנקרייך, אין דער שטאָט באָרדאָ, מיט דער ער־ לויבעניש פון פראַנצויזישן קיניג. זיי האָבן ניט אויסגעזאָגט, אַז זיי ווילן ווידער ווערן אידן, נאָר האָבן זיך גערופן „ניי־קריסטן" אָדער „פּאָר־ טוגעזן". מען האָט זיי געהאַלטן פאַר גוטע קאַטאָליקן און מען האָט ניט באַמערקט, אַז שטילערהייט לעבן זיי נאָך דעם אידישן שטייגער. פיל שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען באַהאַלטענע אידן, נאָר די פראַנצויזישע רעגירונג האָט שוין ניט געקענט פּטור ווערן פון זיי: די „פּאָרטוגעזן" זיינען כמעט אַלע געווען גרויסע סוחרים, וואָס האָבן מיט זייערע געשעפטן באַלעבט דעם האַנדל אין באָרדאָ, מאַרסעל און אַנדערע פראַנצויזישע שטעט און פאַרבונדן זיי מיט ווייטע מדינות; וואָלט מען זיי אַרויסגעטריבן, וואָלט זיך דער גאַנצער האַנדל אין דרום־ פראַנקרייך אָפּגעשטעלט. האָט מען זיי געמוזט לאָזן אין די שטעט און שפּעטער ערלויבן צו שאַפן אָפענע אידישע קהילות. — צום סוף 17־טן יאָרהונדערט האָט פראַנקרייך אָפּגענומען ביי די דייטשן די פּראָ־ ווינץ ע ל ז אַ ס, וואָס איז געווען פול מיט אידן. אַזוי האָט דאָס קאַטוי־ לישע לאַנד, וואָס האָט זיך אַמאָל געוואָלט אָפּרייניקן פון דער אידישער „טומאה", ווידער געקראָגן אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג. עס איז אויפגעקומען אַ נייע „אידן־פראַגע", וואָס פראַנקרייך האָט זי געלייזט ערשט נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָר 1789.

---

## 38. שבתי־צבי און די משיחישע באַוועגונג

די צרות, וואָס דאָס פאָלק האָט אַריבערגעטראָגן אין משך פון יאָרהונדערטן, און די שטענדיקע דערוואַרטונג פון דעם אויסלייזער, משיחן, האָבן געבראַכט דערצו, אַז אין דער טערקיי האָט זיך באַוויזן אַ מענטש, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ משיח, און אַ גרויסער טייל פון פאָלק אין פאַרשיידענע לענדער האָבן געגלויבט, אַז די גאולה קומט שוין.

אין מיטן פון 17־טן יאָרהונדערט האָט מען אין דער טערקישער שטאָט ס מ י ר נ אַ (איזמיר) פיל גערעדט וועגן אַ יונגן מאַן שׂ ב ת י־

צבי, וואָס האָט זיך פאַרטיפט אין דער קַבָּלה פון אר"י און האָט זיך איינגערעדט, אַז אים איז באַשערט עפּעס אויפצוטאָן פאַר דער אויס־לייזונג פון אידישן פאָלק. אַרום אים האָט זיך געבילדעט אַ קרייז פון יונגעלייט, וואָס האָבן ביי אים געלערנט קַבָּלָה, געפאַסט תַּעניתים, זיך טוֹבֵל געווען אין יַם און געזונגען מיסטישע תפילות, כדי אַראָפּ־צוברענגען דעם מֶלֶך הַמשיח. די רַבָּנים פון סמירנאַ זיינען געוואָרן אומרואיק און האָבן אויסגערופן אַ חֵרם אויף שַבּתי־צבי. דאַן איז ער אַוועקגעפאָרן פון דער היים און האָט פיל יאָרן נאָכאַנאַנד געוואַנדערט אין ווייטע לענדער, געווען אין ארץ־ישראל און מִצרַיִם, און האָט אומעטום גערעדט וועגן זיין געטלעכער שליחות. דאָ האָט ער חַתוּנה געהאַט מיט אַ מיידל שָׂרָה, וואָס איז אַנטלאָפן פון פוילן בשעת די קאָזאַקן האָבן דאָרטן אויסגעקוילעט טויזנטער אידן. אין ארץ־ישראל איז צו שַבּתי־צבי צוגעשטאַנען אַ פייערדיקער מקובל, נָתָן פון עַזה, און אָנגעהויבן זאָגן „נביאות", אַז שַבּתי־צבי איז דער באַ־שערטער משיח. נתן האָט פונאַנדערגעשיקט צו אידישע קהילות אין פאַרשיידענע לענדער באַגייסטערטע בריוו, אָנזאָגנדיק, אַז מען זאָל זיך גרייטן צו דער גאולה. דער עוֹלם האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן צו גרייטן. ווען שַבּתי־צבי האָט זיך אומגעקערט נאָך זיבעצן יאָר וואַנדערן קיין סמירנאַ (1665), האָט אים אַ גרויסער המון באַגעגנט מיט אויסרופן: „זאָל לעבן דער מֶלֶך הַמשיח!" אין די גאַסן פלעגן אומלויפן צעטומלטע מענטשן און צוהערן זיך צו די רייד פון באַגייסטערטע „נביאים", אַז אינגיכן וועט שַבּתי־צבי קומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וועט אַראָפּ־רייסן די קרוין ביים טערקישן סולטאַן און באַפרייען ארץ־ישראל. אין אָנהויב יאָר 1666 איז טאַקע שַבּתי־צבי אָנגעקומען מיט עטלעכע פון זיין חֶברה אין דער טערקישער הויפּטשטאָט, נאָר דאָ האָט זיי די פּאָליציי אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אין דער פעסטונג פון דער פאַר־שטאָט גאַליפּאָלי.

די ידיעה וועגן דעם געפאַנגענעם משיח האָט זיך פאַרשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט. אין די אידישע קהילות פון האָלאַנד, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, איטאַליע און פוילן האָט אַ גרויסער טייל געגלויבט אין דער משיחוּת פון שַבּתי־צבי און אַ טייל האָט געצווייפלט; אי די גלויבער, אי די צווייפלער האָבן געשיקט דעפּוטאַציעס קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל,

איינע צו באַגריסן דעם משיחן, אַנדערע צוקוקן זיך צו אים, צי ער איז טאַקע דער אֶמתער באַשערטער גואֵל. עס איז געקומען אויך אַ דע־פּוטאַציע פון פּוילן, וואו ערשט ניט לאַנג האָבן די אוקראַינער אוים־געהרגעט אידן אין הונדערטער שטעט. שבתי־צבי האָט אַלעמען געטרייסט און צוגעזאָגט, אַז ער וועט אינגיכן אויסלייזן אידן פון גָלות און נקָמה נעמען פון זייערע פיינד. ער האָט געהייסן ניט פאַסטן און ניט קלאָגן אין טאָג פון תשעה־באָב, ווייל משיח איז דאָך שוין געקומען און וועט ווידער אויפבויען דעם בית־המִקדש. אָבער איינמאָל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ געפערלעכן באַזוכער. צו אים איז געקומען דער מקובָל פון פּוילן נחֶמיָה כּוהן און האָט איינגעזעען, אַז שַבתי־צבי איז אַ פאַל־שער משיח און מען טאָר אים ניט גלויבן. נחֶמיָה האָט איבערגעגעבן דער טערקישער רעגירונג וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער פעסטונג גאַליפּאָלי. מען האָט גע־בראַכט שַבתי־צבי צום סולטאַן. די דינער פון סולטאַן האָבן אָנגע־שראָקן שַבתין, אַז מען וועט אים אַראָפּנעמען דעם קאָפּ פאַר זיינע רייד קעגן דעם סולטאַן און אַנדערע הערשער. שַבתי־צבי האָט מיטאַמאָל פאַרלאָרן דעם מוט;



41. שַבתי־צבי

דערזעענדיק דעם סולטאַן, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן זיין הוט און אָנ־געטאָן אַ טערקישן טורבאַן צום צייכן, אַז ער ווערט אַ מוסולמענער. דאָס האָט אים געראַטעוועט פון טויט. מען האָט אים געגעבן אַ טער־

קישן נאָמען און געהאַלטן אַלס וועכטער אין סולטאַנישן הויף אין אַדריאַנאָפּאָל (אַווגוסט 1666).

אָבער אַפילו נאָכן שמד פון דעם משיח האָבן פיל פון זיינע אָנ־הענגער ניט אויפגעהערט גלויבן אין אים. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך נאָר אויף אַ צייט געמאַכט פאַר אַ מוסולמענער, כדי אויס־צולייזן אויך די פרעמדע פעלקער; זיין נביא נתן פון עזה איז אַרומ־געפאָרן אין די שטעט פון טערקיי און איטאַליע און געהאַלטן דרשות אין גייסט פון דער קבלה צו באַווייזן, אַז שבתי־צבי איז דער אמתער משיח. די טערקישע רעגירונג האָט באַמערקט, אַז אַרום שבתי־צבי אין אַדריאַנאָפּאָל שאַרן זיך ווידער אידן, וואָס קוקן אויף אים ווי אויף אַ הייליקן; האָט זי אים פאַרשיקט אין אַ קליין אַלבאַניש שטעטל, וווּ ער האָט געלעבט איינזאַם און איז געשטאָרבן אין עלטער פון פופציק יאָר (1675).

איצט האָט די משיחישע באַוועגונג אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם: פון אַ פּאָליטישער איז זי געוואָרן אַ רעליגיעזע. עס האָט זיך געבילדעט אין דער טערקיי אַ סעקטע שבתי־צביניקעס, וואָס האָבן גע־גלויבט, אַז שבתי־צבי איז אַרויף אויפן הימל און וועט ווידער קומען אויף דער ערד צו באַפרייען דאָס אידישע פאָלק; ער איז ניט נאָר אַ משיח, נאָר אויך אַ האַלבער גאָט. דער צענטער פון דער סעקטע האָט זיך געפונען אין דער שטאָט סאַלאָניק, וווּ עס האָבן געלעבט שבתי־צבים קרובים. ווען די טערקישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן צו פאַר־פאָלגן די סעקטאַנטן, האָבן זיי זיך אַלע געמאַכט פאַר מוסולמענער, נאָך דעם מוסטער פון זייער משיח. ביז צו היינטיקן טאָג זיינען נאָך געבליבן אין סאַלאָניק רעשטן פון דער דאָזיקער האַלב־אידישער, האַלב־טערקישער סעקטע, וואָס האָט געהייסן „דאָנמע“.

אַזוי האָט אויף אַ קורצער צייט די משיחישע באַוועגונג אויפגע־רודערט די אידישע וועלט און געוועקט האָפענונגען אויף אויסלייזונג פון אַלע צרות. ווען שבתי־צבי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פאַלשן משיח, איז די פאַרצווייפלונג פון די מאַסן אין אַלע לענדער געווען זייער שטאַרק. אי ביי די ספרדים אי ביי די אשכנזים האָט זיך אָנ־געהויבן אַ ירידה פון דער אַלטער אָרדענונג, וואָס האָט געדויערט ביז דער נייסטער רעוואָלוציע אין דער אידישער קולטור.

## 39. דער גרויסער צענטער אין פּוילן אין די גוטע צייטן
### (ביז העלפט 17־טן יאָרהונדערט)

פון די מיטלאַלטערלעכע אידישע ישובים אין פּוילן האָט זיך אין 16־טן יאָרהונדערט געשאַפן דער גרעסטער אַשכּנזישער צענטער אין מזרח־אייראָפּע, וואָס האָט פאַרביטן דעם חרובן ספרדישן צענטער אין מערב־אייראָפּע. די שטעט פון פּוילן און ליטע זיינען געווען פול מיט אידן, וואָס זיינען אַהער נאָך אַלץ געגאַנגען פון דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער. די פּוילישע מלכים האָבן זיך אין יענער צייט באַצויגן גוט צו אידן. סיגיזמונד דער ערשטער (1506—1548) האָט זיי געגעבן דאָס רעכט פאַרנעמען זיך ניט נאָר מיט האַנדל און מלאכה, נאָר אויך מיט לאַנדווירטשאַפט. זיי פלעגן נעמען אין אַרענדע (פּאַכט) ערד און גאַנצע מאַיאָנטקעס ביי דער רעגירונג אָדער ביי פּוילישע פּריצים. די רייכערע פלעגן נעמען אין אַרענדע גרעניץ־צאָלן און שטייער־זאַמלונג פאַר דער מלוכה, פלעגן געבן קרעדיט דעם קיניג אָדער די שׂרות. אַזוי ווי אַמאָל אין שפּאַניע, זיינען אידישע פינאַנסיסטן געווען נאָענט צום קיניגלעכן הויף און האָבן דאָרטן געקענט שיצן די רעכט פון דער אידישער באַפעלקערונג. אַ רייכער בריסקער איד מיכל יעזאָפאָוויטש, וואָס איז געווען דער הויפּט־אַרענדאַר ביי סיגיזמונדן, האָט באַקומען פון אים דעם טיטל פון אַן „עלטסטן“ איבער אַלע ליטווישע אידן. אַזוינע „עלטסטע“ זיינען אויך געווען אין קליין־פּוילן (קראָקע). ווען די קריסטלעכע בירגער אין די גרויסע שטעט האָבן געדריקט דורך זייערע מאַגיסטראַטן די אידישע איינוואוינער, האָט דער קיניג גע־שיצט די געדריקטע. פאַר אַן אָנפאַל אויף אידן אין קראָקע האָט סיגיזמונד איינמאָל באַשטראָפט דעם מאַגיסטראַט און גענומען ביי אים אַ גרויסע סומע געלט אַלס משכּון, אַז מען וועט ניט צולאָזן צו פּאָ־גראָמען. דער קיניג האָט אויך געשעצט די ווירטשאַפטלעכע ראָלע פון אידן; ווען ער האָט אַיינמאָל געהערט, אַז ליטווישע אידן קלייבן זיך אַוועקפאָרן קיין אֶרץ־ישׂראל, איז ער געוואָרן זייער אומרואיק, ביז וואַנען די פאָרשטייער פון די קהילות האָבן אים פאַרזיכערט, אַז זיי ווילן גאָרניט פאַרלאָזן פּוילן (1540).

אויך זיין נאָכפאָלגער, סיגיזמונד II אַווגוסט, האָט זיך גוט באַ־

צוינגן צו אידן. אָבער אין זיין צייט האָט זיך אין פּוילן זייער פאַר־שטאַרקט די „קאַטוילישע רעאַקציע“. עס האָט זיך דאָרטן געבילדעט אַן אָפּטיילונג פון דעם פאַנאַטישן אָרדען „יעזואיטן“, וואָס פלעגט נאָר זוכן בילבולים אויף אידן: אַז זיי קוילענען קריסטלעכע קינדער צו פּסח, גנבענען פון די קירכן דעם „הייליקן ברויט“ און שטעכן אים מיט מעסערס ביז וואַנען פון אים טריפט בלוט. איינמאָל האָט מען פאַר אַזאַ נאַרישן בילבול פאַרברענט דריי אידן. דער קיניג איז געווען אויפ־געבראַכט און האָט געזאָגט: „איך בין ניט אויף אַזויפיל משוגע צו גלויבן, אַז אין אַ שטיקל ברויט געפינט זיך בלוט פון קריסטוסן“. ער האָט פאַרבאָטן מאַכן אַזעלכע פאַלשע בילבולים. זיין נאָכפאָלגער סטעפאַן באַטאָרי האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז דער קריסט, וואָס האָט פאַלש באַשולדיקט אַ אידן אין אַזאַ פאַרברעכן, זאָל באַשטראָפט ווערן מיט דערזעלביקער שטראָף, צו וועלכער דאָס געריכט וואָלט צוגעמשפּט דעם אידן, אויב ער וואָלט טאַקע געווען שולדיק (1576). שפּעטער האָבן די גלחים און די יעזואיטן אַלץ מער פאַרשטאַרקט זייער השפּעה אויף דער אויבערשטער מאַכט און אויף דער גאַנצער פּוילישער געזעלשאַפט. אין די יעזואיטישע שולן פלעגן די מאָנאַכן לערנען די קינדער, אַז עס איז אַ מצווה פיינט צו האָבן אידן און זייער אמונה. אין די גרעסטע שטעט קראָקע, לעמבערג, פּויזן, ווילנע פלעגן די קאַטוילישע שילער אָפט אָנפאַלן אויף אידן אין די גאַסן און שלאָגן זיי; די אידישע קהילות האָבן געמוזט אויסקויפן זיך פאַר געלט פון אַזעלכע קליינע פּאָגראָמען: זיי פלעגן געבן מתנות אָדער צאָלן אַ באַזונדער שטייער די שול־רעקטאָרן, כדי פּטור צו ווערן פון דעם „שילער־געלויף“.

און דאָך, צווישן מחנות פון שונאים, זיינען די אידישע קהילות אין פּוילן און ליטע צו יענער צייט געווען גענוג שטאַרק, ווייל זיי זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט און האָבן געהאַט פולע פרייהייט אין זייער אינערלעכן לעבן. יעדע קהילה האָט געהאַט איר ראַט אָדער פאָרשטאַנד, וואָס האָט געהייסן „קהל“ (קאַהאַל) און האָט אָנגעפירט מיט אַלע געשעפטן פון דער „אידישער שטאָט“, אַזוי ווי דער מאַ־גיסטראַט אין דער קריסטלעכער שטאָט. קהלס האָבן זיך געפונען אין אַלע גרעסערע שטעט; אין די קליינע שטעטלעך און דערפער („ישובים“) האָבן די אידן געהערט צו דער נאָענטסטער קהילה. די

מיטגלידער פון קָהָל פלעגט מען אויסקלייבן איינמאָל אין יאָר, אין די טעג פון חול המועֵד פסח. דער קָהָל איז באַשטאַנען פון עטלעכע „ראָשים" (עלטסטע), „טובים" (חשובע לייט), גַבָּאים און דַיָינים, וואָס האָבן געטיילט צווישן זיך די אַרבעט: אויפמאָנען שטייערן פאַר דער רעגירונג און פאַר דער קהילה, פאַרוואַלטן מיט די שולן, חֲדָרים און ישיבות, אויסהאַלטן בָּתי-מִדרָשים און צדָקה-אַנשטאַלטן, אַכטונג געבן אויף יעדערן אין דער קהילה, אַז ער זאָל ניט עוֹבֵר זיין אויף די געזעצן פון דער מלוכה און אידישקייט. די רַבָּנים האָבן געפַּסקנט שַאלות אין




42. אַלט־לובלין

רעליגיעזע ענינים און אויך געפירט די געריכט-פאַרהאַנדלונגען צוזאַמען מיט די דַיָינים אין געשעפטלעכע סיכסוכים, אַלץ אויפן גרונד פון דעם אידישן געזעץ, ווי ער איז אויסגעלייגט אין „טורים" און „שולחָן ערוך". אין וויכטיקע פּראָצעסן, ווען די צדָדים זיינען ניט געווען צופרידן מיט דעם פּסַק, פלעגן זיי זיך ווענדן צו אַ העכערן געריכט; צו אַזאַ „בית-דין גָדול" האָבן זיך געמוזט ווענדן אויך יחידים, וואָס האָבן געהאַט סיכסוכים מיטן קָהָל, אָדער צוויי קהילות איינע מיט דער אַנדערער. פאַר אַזעלכע פאַלן פלעגן זיך פאַרזאַמלען רַבָּנים און רָאשי-

קָהל פון גרעסערע שטעט און שאַפן אַ העכערן בית־דין. אַזעלכע פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען בעת די גרויסע יאַרידן, יאָר־מערק, אין געוויסע שטעט. דער ערשטער זאַמלפּונקט איז געווען דער „לובלינער יאַריד", צו וועלכן עס פלעגן קומען רַבָּנים און קָהלס־לייט פון גאַנץ פּוילן און ליטע.

מיט דער צייט האָבן זיך אַזעלכע יאַרידן־אסיפות פאַרוואַנדלט אין רעגלמעסיקע, יערלעכע צוזאַמענפאָרן אָדער „וַעדים", וואו פאָר־שטייער פון די קהילות פלעגן באַטראַכטן אַלע פראַגן פון אידישן לעבן און אָנגעמען „תַּקָּנות", פאָרשריפטן פאַר אַלע קהילות. עס האָבן זיך געבילדעט צוויי אַזעלכע וַעדים, איינער פאַר פּוילן, דער אַנדערער פאַר ליטע. דער פּוילישער האָט געהייסן „וַעד אַרבע אַרָצות" — דער וַעד פון פיר לענדער: גרויספּוילן (די הויפּט־קהילה — פּויזן), קליינפּוילן (קראָקע), פּאָדאָליע־גאַליציע (לעמבערג) און וואָלין (אָסטראָה אָדער לודמיר). דער ליטווישער וַעד האָט געהייסן „וַעד פון די גרעסטע קהילות" (וַעד קהילות הָראשיות), ווייל אין אים האָבן זיך פאַראייניקט פאָרשטייער פון פינף גרויסע אידישע קהילות: בריסק, גראָדנע, פּינסק, ווילנע, סלוצק. דאָס זיינען געווען עכט־אידישע „סיימען" אָדער פאַר־לאַמענטן, וואָס פלעגן אַרויסגעבן געזעצן פאַר אַלע קהילות און זייערע אַנשטאַלטן. די פּוילישע רעגירונג איז געווען פאַראינטערעסירט אין אַזעלכע „אידישע קאָנגרעסן", ווייל דאָרטן האָבן די קהילות פאַרטיילט צווישן זיך די אַרבעט אויף אויפצומאָנען די מלוכה־שטייערן. די וַעדים האָבן זיך געהאַלטן אין פּוילן און ליטע צוויי הונדערט יאָר, ביז העלפט 18־טן יאָרהונדערט.

די וַעדים און די קָהלס האָבן באַזונדערס געזאָרגט וועגן דער ער־ציאונג פון אידישע קינדער אין חדָרים און ישיבות, וואו מען האָט געלערנט תורה און תלמוד. אַ אידישער געשיכטע־שרייבער פון 17־טן יאָרהונדער (נתן האַנאָווער) גיט אַזאַ בילד פון די אידישע שולן אין פּוילן אין די גוטע צייטן: „נאָך ניט געווען אַזאַ לאַנד, וואו מען האָט אַזוי פיל געלערנט תורה, ווי אין פּוילן. אין יעדער קהילה איז געווען אַ ישיבה, און מען פלעגט דעם פירער, דעם ראָש־ישיבה, צאָלן אַ רייכן געהאַלט, כדי ער זאָל קענען איננאַנצן אָפּגעבן זיך דעם תורה־לערנען. אין יעדער קהילה האָט מען אויסגעהאַלטן בָּחורים, וועמען מען האָט גע־

צאָלט וואָכן־געלט, כּדי זיי זאָלן לערנען בײַם ראָש־ישיבה. יעדן בָּחור האָט מען צוגעגעבן צוויי אינגלעך („נערים“), וואָס האָבן געדאַרפט לערנען בײַ אים גמרא מיט רַש"י און תּוספות און געוואוינען זיך צו פּילפּול (שאַרפע דיס־קוסיעס אין תַּלמוד). דער בָּחור מיט זײַנע צוויי אינגלעך פלעגן עסן קעסט בײַ איינעם פון די פאַרמעגלעכע בַּעלי־בָּתּים... עס איז כּמעט ניט געווען קיין איינציק אידיש הויז, וואו מען האָט ניט געלערנט תּורה. גע־ווען איז אַ לַמדן אָדער דער בַּעל־הַבּית אַליין, אָדער זײַן זון, אָדער דער איידים, אָדער אַ ישיבה־בחור אויף קעסט, און אָפט פלעגן זיך אַלע טרעפן אין איין הויז... בײַם ראָש־ישיבה איז געווען אַ שַמָש, וואָס פלעגט אַרומגיין אַלע טאָג איבער די חבֵרים און אַכטונג געבן, אַז די קינדער זאָלן לערנען און ניט אַרומלויפן אין גאַס. איינמאָל אין וואָך, דאָנערשטאָג, האָבן אַלע חֶדר־אינגלעך געמוזט גיין צוזאַמען צום גַבַּאי, וואָס האָט מַשגיח געווען אויף די שולן, און דער גַבַּאי פלעגט זיי פרעגן, וואָס האָבן זיי געלערנט אין דער וואָך. אויב אַ אינגל האָט ניט געענטפערט ריכטיק, פלעגט דער גַבַּאי הייסן דעם שמש שמײַסן אים מיט ריטער און אָנטאָן אים בּיזיונות, כּדי ער זאָל אין דער קו־מענדיקער וואָך לערנען בעסער. יעדן פרײַטאָג פלעגט פאַרהערן די אינגלעך דער ראָש־ישיבה אַליין. דערפאַר האָבן קינדער מורא געהאַט און געלערנט מיט גרויס הַתמדה... אַזוי איז דאָס גאַנצע לאַנד געווען פול מיט תּורה“.

43. אויפרוף פונם „וַעַד אַרבַּע אַרָצוֹת“ אין יידיש און העברעאיש

אין יענער צייט האָבן די גרעסטע רבנים געלעבט אין פּוילן: דער רשַ״ל (רבי שלומה לוריא) אין לובלין האָט געמאַכט אַ נייעם פּירוש צום תּלמוד; דער רמ״אָ (רבי מושה איסרלים) אין קראָקע האָט צו־געגעבן נייע דינים צום „שולחן ערוך״; דער מהר״ם, מהרש״אָ און נאָך אַ סך שאַרפע קעפּ האָבן געדרוקט פּירושים צום תלמוד און פּוסקים און געשריבן „תשובות״ אויף שאלות, וואָס מען האָט זיי



44. דער מהרש״אָ

צוגעשיקט פון דער גאַנצער וועלט. אָבער חוץ דער רבנישער ליטעראַטור האָט מען זיך אין פּוילן מיט גאָרניט אינטערעסירט. פילאָזאָפיע, וויסנשאַפטן האָט מען געהאַלטן פאַר אפּיקורסות. אַז מען האָט געדאַרפט אָנשרייבן אַ בוך קעגן די טענות פון די קריסטלעכע

געלערנטע קעגן אידישקייט, האָט דאָס געמאַכט אַ קאַראַים י צ ח ק פון ט ר אָ ק. אין זיין בוך „חיזוק אֱמונה“ האָט ער שאַרף קריטיקירט די קריסטלעכע תּורה, דעם „נייעם טעסטאַמענט“.

## 40. די שלעכטע צייטן אין פּוילן
### (ביזן סוף 18-טן יאָרהונדערט)

אָבער די גוטע צייטן, ווען אידן אין פּוילן האָבן געהאַט גרויסע פּרנסות און געקענט פריי לעבן אין זייערע קהילות, זיינען אַוועק. אין מיטן 17-טן יאָרהונדערט האָט דאָ די אידן געטראָפן אַ גרויסער אומגליק. אין א ו ק ר א י נ ע, וואָס האָט געהערט צו פּוילן, האָבן זיך צעבונטעוועט די רוסישע קאָזאַקן און פּויערים, אונטער דער פירונג פון באָגדאַן כמעלניצקי, און געלאָזן זיך אויף די שטעט און דערפער אומקוילענען פּוילישע פּריצים און אידן (1648). באַזונדערס האָבן די פּויערים אויסגעלאָזן זייער כּעס צו אידן, וואָס זיינען געווען אַרענדאַרעם ביי די פּריצים און האָבן דורך דעם געהאַט אַ געוויסע מאַכט איבער די פאַרשקלאַפטע פּויערים. אידן זיינען זיך צעלאָפן פון די דערפער אין די באַפעסטיקטע שטעט, אָבער די קאָזאַקישע באַנדעס האָבן איינגענומען איין שטאָט נאָך דער אַנדערער און אָן רחמנות אויסגעהרגעט דאָרטן אַלע אידן. אין דער פאָדאָליער שטאָט נ ע מ י ר אָ וו זיינען געפאַלן עטלעכע טויזנט אידן מי ט דעם רב, יחיאל מיכל; דער רב האָט זיך באַהאַלטן מיט זיין מוטער אויפן בית-עולם, האָט זיי אָנגעיאָגט אַ שוסטער, פון די קאָזאַקן, מיט אַ האַק; די אַלטע מוטער האָט זיך געבעטן: „טויט מיך און לאָז לעבן מיין זון“ —, אָבער דער מערדער האָטביידן דערהרגעט. קאָזאַקן פלעגן אָפט לאָזן לעבן שיינע אידישע מיידלעך,



45. באָגדאַן כמעלניצקי

שמדן זיי מיט געוואַלט און נעמען פאַר ווייבער. איין מיידל, וועלנדיק פּטור ווערן פון שמד, האָט געזאָגט צום קאָזאַק, וואָס האָט זי געפאַנגען: „ווייסטו, איך קאָן פאַררעדן אַ קויל פון ביקס, זי זאָל מיך ניט טרעפן, אַט פרוב!" דער נאַרישער קאָזאַק האָט אויסגעשאָסן — און דאָס מיידל איז געפאַלן טויט, אָבער מיט אַ ריינער נשמה. אַן אַנדער מיידל, וואָס דער קאָזאַק האָט זי שוין געפירט צו דער חופּה אין קלויסטער, האָט זיך אויפן וועג אַראָפּגעוואָרפן פון אַ בריק אין וואַסער און איז דער־טרונקען געוואָרן.

אַ בלוטיקע דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער פּאָדאָליער שטאָט טולטשין. דאָרטן האָבן זיך אין דער פעסטונג פאַרשפּאַרט עטלעכע הונדערט פּאָליאַקן און אַ פּאָר טויזנט אידן; אַלע האָבן גע־שוואָרן ניט אַריינלאָזן די קאָזאַקן און פאַרטיידיקן די שטאָט ביזן לעצטן אָטעם. די קאָזאַקן האָבן אַ לאַנגע צייט באַלאַגערט די פעסטונג און ניט געקענט זי איינגעמען, ווייל אידן האָבן זיי באַשאָסן פון אויבן מיט קוילן. דאָ האָבן די קאָזאַקן געשיקט זאָגן צו די פּאָליאַקן: לאָזט אונז אַריין אין שטאָט, וועלן מיר באַשטראָפן די אידן און אייך קיין בייז ניט טאָן. די פּוילישע פּריצים האָבן פאַרגעסן זייער שבועה און באַ־שלאָסן ראַטעווען זייער לעבן, אַרויסגעבנדיק די אידן. זיי האָבן אַריינ־געלאָזט דעם שונא אין שטאָט. די קאָזאַקן האָבן צוערשט אויסגעהרגעט די אידן און דערנאָך די פּריצים.

אַזוי האָבן די קאָזאַקן מיט די פּויערים געווילדעוועט אויך אין וואָלין און אין קיעווער געגנט. אין משך פון אַ האַלב יאָר (יוני ביז נאָוועמבער 1648) האָבן די מערדער חרוב געמאַכט הונדערטער אידישע קהילות און אויסגעהרגעט אַ סך טויזנטער מענטשן. גרויסע מאַסן זיינען זיך צעלאָפן אין אַנדערע לענדער אָדער זיינען געפאַנגען געוואָרן דורך די טאָטערן פון קרים, וואָס האָבן געהאָלפן די קאָזאַקן.

אָבער דערמיט האָבן נאָך די צרות פון „כמעלניטשינע" (גזירת ת"ח ות"ט — פון יאָר 1648—1649) קיין סוף ניט גענומען. אין דער פּוילישער מהומה האָבן זיך אַריינגעמישט די אַרומיקע לענדער — רוסלאַנד און שוועדן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן בלוטיקע מלחמות צווישן די פּאָליאַקן, קאָזאַקן, רוסן און שוועדן, וואָס האָבן זיך געצויגן ביזן יאָר 1657. דאָס מאָל זיינען חרוב געוואָרן הונדערטער אידישע קהילות

אין גאַנץ פּוילן, ניט אין דער אוקראַינע אַליין. די רוסן האָבן אָפּגענומען בײַ פּוילן די מִזרח-העלפט פון אוקראַינע; דאָרטן האָבן אידן שוין מער ניט געטאָרט וואוינען. דער אַנדערער טייל אוקראַינע, ד. ה. וואָלין און פּאָדאָליע, איז געבליבן בײַ פּוילן, אָבער די אידישע באַפעלקערונג האָט נאָך דעם קאָזאַקישן פּאָגראָם געלעבט אין חרובע שטעט. גאַנץ פּוילן איז נאָך די שרעקלעכע מִלחָמות פאַראָרימט געוואָרן. די רעגירונג פלעגט רייסן בײַ אידישע קהילות גרויסע שטייערן, און די וַעדים אין פּוילן און ליטע האָבן געהאַט גענוג זאָרגן ווי אויפצומאָנען דאָס געלט בײַ די אָרימע קהילות. אַ קורצע צייט האָבן זיך די פאַרגליווערטע הערצער דערוואָרעמט בײַ דעם פייער פון דער משיחישער האָפענונג: מען האָט געוואַרט פון טאָג צו טאָג, אַז שַבּתי-צבי וועט אַראָפּוואַרפן דעם טערקישן סולטאַן, אָפּנעמען בײַ אים ארץ-ישראל און פירן אַהין די באַפרייטע אידן; אָבער אַז דער פייערל איז פאַרלאָשן געוואָרן, איז מען אין פּוילן אַרײַנגעפאַלן אין אַ טיפן יאוש, אין אַ פאַרצווייפלונג, אַזוי ווי אומעטום. קרייזלעך פון שַבּתי-צביניקעס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אין פּאָדאָליע און גאַליציע, אָבער די רַבָּנים האָבן קעגן זיי געקעמפט. אין יאָר 1722 האָט אַן אַסיפה פון רַבָּנים אין לעמבערג אַרויסגעלעגט אַ „חֵרם" אויף אַלע באַהאַלטענע שַבּתי-צביניקעס.

אַ רעשט פון דער סעקטע האָט שפּעטער אויפגעלעבט אין דער באַוועגונג פון די פראַנקיסטן. אַ פּאָדאָליער איד יעקב פראַנק, וואָס האָט אין דער יוגנט פאַרבראַכט אַ צייט בײַ די סעקטאַנטן פון סאַלאָניק, האָט געגרינדעט אַ סעקטע, וואָס האָט געגלויבט, אַז פראַנק איז דער „הייליקער האַר", דער נאָכפאָלגער פונם משיח שַבּתי-צבי. די פראַנקיסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון עטלעכע אידישע מִנהָגים און דערפאַר האָט מען זיי שטאַרק געראָדפט אין די קהילות. דאַן האָבן זייערע פירער זיך פאַרבונדן מיט די קאַטוילישע בישאָפן און האָבן פאַרמַסֶרט די אידן, אַז זייער תלמוד און די רַבָּנישע ספרים זיינען פיינדלעך צו דער קריסטלעכער אֶמונה און צו אַלע קריסטלעכער פעלקער. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער פּאָדאָליער בישאָף דעמבאָווסקי האָט איינגעאָרדנט אַ דיספּוט צווישן די סעקטאַנטן און די רבנים אין דער שטאָט קאַמענעץ און דערנאָך געהייסן פאַרברענען די ביכער פון תַּלמוד אין זיין געגנט. אַ צווייטער דיספּוט איז פאָרגעקומען

אין לעמבערג, אינם בייזיין פֿון בישאָפֿן און גלָחים; די פֿראַנקיסטן האָבּן זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז די אֱמונה אין קריסטוּסן אַלס משיח איז אָנגעוויזן אין דער הייליקער תּורה. דאָ האָבּן די גלחים געפֿאָדערט פֿון זיי, אַז זיי זאָלן אָפֿן אָננעמען דעם קאַטוילישן גלויבן — און די סעק־טאַנטן האָבּן געמוזט פֿאָלגן: יעקוב פֿראַנק מיט עטלעכע הונדערט סעקטאַנטן האָבּן זיך געטויפֿט אין לעמבערג און אין וואַרשע (1759); דער טויף־פֿאָטער פֿון פֿראַנקן אין דער וואַרשעווער קירך איז געווען דער פּוילישער קיניג אַווגוסט III. אינגעכן אָבער האָבּן די קאַטוי־לישע גלחים באַמערקט, אַז די פֿראַנקיסטן זיינען נאָר פֿאַר־שטעלטע קריסטן און צווישן זיך האַלטן זיי פֿאַר דעם אֱמתן משיחן ניט קריסטוּסן, נאָר פֿראַנקן, דעם צווייטן שבתי־צבי. מ׳האָט געשטעלט פֿראַנקן פֿאַר אַ קירכן־געריכט, וואָס האָט אים פֿאַרמשפּט צו תּפֿיסה אין אַ



**46.** יעקוב פֿראַנק

קאַטוילישן קלויסטער אין טשענסטאָכאָוו. דאָ האָט פֿראַנק פֿאַרבּראַכט דרייצען יאָר (ביז 1772). ווען ער איז דערנאָך באַפֿרייט געוואָרן, איז ער אַוועק מיט אַ טייל אָנהענגער קיין עסטרייך און דייטשלאַנד; דאָרטן האָט ער זיך באַמיט צו פֿאַרשפּרייטן דעם „דת פֿון אֱדום“ — אַ גע־מישטע אמונה פֿון שבתי־צבים שיטה און קריסטנטום. ער איז גע־שטאָרבּן אין אָפֿענבּאַך (דייטשלאַנד) אין יאָר 1791.

דאָס אַלץ איז געקומען פֿון צָרות און רדיפֿות, וואָס האָבּן זיך פֿאַר־שטאַרקט אין פּוילן אין 18־טן יאָרהונדערט. די פּוילישע מלוכה איז געווען פֿויל פֿון אויבּן ביז אונטן: די „שליאַכטע“, די פּריצים און גלָחים, האָבּן געהערשט איבּער מיליאָנען פּויערשע קנעכט און דער איד איז

געשטאַנען אינמיטן, באַקומענדיק קלעפּ פון אויבן און פון אונטן. דער קריסטלעכער מיטלשטאַנד מיט זיינע מאַגיסטראַטן און צעכן האָט געפירט אַ קאָנקורענץ מיט דעם אידן דורך רדיפות און בילבולים. עס איז ניט אַריבער קיין איין פּסח אָן אַן עלילת-דם: דאָ האָט מען געפונען אַ טויט קינד, אַ דערטרונקענעם אין אַ טייך אָדער אַ פאַרבלאָנדזשעטן אין וואַלד, — זיינען אידן געווען שולדיק; מען פּייניקט זיי, מען פאַרברענט זיי, מען האַקט זיי די קעפּ. און דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער פּויערים-אויפשטאַנד אין אוקראַינע „קעגן די פּריצים, גלחים און אידן". די „היידאַמאַקעס" (פּויערשע קאָזאַקן) הרגענען אויס אידן אין שטעט און דערפער; הענגען אויף אויף איין בוים אַ פּוילישן קסיאָנדז, אַ אידן און אַ הונט מיט אַ צעטל: „אַ פּאָליאַק, אַ איד און אַ הונט —



47. גאָנטע



48. א היידאַמאַק

אַלע פון איין אֱמונה". עס קומט צו דער שרעקלעכער „אומאַנער שחיטה" (1768): די היידאַמאַקעס אונטער דער פירונג פון צוויי אַטאַמאַנעס, גאָנטע און זשעלעזניאַק, האָבן אין דער שטאָט אומאַן אויסגעקוילעט צוואַנציק טויזנט אידן און פּאָליאַקן. די פּוילישע מלוכה צעפאַלט זיך: די שכנישע דריי גרויסע מלוכות — רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן — צעטיילן צווישן זיך די לענדער פון פּוילן. אין משך פון

23 יאָר (1772—1795) ווערט פּוילן דריי מאָל צעטיילט. רוסלאַנד נעמט אָפּ בײַ איר ווייסרוסלאַנד, ליטע און אוקראַינע מיט אַ מיליאָן אידישע איינוואוינער; עסטרייך — גאַליציע, פּרייסן — פּויזענער קאַנט. פון יענער צייט אָן איז רוסלאַנד געוואָרן דאָס, וואָס פריער פּוילן: דער גרעסטער צענטר פון אידישן פאָלק.

אין דער דאָזיקער טרויעריקער צייט האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן פּוילישע אידן אַ מיסטישע רעליגיעזע באַוועגונג: די חסידות. אין אוקראַינע זיינען אַרומגעגאַנגען „גוטע אידן", בעלי־שמות, וואָס פלעגן היילן פון אַלערליי קראַנקהייטן מיט הייליקע שמות פון גאָט און מלאָכים, מיט אָפּשפּרעכענישן און אַנדערע סגולות. איינער פון זיי, רבי ישראל בעל שם־טוב (געקירצט בעש"ט), איז געווען באַליבט ביים פאָלק, וואָס האָט אים גערופן „דער גוטער בעל־שם" פאַר זיין ליבע צום פּראָסטן מענטשן, זיינע האַרציקע רייד, מיט וועלכע ער האָט געהיילט אויך די נשמה, די קראַנקע הערצער. דער בעש"ט האָט פאַר דעם פּשוטן מענטשן געעפנט נייע וועגן אין אמונה־זאַכן: אמתע פרומקייט — פלעגט ער זאָגן — איז ניט ביי די לומדים, וואָס לערנען גאַנצענע טעג גמרא און פּוסקים, נאָר ביי יענע, וואָס האָבן גאָט אין האַרצן, וואָס זעען גאָט אומעטום, אין יעדער ערשיינונג פון דער נאַטור, אין אַלץ וואָס טוט זיך אויף דער וועלט, און רעדן מיט גאָט אין הייסע תפילות, אַזוי ווי קינדער מיט אַ פאָטער. אַ פרומער, אַ „חסיד" איז דער, וואָס דינט גאָט מיט פריינד און ניט מיט טרויער, ווי די אַסקעטישע מקובלים; שימחה און ניט עצבות (טרויער) הויבן אויף די רעליגיעזע שטימונג און באַהעפטן דעם מענטשן מיט גאָט („דביקות"); מען דאַרף דאַווענען מיט „התלהבות", מיט אַ ברען, און דאַן גייט די תפילה אַרויף צום הימל. אַזאַ חסיד, אויב ער דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון „לעבן מיט גאָט", ווערט גערופן צדיק און קען ווערן אַ פאַרמיטלער צווישן גאָט און מענטשן. ער קען בעטן פאַר זיי, אַרויפברענגען זייערע תפילות צו גאָט, מאַכן מופתים, ניסים, און פאָראויסזאָגן די צוקונפט.

אַזאַ מין תורה האָט דער בעש"ט אַנטוויקלט, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין דעם פאָדאָליער שטעטל מעדזשיבאָזש (אַרום יאָר 1740). אהער פלעגן צו אים קומען ניט נאָר פּראָסטע מענטשן מיט בקשות

ווענן אַן עֵצה, אַ רפוּאָה אָדער אַ בּרָכה פוּן אַ הייליקן מענטשן, נאָר אויך לומדים, רַבָּנים, מַגידים פוּן די, וואָס זיינען ניט געווען צופרידן מיט דעם אַלטן רַבָּנישן שטייגער. עס האָט זיך געבילדעט אַרום אים אַ קרייז תּלמידים, וואָס האָבן פאַרשפּרייט זיין תּורה אין אַנדערע ערטער. דער בעש״ט האָט אָנגעהויבן גלויבן אין זיך אַליין, אַז אים איז באַשערט אויפלעבן די אֶמתע אֶמונה אין אידישע הערצער. אין אַ בריוו, וואָס ער האָט פונאַנדערגעשיקט, דערציילט ער, ווי איינמאָל אין דעם טאָג פוּן ראש השָנה האָט זיך זיין נשָמה אויפגעהויבן אויפן הימל און ער



49. בעש״טס בית־מדרש אין מעדזשיבאָזש

האָט דאָרטן דערזעען משיחן; ער האָט אַ פרעג געטאָן בּיי משיחן: „ווען קומסטו דו?“ און האָט באַקומען אַן ענטפער: „ווען דיין תּורה וועט זיך פאַרשפּרייטן אויף דער וועלט“.

דעם בעש״טס תּורה האָט זיך זייער גיך פאַרשפּרייט. צו דער צייט פוּן זיין טויט (1760) האָט די סעקטע **חסידים** געהאַט נאָר עטלעכע טויזנט מיטגלידער, און אין אַ יאָר דרייסיק אַרום איז דער גרעסטער טייל אוקראַינער אידן און אַ קלענערער טייל ליטווישע און פּוילישע שוין באַשטאַנען פוּן חסידים. די פירער פוּן די חסידים נאָכן בעש״ט זיינען געווען זיינע וואָלינער תּלמידים: דער מַגיד **בער מעזשעריטשער** און דער רָב פוּן פּאָלאָנע **יעקב־יוסף כּוהן**. צום מעזשעריטשער מַגיד פלעגן קומען תּלמידים פוּן אַלע מדינות,

אַפילו פון דער רַבָנישער ליטע, און איינער פון זיי האָט פאַרשריבן זיין חסידישע תּורה אין אַ בוך „ליקוטי אמרים". יעקב־יוסף האָט אַליין אַרויסגעגעבן אַ גרויסן סֵפר „תּולדות יעקב־יוסף", וואו ער האָט גע־בראַכט אַלץ, וואָס ער האָט געהערט פון זיין רבין, דעם בעש"ט. ווי נאָר אין ליטע, אין ווילנע און מינסק, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע חסידישע קרייזלעך, האָבן די רבנים געמאַכט אַ רעש. דער ווילנער גָאון רבי אֵליהו, דער גרעסטער תּלמודיסט פון יענער צייט, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דער עיקר אידישקייט באַשטייט אין לערנען גמרא מיט פירושים און רַבָנישע ספרים, האָט דערזעען אין דער חסידות אַ סַכָנה פאַר דער הייליקער תּורה. ער האָט געמיינט, אַז די חסידים זיינען באַהאַלטענע שַבּתי־צביניקעס, און האָט מורא געהאַט, אַז די סעקטע זאָל ניט ברענגען צו אַ שפּאַלטונג אין פאָלק. דער גָאון האָט



50. דער ווילנער גָאון



51. שניאור־זַלמן פון ליאָזנע

געהייסן באַשטראָפן די פירער פון די ליטווישע חסידים און אויסרופן אַ חֵרם קעגן דער גאַנצער סעקטע. פון ווילנע האָט מען פונאַנדערגעשיקט בריוו צו אַלע קהילות, אַז מען זאָל דאָרטן אויך אַריינלעגן אין חֵרם די חסידים (1772). שפּעטער האָבן דער גָאון און די רַבָנים, די פירער פון די מִתנַגדים, ווי עס האָט געהייסן די אַנטי־חסידישע פּאַרטיי, אַרויסגעגעבן אַ סך אויפרופן קעגן די חסידים און האָבן זיי שטאַרק גערודפט. פון דעם האָבן געליטן די חסידים פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, וואו זיי זיינען געווען די מינדערהייט; דעם גרויסן רבין פון די ווייס־

רוסישע חסידים, שניאור־זלמן פון ליאָזנע, דעם מחבר פון דעם בעסטן חסידישן בוך „תניה“, האָבן די מתנגדים פאַרמסרט ביי דער רוסישער רעגירונג; אויפן באַפעל פון קיסר פאַוועל האָט מען דעם רבין צוויי מאָל געבראַכט קיין פעטערבורג און געהאַלטן אַ צייט אין תפיסה. אָבער אין אוקראַינע, וואו חסידים זיינען געווען די מערהייט אין די קהילות, האָבן די מתנגדים זיי גאָרניט געקענט טאָן. אין פּאָ־דאָליע, גאַליציע און וואָלין האָבן געוועלטיקט די צדיקים, חסידישע רביים, תלמידים פון דעם מעזעריטשער מגיד און אייניקלעך פון בעש״ט. טויזנטער חסידים פלעגן שטענדיק באַלאַגערן זייערע הייזער און הויפן, זוכנדיק ביי זיי הילף, טרייסט, מופתים און פאַרבינדונג מיט גאָט; מען האָט געבראַכט פיל געלט („פּידיון“) און מתנות פאַר די צדיקים, און אַ סך פון זיי האָבן געלעבט רייך.

די חסידישע באַוועגונג האָט געבראַכט אי נוצן אי שאָדן. זי האָט דערוואַרעמט אידישע הערצער, פאַרשטאַרקט דעם רעליגיעזן געפיל אַנטקעגן דער רבניש טויטער בוך־אידישקייט; אָבער זי האָט אויך אַריינגעבראַכט פינסטערקייט אין אידישע קעפּ, נאַרישן גלויבן אין מופתים און ניסים פון צדיקים, פיינדשאַפט צו יעדן פרייען געדאַנק, צו וועלטלעכער בילדונג, צו דער נייער אייראָפּעאישער קולטור.

## 41. דייטשלאַנד פון דער רעפאָרמאַציע־צייט ביזן סוף 18־טן יאָרהונדערט

אין 16־טן יאָרהונדערט, ווען אין דייטשלאַנד האָט די רעפאָרמאַציע פון מאַרטין לוטער אָפּגעשוואַכט די מאַכט פון דער קאַטוילישער קירך, האָט מען געקענט האָפן, אַז די לאַגע פון אידן וועט זיך פאַרבעסערן, אָבער די האָפענונג איז גיך פאַרשוואונדן. לוטער, וואָס האָט פאַר־שטאַרקט דעם אויטאָריטעט פון „אַלטן טעסטאַמענט“, פון דעם אידישן תנ״ך, האָט זיך אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט איינגעשטעלט פאַר אידן. אין זיין בוך „יעזוס קריסטוס אַ געבאָרענער איד“ (1523) האָט ער געשריבן: „נאַראָנים, פּויפּסטן, בישאָפן און מאָנאַכן מיט זייערע גראָבע אייזל־קעפּ זיינען זיך באַגאַנגען מיט אידן ווי מיט הינט, געזידלט זיי און אָפּגענומען זייער גוטס. אָבער אידן זיינען דאָך ברידער

פון אונזער דערלייזער (קריסטוסן); גאָט האָט זיי אויסגעצייכנט מער פון אַלע פעלקער און האָט זיי געגעבן די הייליקע שריפט". לוטער האָט געוואָלט מיט גוטע רייד צוציען אידן צו זיין קריסטלעכער רעפאָרם און באַווייזן די קאַטאָליקן, אַז דאָס פאָלק פון דער הייליקער שריפט שטייט אויף זיין זייט. די אידן האָבן אָבער ניט געקענט צושטיין אַפילו צו אַ רעפאָרמירטער קירך; איז לוטער בייז געוואָרן און האָט זיי אין זיינע שפּעטערע ווערק אַרויסגעשטעלט ווי די ערגסטע שונאים פון קריסטוסן. ווען ער איז אַליין געוואָרן אַ מין פּויפּסט פאַר די פּראָטעסטאַנטן, האָט ער געפּרעדיקט, אַז מען דאַרף אידן פאַרפאָלגן, צעשטערן זייערע סינאַגאָגעס און פאַרטרייבן זיי, ווי מען האָט זיי פאַרטריבן פון שפּאַניע. און לוטערס אָנהענגער, די פּראָטעסטאַנטן, האָבן אים גערן געפאָלגט, ניט אַזוי צוליב פרומקייט, ווי צוליב מאַטעריעלע אינטערעסן: דעם דייטשן הענדלער, קרעמער און האַנטווערקער אין שטאָט איז געווען זייער צום האַרצן פּטור ווערן פון זיין קאָנקורענט, דעם אידן, און אָפּנעמען זיין פּרנסה.

אין דער ערשטער העלפט פון 16-טן יאָרהונדערט פלעגן די בירגערלעכע מאַגיסטראַטן נאָך קעמפן מיט די אידישע קהילות. ביי אַ פאַרשאַרפטן קאַמף פלעגן די קריסטלעכע בירגער אויסבעטן ביים קיסר, מען זאָל אַרויסטרייבן אידן פון דער אָדער יענער שטאָט; ווען עס איז געווען נויטיק, פלעגט מען אויסטראַכטן אַ בילבול, אַן „עלילת-דם", מאַכן אַ פּראָצעס, פאַרמשפּטן עטלעכע „שולדיקע" אידן און די איבעריקע אַרויסטרייבן. אַזוי האָט מען אַרויסגעטריבן אידן פון די פּראָווינצן מעקלענבורג און בראַנדענבורג און פון די שטעט נירענבערג און רעגענסבורג. די אידישע קהילות האָבן געקעמפט פאַר זייערע רעכט דורך זייערן אַן אַדוואָקאַט, אַ שתּדלן, וואָס פלעגט אָפט קומען צום קיסר און צו די פירשטן און פאַרטיידיקן די אידישע אינטערעסן. דער גרעסטער שתּדלן פון יענער צייט איז געווען יאָזיל פון ראָסהיים, וואָס איז געווען נאָענט צום הויף פון דעם דייטשן קיסר קאַרל V און האָט דורך אים פיל מאָל געראַטעוועט אידן פון שווערע גזירות (1520—1550).

אין עטלעכע שטעט מיט גרויסע אידישע קהילות האָט דער קאַמף מיט די בירגער געבראַכט צו פּאָגראָמען. אין פראַנקפורט אַם-

מײַנץ, וואו טויזנטער אידן האָבן געלעבט פאַרשפּאַרט אין זייער געטאָ, זײַנען אויף זיי אָנגעפאַלן באַנדעס קריסטלעכע האַנטווערקער, אונטער דער אָנפירונג פון איינעם אַ בעקער פעטמילך, האָבן זיי געשלאָגן, באַרויבט און אַרויסגעטריבן פון שטאָט; אַזאַ גירוש איז אויך פאָרגעקומען אין דער אַלטער שטאָט וואָרמס. אָבער דער קיסר מאַטהיוס האָט זיך אָנגענומען פאַר אידן און האָט זיי אין צוויי יאָר אַרום אומגעקערט אויף זייערע ערטער; פעטמילכן און זיינע חברים האָט מען



52. דער פאָגראָם פון פעטמילכן אין פראַנקפורט אַם־מיין

געקעפּט (1616). די אידישע קהילה אין פראַנקפורט האָט באַשלאָסן פייערן אַלע יאָר דעם טאָג פון 20־טן אדר, ווען דער דייטשער המן האָט געהאַט אַ מַפָּלה; דער יום־טוב האָט געהייסן „פורים־ווינצענץ“ (פעטמילכן האָט מען גערופן ווינצענץ).

אין יענע צייטן איז די עסטרייכישע הויפטשטאָט ווין געוואָרן די רעזידענץ פון די דייטשע קיסרים. אין מיטלאַלטער זײַנען די אידישע איינוואוינער געווען פאַרטריבן פון ווין, אָבער אין 16־טן יאָרהונדערט האָט זיך דאָרטן צוביסלעכווייז געשאַפן אַ נייע אידישע

קהילה. די קיסרים האָבן ערלויבט אידן צו וואוינען אין דער פרומער קאַטוילישער שטאָט, ווייל צווישן זיי זיינען געווען עטלעכע גרויסע עשירים, וואָס האָבן געהאָלפן דער רעגירונג מיט פינאַנצן און קרעדיט. אין דער צייט פון דרייסיק-יאָריקן קריג (ביז 1648) האָבן אידישע פינאַנסיסטן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע ביים קייזערלעכן הויף אין ווין. אָבער נאָכן קריג האָבן די קריסטלעכע בירגער געפּועלט ביי דעם פרומען קיסר לעאָפּאָלד I ער זאָל אַרויסטרייבן אַלע אידן פון ווין (1670). אַ גאַנצע קהילה איז צעזייט געוואָרן אין פאַרשיידענע שטעט. אַ טייל איז אַוועק קיין בערלין אין פּרייסן; אַנדערע האָבן זיך באַזעצט אין דער בעהמישער שטאָט פּראָג, וואָס האָט געהערט צו עסטרייך. ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען דער קיסר האָט ווידער געמוזט אָנקומען צו אידישע געלטגעבער, האָט ער אַריינגעלאָזן אין ווין רייכע אידן, „קייזערלעכע פאַקטאָרן", אָדער הויף-באַנקירן; יענע האָבן מיטגעבראַכט זייערע פאַמיליעס, אָנגעשטעלטע און דינערס, אַזוי אַז שפּעטער האָט זיך אין ווין ווידער געבילדעט אַ אידישער ישוב. צוויי רייכע פאַמיליעס, די אָפּענהיימערס און די ווערטהיימערס, זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ווינער קהילה. מיט צָרוֹת פלעגט מען צולאָזן נאָר אויף אַ קורצער צייט ניט רייכע סוחרים אָדער מענטשן אָן אַ געשעפט.

די גרעסטע אידישע קהילה אין עסטרייך איז געווען אין פּראָג. דאָ איז דאָס געטאָ געווען אַן אֶמֶתע „אידן-שטאָט" מיט פופצען טויזנט איינוואוינער, מיט אַן אייגענעם מאַגיסטראַט און אַלערליי אינסטיטוציעס*). די פּראָגער קהילה האָט שוין לאַנג געהאַט אַ שֵׁם מיט אירע פּרנסים און רַבָּנים, ישיבות און דרוקערייען. פיל מיטעלע קהילות זיינען אויך געווען אין אַנדערע שטעט פון בעהמען. דאָס האָט געשטאָכן די אויגן די עסטרייכישע הערשער, און מען האָט אָנגעהויבן צוטראַכטן אַ מיטל, אַז אידן זאָלן זיך ניט פאַרמערן. מען האָט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז נאָר דער עלטערער זון אין יעדער אידישער פאַמיליע קען חתונה האָבן און שאַפן אַ נייע פאַמיליע; די אַנדערע קינדער, אויב זיי האָבן חתונה, טאָרן ניט בלייבן אין לאַנד. דאָס איז געווען אַ מין געזעץ פון פּרעה מֶלך מִצרַיִם: אויסוואָרצלען אידישע מִשפָּחות. אָבער

*) זע בילד זייט 196.

עס איז געקומען נאָך צו ערגערע זאַכן. בשעת דער מלחמה צווישן עסטרייך און פּרייסן (דער פּרייסישער קיניג פרידריך II האָט אָפּגענומען די עסטרייכישע פּראָווינץ שלעזיע) האָט זיך די פּרייסישע אַרמיי אַריינגעריסן אין פּראָג, און דער עסטרייכישער פּאָליציי האָט זיך געדוכט, אַז די אידישע באַפעלקערונג סימפּאַטיזירט מיט פּרייסן. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אין כּעס די עסטרייכישע קייזערין מאַריאַ־טערעזיאַ, און זי האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: אין משך פון אַ חודש, ביז סוף יאַנואַר 1745, פאַרטרייבן אַלע אידן פון פּראָג און גאַנץ בעהמען. עס איז געוואָרן אַ בהלה: מען איז געלאָפן פון פּראָג אין די דערפער אַרום און מען האָט זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער אין דיווינטערדיקע קעלטן. פיר יאָר האָבן זיך הונדערטער פאַמיליעס געפונען אין אַזאַ לאַגע, ביז וואַנען מאַריאַ־טערעזיאַ האָט נאָכגעגעבן די בקשות פון די הויכע שרות און דיפּלאָמאַטן און האָט ערלויבט די פאַרטריבענע אומקערן זיך אויף זייערע ערטער. אַזוי האָט מען זיך באַגאַנגען מיט אידן שוין אין דער „נייער צייט“, אין 18־טן יאָרהונדערט.



53. אין אַ פרומער פאַמיליע אין דייטשלאַנד: דער זיידע בענטשט דעם אייניקל ערב יום־כּיפּור

בעסער האָבן זיך איינגעאָרדנט די אַמאָליקע ווינער פאַרטריבענע אין בערלין און אין אַנדערע פּרייסישע שטעט. דער „גרויסער קורפירסט“ פון בראַנדענבורג, פרידריך־ווילהעלם, האָט אַריינגעלאָזט אין בערלין אַ געוויסע צאָל פאַרמעגלעכע אידישע פאַמיליעס, כּדי זיי זאָלן

דאָ אַנטוויקלען האַנדל און אינדוסטריע (1671). און דאָס האָבּן זיי טאַקע געטאָן. אידישע קאַפּיטאַליסטן און סוחרים האָבּן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין פּרייסנס עקאָנאָמישן לעבּן. בּאַזונדערס האָבּן אויפגעבּליט די אידישע געשעפטן אין דער צייט פון דעם געבּילדעטן „פילאָזאָפישן" קיניג פרידריך דעם גרויסן (1740—1786). ער האָט ניט ליבּ געהאַט אידן און האָט אויך אַרויסגעגעבּן אַ געזעץ מיט דעם צוועק צו פאַרקלענערן זייער צאָל, אָבּער ניט ווילנדיק האָט ער זיי רייך געמאַכט: בּשעת די מלחמות, וואָס ער האָט געפירט מיט עסטרייך און אַנדערע מלוכות, בּאַזונדערס בּשעת דעם „זיבּניאָריקן קריג", זיינען אַ סך בּערלינער אידן, וואָס האָבּן צוגעשטעלט פּראָוויאַנט פאַר דער אַרמיי, געוואָרן גרויסע גבירים. די רייכע פאַמיליעס האָבּן זיך בּאַפריינדעט מיט דער דייטשער אַריסטאָקראַטיע און אינטעליגענץ. בּכלל האָבּן זיך אידן אין אַלע לענדער אָנגעהויבּן צופּאַסן צו דער נייער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, וואָס האָט זיך דאַן פאַרשטאַרקט אין אייראָפּע און האָט געשאַפן דעם „דריטן קלאַס" — די בּורזשואַזיע.

אין יענער צייט, אין דער צווייטער העלפט פון 18-טן יאָרהונדערט, האָט זיך אין מערב-אייראָפּע אָנגעהויבּן אַן אויפקלערונגס-בּאַוועגונג, אַ שטרעבּונג צו בּאַפרייען דעם מענטשלעכן געדאַנק פון אַלטע טראַדיציעס און פאַלשע מיינונגען. אין פראַנקרייך האָבּן בּאַרימטע שרייבּער (וואָלטער, מאָנטעסקיע און די ענציקלאָפּעדיסטן) געפאָדערט פריַהייט פאַר יעדערן צו גלויבּן, דענקען און רעדן נאָך זיינע איבּערצייגונגען. אין דייטשלאַנד האָבּן זיך בּאַוויזן שרייבּער ווי לעסינג, וואָס האָט געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר מענטשן פון אַלע רעליגיעס און געוועלטיקייט פאַר דעם פאַרפאָלגטן אידן. צו די קרייזן איז צוגעשטאַנען אויך דער אידישער דענקער מ ש ה  מ ע נ ד ע ל ס אָ ן, אַ פריינד פון לעסינגן און אַנדערע ליבּעראַלע דייטשע שרייבּער. מענדעלסאָן איז געבּאָרן געוואָרן אין דער שטאָט דעסוי בּיי אַן אָרימען איבּערשרייבּער פון ספרי-תורות, מענדל סופר, און האָט בּאַקומען אַן אַלטע אידישע בּילדונג: געלערנט תנ"ך און תלמוד מיט רבּנישע פירושים. די פילאָזאָפישע ספרים פון רמב"ם האָבּן אויפגעוועקט אין דעם קלוגן אינגל פרייע געדאַנקען, ער איז אַוועק קיין בּערלין און דאָ געלערנט וועלטלעכע וויסנשאַפטן און פילאָזאָפיע. ער האָט אַזוי פיל געלערנט און

געלייענט ביכער אין זיין אָרימען קליין צימרל, אַז פון שטענדיקן זיצן איז בײַ אים געוואָרן אַ הויקער. ניט אומזיסט אָבער האָט ער אָפּגעגעבן אַלע כּוחות דער גייסטיקער אַרבעט: אין אַ קורצער צייט האָט מען אין אים דערקענט אַ טיפן דענקער און אַ באַגאַבטן דייטשן שרייבער. מענדעלסאָן האָט איינמאָל אָנגעשריבן אין דייטש אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „פילאָזאָפישע שמועסן" און האָט דאָס געוויזן לעסינגן; יענער האָט דאָס אָפּגעדרוקט אָן דעם וויסן פונעם מחבר (1755). אַזוי איז מענדעלסאָן אַריין אין דער דייטשער ליטעראַטור. ער האָט געשריבן פילאָזאָפישע ווערק (פון זיי איז באַזונדערס פּאָפּולער געוואָרן דאָס בוך „פעדאָן" — וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה). ער האָט אָבער אויך געטראַכט, ווי צו באַנייען דעם אידישן גייסטיקן לעבן און צופּאַסן זיין פאָלק צום אייראָפּעאישן פּראָגרעס. מענדעלסאָן האָט אָנגעהויבן איינפירן די אידישע רעפאָרמאַציע (אַזוי ווי לוטער האָט דאָס אַמאָל געטאָן אין דער דייטשער רעפאָרמאַציע) מיט אַ נייער דייטשער איבערזעצונג פון דער ביבל. ביז יענער צייט האָט מען געלערנט



54. משה מענדעלסאָן

תּנ"ך מיט רבּנישע פּירושים, וואָס האָבן ניט געגעבן קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם אינהאַלט פון די אַלטע טיפזיניקע ספרים; ווייבער האָבן געלייענט די תּורה אין דער אידישער פאָלקס-שפּראַך, אין אַן איבעראַרבעטונג, וואָס האָט געהייסן „צאינה וראינה" („גייט און קוקט!"); דאָ איז דאָס ביבל-וואָרט געווען באַדעקט מיט הויפנס שיינע מעשהלעך פון דער תּלמודישער אַגדה און מיט האַרציקע מוסר-רייד, וואָס זיינען אָבער געווען ווייט פון דעם אוראַלטן טעקסט. מענדעלסאָן האָט געוואָלט פון איין זייט געבן אַ ריכטיקע איבערזעצונג פון די הייליקע ביכער, און פון דער אַנדערער — צוגעוואוינען אידן צו דער ריינער דייטשער שפּראַך אָנשטאָט „אידיש-דייטש", אויף וועלכן זיי האָבן גערעדט אין יענער צייט. אַ חוץ אַ דייטשער איבערזעצונג האָט ער צוגעגעבן צום העברעאישן טעקסט פון תּנ"ך אַ קלאָרן גראַמאַטישן

פּירוּש („ביאור"), וואָס ער האָט פאַרפאַסט צוזאַמען מיט זיינע גע־לערנטע אידישע פריינד (נפתּלי־הערץ וועזעל, שלומה דובנאָ און אַנדערע). צום סוף פון זיין לעבן האָט מענדעלסאָן אָנגעשריבן אַ רעליגיעז־פילאָזאָפישן טראַקטאַט „יערוזאַלעם" (ירושלים) צו באַווייזן, אַז די אידישע רעליגיע פאָדערט ניט בלינדן גלויבן, נאָר פאַרשטאַנד, ווייל אירע געזעצן האָבן איין צוועק: מאַכן דעם מענטשן מאָראַלישער, גייסטיקער, בויען די מענטשלעכע געזעלשאַפט אויפן גרונד פון גערעכטיקייט און פרידן. מענדעלסאָנס געדאַנקען האָבן באַגייסטערט זיינע דייטשע פריינד. לעסינג האָט אין זיין דראַמע „נאַטאַן דער ווייזע" („נתן דער חכם") געשילדערט מענדעלסאָנען ווי אַ טיפּ פון אַ חכם, וואָס האָט ליב אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון פאָלק און גלויבן.

מענדעלסאָנס תּלמידים זיינען געגאַנגען אַ סך ווייטער אויפן וועג פון צופּאַסן דאָס אידישע לעבן צו דער נייער אייראָפּעאישער קולטור. דער לערער איז געשטאָרבן אין יאָר 1786, דריי יאָר פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט געבראַכט צו גרויסע ענדערונגען אין סאָציאַלן לעבן פון מערב־אייראָפּע. דער נייער אידישער דור איז שוין געגאַנגען אין די נייע וועגן.

---

## 42. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די ערשטע עמאַנסיפּאַציע

ווען אין פּאַריז האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע רעוואָלוציע (1789), האָבן אין פראַנקרייך געוואָרט אויף פרייהייט פופציק טויזנט אידן: פערציק טויזנט אַשכּנזים אין עלזאַס און צען טויזנט ספרדים אין דרום־פראַנקרייך. באַלד ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען די „דעקלאַראַציע פון מענטשלעכע רעכט", וואָס האָט צוגעזאָגט גלייכע רעכט פאַר אַלעמען, האָבן די ליבעראַלע דעפּוטאַטן געפאָדערט, מען זאָל תּיכּף אָפּשאַפן אַלע באַגרענעצונגען פאַר אידישע בירגער און געבן זיי גלייכבאַרעכטיקונג. דער אַבאַט גרעגואַר האָט אויסגערופן: „פופציק טויזנט פראַנצויזן ליגן זיך היינט שלאָפן ווי קנעכט; מאַכט אַזוי, אַז זיי זאָלן מאָרגן אויפשטיין ווי פרייע בירגער!" אָבער עס האָט נאָך

אַ היבשע ווײַלע געדויערט, ביז די פֿאַרזאַמלונג האָט דאָס געטאָן. צוערשט האָט מען געגעבן בירגער־רעכט די ספרדים פֿון באָרדאָ און אַנדערע דרום־פֿראַנצויזישע שטעט, ווײַל זיי זײַנען געווען קליין אין צאָל און האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַסימילירן מיט די פֿראַנצויזן. ווען פֿרײַהייט פֿאַר די געדיכטע אידישע מאַסן אין עלזאַס און לאָטרינגען, וואָס האָבן גערעדט דײַטשן אידיש און זײַנען געווען אידיש־נאַציאָנאַל געשטימט, האָט מען אין פּאַריז נאָך אַ לאַנגע צײַט דעבאַטירט אין דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג, ווײַל די קריסטלעכע דעפּוטאַטן פֿון עלזאַס זײַנען געווען פֿײַנדלעך צו זייערע אידישע שכנים. ערשט אין סעפּטעמבער 1791 האָט די פֿאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ געזעץ, אַז אַלע אידן אין פֿראַנקרײַך באַקומען בירגער־רעכט גלײַך מיט קריסטן. דאָס איז געווען דער ערשטער אַקט פֿון עמאַנסיפּאַציע (באַפֿרײַונג) אין אייראָפּע, וואָס האָט באַפֿרײַט די אידישע באַפֿעלקערונג אין איין לאַנד פֿון טויזנטיאָריקער קנעכטשאַפֿט.

די ערשטע עמאַנסיפּאַציע האָט אָבער באַפֿרײַט די פֿראַנצויזישע אידן ניט ווי אַ טייל פֿון אידישן פֿאָלק, נאָר ווי אַ טייל פֿון פֿראַנצויזישן פֿאָלק, ווײַל אַלע זײַנען געווען איבערצייגט, אַז אין אַ קורצער צײַט וועלן זיך אידן אינגאַנצן צונויפֿמישן מיטן פֿראַנצויזישן פֿאָלק און בלײַבן נאָר בײַ זייער רעליגיע. ווען מען האָט אָבער דערזעען, אַז די אידישע מאַסן אין עלזאַס ווילן זיך גאָר ניט אַסימילירן און האַלטן זיך נאָך פֿאַר אַ טייל פֿון דער אידישער נאַציע, האָט מען זיי אָנגעהויבן דריקן. אין דער צײַט, ווען דער קיסר נאַפּאָלעאָן האָט געפֿירט גרויסע מלחמות, האָבן זיך בײַ אים באַקלאָגט די עלזאַסער קריסטן, אַז זיי קענען ניט אויסהאַלטן פֿון אידן, וואָס באַשעפֿטיקן זיך מיט געלט־קרעדיט אויף שווערע צינזן און שאָדן דערמיט דער באַפֿעלקערונג. גלויבנדיק אויפֿן וואָרט די אַלטע שונאי־ישׂראל, האָט נאַפּאָלעאָן אַרויס־געגעבן אַ דעקרעט („דער שענדלעכער דעקרעט“ פֿון מערץ 1808), אַז בײַ די עלזאַסער אידן ווערן אָפּגענומען זייערע בירגער־רעכט אויף צען יאָר, „ביז וואַנען עס וועט פֿאַרשווינדן דער אונטערשייד צווישן זיי און אַנדערע בירגער“. אין דערזעלביקער צײַט האָט נאַפּאָלעאָן צונויפֿגע־רופֿן אין פּאַריז די פֿאָרשטייער פֿון אַלע אידישע קהילות צו אַ פֿאַר־זאַמלונג, וואָס האָט געהייסן „דער גרויסער סנהדרין“, און האָט בײַ זיי

געקומען אַ וואָרט, אַז אידן האַלטן זיך גאָר ניט פאַר אַ באַזונדער פאָלק מיט אַן אייגענעם שטייגער לעבן, נאָר זיי זיינען אֶמתע פראַנצויזן פון אידישן גלויבן (1807). נאַפּאָלעאָן האָט געהייסן אָפּשאַפן דעם אַלטן




55. דער „גרויסער סַנהֶדרין" אין פּאַריז

אידישן קָהָל און גרינדן אין יעדער קהילה אַ „קאָנסיסטאָריע", וואָס זאָל פירן נאָר די רעליגיעזע ענינים און זאָל זאָרגן, אַז די אידן זאָלן ניט עוֹבֵר זיין אויף די געזעצן פון דער מלוכה.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן אַ באַפרייונגס-באַוועגונג אין אַנדערע לענדער, באַזונדערס אין יענע, וועלכע זיינען געוואָרן פאַרבונדן מיט פראַנקרייך אין דער גרויסער נאַפּאָלעאָנישער אימפּעריע. אין ה אָ ל אַ נ ד און א י ט אַ ל י ע האָבן אידן באַקומען

בירגער־רעכט. אין פּ ר י י ס ן האָט דער קיניג פרידריך־ווילהעלם III געמוזט אַרויסגעבן אַ דעקרעט, וואָס האָט געגעבן אידן רעכט פון „פּרייסישע בירגער" (1812). אין אַנדערע טיילן פון דייטשלאַנד (וועסטפאַלן, פראַנקפורט, האַמבורג) האָבן אידן אויך באַקומען עמאַנציפּאַציע. אָבער דאָס איז געווען נאָר אויף אַ קורצער צייט. ווי נאָר די אַלע לענדער זיינען באַפרייט געוואָרן פון פראַנצויזישן יאָך (נאָך נאַפּאָלעאָנס מַפָּלה) האָבן די אַלטע רעגירונגען אָפּגעשאַפט די בירגער־רעכט פון די אידן (חוץ האָלאַנד) און האָבן זיך אומגעקערט צום אַלטן סֵדר. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון פּאָליטישער ר ע אַ ק צ י ע (1815—1848).

אַזוי האָט זיך די אויסערלעכע לאַגע פון די מערב־אייראָפּעאישע אידן, אויסער צוויי לענדער (פראַנקרייך און האָלאַנד), ניט געענדערט, אָבער שטאַרק געענדערט האָט זיך דאָס אינעווייניקסטע לעבן, דער קולטור־צושטאַנד. דער יונגער דור האָט זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צו דער נייער אייראָפּעאישער קולטור און צום לעבנס־שטייגער פון די אַרומיקע פעלקער. אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס געווען זייער גוט, וואָס אידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער פאַרשלאָסנקייט און זיך דערנענטערט צו זייערע קריסטלעכע שכֵנים, אָבער אָפט האָבן זיי אי־בערגעכאַפּט די מאָס. פיל האָבן געמיינט, אַז כּדי צו זיין אייראָפּעאיש געבילדעט און קריגן בירגער־רעכט מוז מען זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון אידישן פאָלק. הויך געבילדעטע מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך באַפריינדעט מיט קריסטן, פלעגן זיך אָפט לאָזן טויפן, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז „דער טויף־שיין (ווי דער באַרימטער דיכטער היינע האָט אַמאָל געזאָגט) איז אַן אַריינטריט־בילעט אין דער אייראָפּעאישער גע־זעלשאַפט". פון דעם פריערדיקן דור איז מושה מענדעלסאָן געווען באַפריינדעט מיט לעסינגן און די בעסטע דייטשע שרייבער, און דאָס האָט אים ניט געשטערט צו בלייבן געטריי דעם אידישן פאָלק; אָבער זיינע קינדער און אידישע פריינד האָבן זיך אָפט אָפּגעזאָגט פון אידנטום. אין די „בערלינער סאַלאָנען", וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען גע־בילדעטע מענער און פרויען פון דער אידישער און קריסטלעכער גע־זעלשאַפט, האָט זיך שוין סוף 18־טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן די שמַד־

באַוועגונג, די „טויף־עפּידעמיע“. מענדעלסאָנס טעכטער האָבן זיך די ערשטע געטויפט (איינע פון זיי, דאָראָטעאַ, איז געווען די פרוי פון דעם באַרימטן דייטשן דיכטער פרידריך שלעגעל); מענדעלסאָנס זון, אַבֿרהם, האָט אָפּגעטויפט זיינע קינדער, פון וועלכע איין זון פעליקס מענדעלסאָן־באַרטאָלדי איז געוואָרן באַרימט אַלס געניאַלער קאָמפּאָ־זיטאָר; די שיינע קעניגין פון בערלינער סאַלאָן, הענריעטע הערץ, האָט זיך געשמדט באַלד ווי איר אַלטע מוטער איז געשטאָרבן. אפילו אין די



56. היינריך היינע אין דער יוגנט



57. לודוויג בערנע

ווייניק געבילדעטע שיכטן איז אַריינגעדרונגען די שמד־עפּידעמיע: יונגעלייט פלעגן לויפן קיין בערלין און דאָרטן שמדן זיך. די בעסטע פאָרשטייער פון דער דייטשער ליטעראַטור, דער גלענצנדער פובליציסט און פרייהייט־קעמפער לודוויג בערנע (געבאָרן 1786; זיין אי־דישער פאַמיליע־נאָמען איז געווען באַרוך) און דער גרויסער דיכטער היינריך היינע (געבאָרן 1799) האָבן זיך אין די יונגע יאָרן געשמדט. היינע האָט שפּעטער חרטה געהאַט אויף דער מעשה און האָט דאָס אָפן אַרויסגעזאָגט. דער שאַפער פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם קאַרל מאַרקס (געבאָרן 1818) איז געווען געטויפט נאָך קינדוויז מיט זיין פאָטער, וואָס האָט געשטאַמט פון באַרימטע רבנים. אין איינעם פון זיינע ערשטע ווערק האָט מאַרקס דערקלערט,

אַז אין וועלטלעכן לעבן האָבן אידן נאָר איין גאָט: געלט, האַנדל. ער איז געווען אַזוי ווײַט פֿון אידישן פֿאָלקסלעבן, אַז ער האָט געקוקט אויף אַלע אידן ווי אויף גרויסע אָדער קליינע ראָטשילדס, אַ אידישע באַנקירן־פֿאַמיליע, וואָס האָט געהאַט אירע באַנקען אין די הויפּטשטעט פֿון אייראָפּע און האָט געוועלטיקט אויף דעם געלט־מאַרק.


58. קאַרל מאַרקס

פֿאַרשטייט זיך, אַז די שמד־באַוועגונג האָט באַרירט נאָר אַ קליינעם טייל פֿון די אידן אין דייטשלאַנד. עס איז נאָך געבליבן אַ געזונטער קערן, וואָס איז ניט אַוועק פֿון פֿאָלק, נאָר האָט אים געוואָלט רעפֿאָרמירן. די אידישע רעפֿאָרמאַציע, אַזוי ווי אַמאָל די דייטשע, האָט זיך אָנגעהויבן פֿון רעליגיע. צוערשט האָט מען געזאָרגט וועגן דעם אויסערלעכן אויסזעען פֿון דער סינאַגאָגע און פֿון גאָטסדינסט. אין בערלין, האַמבורג, קאַסעל און אַנדערע גרויסע שטעט האָט מען געבויט שיינע „טעמפּלען“, וואו מען האָט איינגעפֿירט כאָר־געזאַנג פֿון תּפֿילות און פּסאַלמען, אָפֿט מיטן שפּיל פֿון אַן אָרגעל, געוויסע תּפֿילות געלייענט אין אַ דייטשער איבערזעצונג, געהאַלטן דרשות („פּרעדיקטן“) אויף דייטש. דאָס אַלץ האָט מען געמאַכט, כּדי צוציען די יוגנט און געבילדעטע מענטשן צום גאָטסדינסט, וואָס איז אין די אַלטע בתּי־מדרשים געווען אויסערלעך גאָר ניט שיין. שפּעטער אָבער איז מען געגאַנגען ווייטער אין דער רעפֿאָרם. מען האָט געשטעלט די פֿראַגע: צי זיינען די נייע דורות מחוייב אָפּהיטן אַלע דינים און מנהגים, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין משך פֿון הונדערטער יאָרן אין תּלמוד און אין דער רבנישער ליטעראַטור און בינדן דעם אידן אויף יעדן טריט, ווייל שטענדיק מוז ער נאָר טראַכטן, ווי צו מקיים זיין אַ מצווה אָדער אויסמיידן אַן עבֿירה? פֿיל געלערנטע, באַזונדערס מאָדערן געבילדעטע ראַבינער, האָבן געוואָלט אָפּשאַפֿן איבעריקע, פֿאַרעלטערטע צערעמאָניעס און דערמיט פֿאַרשטאַרקן דעם ריינעם מאָראַלישן אינהאַלט

פון אידנטום, ווי עס האָבן אים געפּרעדיקט די נביאים. אין די פערציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן די פירער פון דער רעפאָרם, דער ברעסלויער ראַבינער אברהם גייגער, לודוויג פיליפּסאָן (דער רעדאַקטאָר פון דער „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס") און נאָך עטלעכע געלערנטע צונויפגערופן ראַבינער־פאַרזאַמלונגען אין ברוינשווייג, פראַנקפורט און ברעסלוי. נאָך לאַנגע וויכוחים האָט מען אָנגענומען באַשלוסן אין דעם זין פון דעם פּאַריזער סנהדרין: אַז דאָס אידישע געזעץ מוז זיך צופּאַסן צו דעם מלוכה־געזעץ, אַז די העברעאישע שפּראַך אין די תּפילות קען מען פאַרבייטן מיט דער דייטשער, אַז פון סידור זאָלן אויסגעשלאָסן ווערן אַלע תּפילות וועגן אומקערן דאָס פאָלק קיין אֶרץ־ישראל, אַז די שווערע געזעצן וועגן שבת־רו זאָלן פאַרלייכטערט ווערן א. א. וו. די פרומע רבנים האָבן אויפגעהויבן אַ שטורעם קעגן די אַפּיקורסישע רעפאָרמער. שמשון רפאל הירש האָט געגריינדעט אין פראַנקפורט אַ פאַרטיי פון אָר־טאָדאָקסן, וואָס האָט געפירט אַ שאַרפן קאַמף מיט דער רעפאָרם־פּאַרטיי.

די אידישע ליטעראַטור אין דייטשלאַנד האָט זיך אויך צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון דער צייט. צוערשט האָבן מענדעלסאָנס תּלמידים געפרובט שאַפן אַ פּראָגרעסיווע ליטעראַטור אין דער העברעאישער שפּראַך: זיי האָבן אַרויסגעגעבן זאַמלביכער מיט דעם נאָמען „המאַסף" („דער זאַמלער", פון יאָר 1784 ביז 1811, מיט גרויסע הפסקות), וואו עס האָבן זיך געדרוקט אַרטיקלען וועגן רעליגיעזע און פילאָזאָפישע פראַגן, שירים, דראַמעס און נאָך אַזוינע זאַכן. אָבער די העברעאישע שפּראַך האָט זיך נאָר געהאַלטן ביים אַלטן דור; די יוגנט, וואָס האָט זיך געלערנט אין דייטשע שולן, האָט שוין די אַלטע שפּראַך ניט פאַר־שטאַנען און אַפילו אידיש אויפגעהערט צו רעדן. אַזוי איז אויסגע־וואַקסן אַ אידישע ליטעראַטור אין דער דייטשער שפּראַך (די זאַמל־ביכער „שולמית", שפּעטער אַ וואָכנשריפט „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס" און אַנדערע). מען האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט אידישער וויסנשאַפט, דערהויפּט מיט דער פאָרשונג פון דער טויזנט־יאָריקער געשיכטע. מארקוס יאָסט אין פראַנקפורט האָט פאַרפאַסט די „אַלגעמיינע געשיכטע פון די איזראַעליטן" אין ניין בענד

(1820—1829); נאָך דער מאָדע פון יענער צייט האָט ער אָנשטאָט „אידן" געשריבן „איזראַעליטן", ווייל „איד" איז געווען ביי די קריסטן אַ זידל־וואָרט. ליפּמאַן צונץ אין בערלין האָט זיך אַריינגעלאָזט אין טיפע פאָרשונגען פון דער אידישער געשיכטע, באַזונדערס ליטע־ראַטור־געשיכטע; ער האָט דער ערשטער דערקלערט, ווי עס האָבן זיך אַנטוויקלט דער מדרש, די תּפילות, פּיוטים, סליחות און קינות און בכלל די מיטלאַלטערלעכע ליטעראַטור (זיינע גרעסטע ווערק אין דייטש זיינען געדרוקט צווישן 1832 און 1865). אין עסטרייך האָט מען נאָר אין איין פּראָווינץ — גאַליציע — נאָך ניט פאַרגעסן שרייבן העברעאיש, און דאָ האָבן פאָרשער פון דער אידישער היסטאָריע גע־שריבן זייערע ווערק אין העברעאיש. אַזוי האָט נחמן קראָכמאַל (געשטאָרבן 1840) פאַרפאַסט אין דער אַלטער שפּראַך זיין ווערק „מורה נבוכי הזמן" („וועגווייזער פאַר די פאַרבלאָנדזשעטע פון אונזער צייט") — אַ טיפע פילאָזאָפיע פון דער אידישער גייסטיקער געשיכטע. שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט (געקירצט שי"ר) האָט גע־פאָרשט די תּקופה פון די גאונים (אין די זאַמלביכער „ביכורי העיתים").

---

## 43. דער קאַמף פאַר רעכט און די צווייטע עמאַנסיפּאַציע

נאָכדעם ווי אין דער רעאַקציע־צייט האָבן די פּרייסישע און אַנדערע רעגירונגען אין דייטשלאַנד אָפּגענומען ביי אידן דאָס ביסל בירגער־רעכט, וואָס מען האָט זיי געגעבן אין דער נאַפּאָלעאָנישער צייט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פון דער אידישער אינטעליגענץ פאַר עמאַנסי־פּאַציע. דער פירער אין קאַמף איז געווען גבריאל ריסער, אַ האַמ־בורגער אַדוואָקאַט, וואָס איז געוואָרן אַן אַדוואָקאַט פאַר זיינע „גלויבנס־גענאָסן", פאַר די „דייטשע בירגער פון אידישן גלויבן" — אַזוי האָבן ריסער, פיליפּסאָן און אַנדערע דייטש־אידישע פּובליציסטן גערופן זייערע אידישע ברידער, ניט וועלנדיק אָנערקענען די עקזיסטענץ פון אַ באַזונדער אידיש פאָלק. דער גלענצנדער רעדנער און פּובליציסט גבריאל ריסער האָט שטענדיק געטענהט, אַז די דייטשע רעגירונגען זיינען מחויב געבן אידן אַלע בירגער־רעכט, ווייל אידן האָבן ערגעץ

ניט זייער אייגן לאַנד און דעריבער זיינען זיי גאָר קיין באַזונדער פאָלק ניט: אומעטום זיינען זיי אַ טייל פון דער הערשנדער נאַציע און אונ־טערשיידן זיך נאָר אין רעליגיע, וואָס אויך זי דאַרף מען רעפאָרמירן.

אַלע טענות האָבן ניט געהאָלפן, ביז עס איז געקומען די מערץ־רעוואָלוציע פון יאָר 1848. אויף די גאַסן פון בערלין זיינען דערשאָסן געוואָרן פון פרייסישע סאָלדאַטן אויך עטלעכע אידישע רעוואָלוציאָנערן. ריסער איז געוואָרן איינער פון די פירער אין דער באַפרייונג־באַוועגונג; מען האָט אים אויסגעקליבן צום וויצע־פרעזידענט פון ערשטן דייטשן פאַרלאַמענט, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין פראַנקפורט. דאָ האָט ער אויך פאַרטיידיקט די עמאַנסיפּאַציע אין נאָמען פון טויזנטער אידן, וואָס געהערן נאָר צום דייטשן פאָלק. אַזוי איז אין די קאָנסטיטוציעס פון פרייסן און אַנדערע דייטשע לענדער אָנגענומען געוואָרן דער גרונד־געזעץ, אַז „בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט געהערן יעדערן אָן אונ־טערשייד פון רעליגיע“. ניט אַזוי גיך האָט מען אָבער דעם דאָזיקן פּאַפּירענעם געזעץ פאַרווירקלעכט אין לעבן. צוערשט האָבן די רעגי־רונגען ניט געוואָלט וויסן פון גלייכע רעכט פאַר אַלעמען; מען האָט דעם אידן ניט געשטערט צו וואוינען און צו האַנדלען וואו ער וויל, אָבער צו העכערע פּראָפעסיעס און מלוכה־דינסט האָט מען אים ניט צוגעלאָזט. נאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי די דייטשע לענדער האָבן זיך אָנגעהויבן פאַראייניקן און עס איז געשאַפן געוואָרן די נייע דייטשע אימפּעריע (1869—1871), האָט מען ווידער באַשטעטיקט אין דער קאָנסטיטוציע די גלייכבאַרעכטיקונג. אַ האַלבער מיליאָן דייטשע אידן זיינען דורך דער צווייטער עמאַנסיפּאַציע געוואָרן בירגער, און די גלייכבאַרעכטיקונג האָט זיך אָנגעהויבן צוביסלעכווייז פאַרווירקלעכן.

אין עסטרייך האָט די רעוואָלוציע פון יאָר 1848 אויך געבראַכט דער אידישער באַפעלקערונג נאָר פּאַפּירענע פרייהייט. דאָ האָט זיך די רעגירונג ניט געקאָנט אַנטשליסן מיטאַמאָל צו באַפרייען די אָנדערט־האַלב מיליאָן אידן אין זייערע געדיכט באַזעצטע פּראָווינצן — בעהמען, גאַליציע און אונגאַרן, וואו מען האָט זיי פריער באַהאַנדלט ווי פרעמדע. באַלד נאָך דעם, ווי דער קיסר פראַנץ־יוסף און זיין רעגירונג זיינען צו זיך געקומען פון דעם רעוואָלוציע־שרעק, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פינס־טערע רעאַקציע: מען האָט אָפּגענומען ביי אידן אַלע עלעמענטאַרסטע

בירגער־רעכט; מען האָט זיי ניט געלאָזט אַריבערפאָרן פון איין פּראָווינץ אין דער אַנדערער; פון ווין האָט מען ווידער געטריבן אידן, וואָס האָבן ניט געצאָלט גרויסע שטייערן ווי באַנקירן און גרויסהענדלער. אָבער שפּעטער, ווען עסטרייך האָט געהאַט צוויי מַפָּלות אין די מִלחמות מיט איטאַליע און פּרייסן, איז די רעאַקציאָנערע רעגירונג געפאַלן און מען האָט אויפגעשטעלט די ליבעראַלע קאָנסטיטוציע. אין דער נייער קאָנסטיטוציע פון עסטרייך־אונגאַרישער מלוכה פון יאָר 1867 איז בפירוש געווען געזאָגט, אַז פאַרן געזעץ זיינען אַלע גלייך. די שווערסטע באַגרעניצונגען אין וואוינרעכט, ערד־באַזיץ און פאַרשיידענע פּראָפעסיעס זיינען געפאַלן. אידישע קינדער האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אין די מיטלערע און העכערע שולן, כּדי אויסצובילדן זיך פאַר די פּראָפעסיעס פון דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשענערן. אידישע דעפּוטאַטן זיינען אַריין אין דעם עסטרייכישן פּאַרלאַמענט (רייכסראַט), אין גאַליצישן און אונגאַרישן סיים. די געבילדעטע יוגנט האָט זיך זייער שנעל אַסימילירט מיט די אַרומיקע פעלקער — דייטשן, פּאָליאַקן, אונגאַרישע מאַדיאַרן. עס איז אָבער נאָך שטאַרק געבליבן די פרומע אָרטאָדאָקסיע אין גאַליציע מיט אירע חסידים און רַבּיִים און אין אונגאַרן מיט אירע גרויסע ישיבות און רַבָּנים.

אין דייטשלאַנד זיינען נאָך מער אידישע קרעפטן אַריין אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט און אין דעם דייטשן קולטור־לעבן. געמישטע חתונות צווישן אידן און קריסטן זיינען געוואָרן אַלץ אָפטער. אין די פרייע פּראָפעסיעס פון אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אינזשענערן, לערער, שרייבער און זשורנאַליסטן האָבן אידן פאַרנומען אַלץ אַ גרעסערן פּלאַץ. עס זיינען געוואָרן באַרימט בערטאָלד אויערבאַך אין דער בעלעטריסטיק, פערדינאַנד לאַסאַל און דער אויבנדער־מאָנטער קאַרל מאַרקס אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, עדואַרד לאַסקער אין דער פּאָליטיק און נאָך אַ רייע פאָרשער אויף וויסנשאַפטלעכע געביטן. עס האָט זיך אויך אַנטוויקלט די אַרבעט אויפן געביט פון דער אידישער וויסנשאַפט. דער גרויסער היסטאָריקער היינריך (הירש) גרעץ האָט דאָ אויסגעבויט דעם שענסטן בנין: זיין עלף־בענדיקע „געשיכטע פון אידן" (דייטש, 1853—1876). ער האָט באַלעבט די בילדער פון דער דריי־טויזנט־יאָריקער אידישער פאַר־

גאַנגענהייט, דערציילט וועגן דער גייסטיקער גרויסקייט און די ביטערע צָרוֹת פון דעם געיאָגטן פאָלק און געוועקט ליבע צו אים אין אַלע הערצער. אונטער דעם איינפלוס פון אַזעלכע געדאַנקען האָט דער


59. היינריך גרעץ

אידישער סאָציאַליסט מ ש ה ה ע ס געשריבן זיינע באַגייסטערטע ווערק וועגן די אויפגאַבן פון אידישן פאָלק. ער האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער אַסימילאַציע, וואָס פאַרלייקנט אַפילו די עקזיסטענץ פון אַ אידישער נאַציע. אין זיין בוך „רוים און ירושלים" (דייטש, 1862) האָט ער געפאָדערט, אַז מען זאָל מיט דער הילף פון רייכע פילאַנטראָפּן בויען אַ נייעם אידישן ישוב אין אֶרץ־ישראל און מאַכן עס ווידער פאַר אַ אידיש לאַנד. העס איז געווען דער ערשטער, וואָס איז געקומען פון אַסימילאַציע צו דער נאַציאָנאַלער אידייע און צום ציוניזם.

אין דער תקופה פון דער "צווייטער עמאַנסיפּאַציע" זיינען באַפרייט געוואָרן אידן אויך אין אַנדערע לענדער פון מַערב־אייראָפּע. אין א י ט אַ ל י ע, וואו עס האָט פריער געהערשט דער פּויפּסטלעכער רעזשים, האָט די רעוואָלוציע פון יאָר 1848 אָפּגעריניקט די לופט אין די אידישע פינסטערע געטאָס. נאָך אַ לאַנגן באַפרייונגס־קריג האָבן זיך די פאַרשיידענע איטאַליענישע לענדער פאַראייניקט אין אֵיין מלוכה; די אַרמיי פון קיניג וויקטאָר־עמאַנואַל האָט אָפּגענומען ביים פּויפּסט פּיוּס IX די הייליקע שטאָט רוים און געמאַכט זי פאַר אַ וועלטלעכער הויפּטשטאָט פון גאַנץ איטאַליע (1870). די איינוואוינער פון געטאָ, וואו אידן זיינען געווען פאַרשפּאַרט הונדערטער יאָרן, זיינען אַרויס פון זייער תפיסה און האָבן זיך באַזעצט אין דער גאַנצער שטאָט. איצט האָט זיך דער פּויפּסט אַליין געמוזט פאַרשפּאַרן אין איין ווינקל פון רוים — אין וואַטיקאַן, אַ מין געטאָ פאַר קאַטוילישע גַלָחים און מאָנאַכן.

אין ענגלאַנד האָבּן אידן בּאַקומען עמאַנסיפּאַציע גאָר אויף אַן אַנדער וועג. דאָ האָבּן די אידישע גרויסהענדלער און בּאַנקירן אין לאָנדאָן און אין אַנדערע שטעט געהאַט כּמעט אַלע פּריוואַטע רעכט: זיי האָבּן אומעטום פרייַ געלעבּט און געפירט געשעפטן; זיי האָט נאָר געפעלט פּאָליטישע רעכט, דאָס רעכט צו זיין אַ דעפּוטאַט אין שטאָט־ראַט און אין פּאַרלאַמענט, צו ווערן אַדוואָקאַטן, ריכטער און בּכלל מלוכה־בּאַאַמטע. דאָס אַלטע געזעץ האָט געפאָדערט, אַז יעדער בּאַאַמטער אָדער דעפּוטאַט זאָל אָפּגעבּן אַ שבועה מיט די ווערטער: „איך שווער מיט דעם גלויבּן פון אַן אֶמתן קריסט“, און אידן האָבּן דאָס ניט געקאָנט טאָן. אַ לאַנגע צייט האָט מען אין ענגלישן פּאַרלאַמענט דעבּאַטירט די פראַגע, צי זאָל מען בּאַפרייען אידן פון אַזאַ שבועה, וואָס איז קעגן זייער רעליגיעזן געוויסן, אָבּער די קאָנסערוואַטאָרן האָבּן ניט דערלאָזט צו אַזאַ בּאַשלוס. עטלעכע מאָל האָט די לאָנדאָנער בּאַפעלקערונג אויסגעקליבּן פאַר אַ דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט איינעם פון די ראָטשילדס, די בּאַקאַנטע בּאַנקירן, אָבּער יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט קומען צו די זיצונגען אין פּאַרלאַמענט און האָט געוואָלט אָפּגעבּן אַ אידישע שבועה, אָנשטאָט דער קריסטלעכער, פלעגט מען אים הייסן אַרויסגיין פון הויז. ערשט נאָך דרייסיקיאָריקע דעבּאַטן האָט מען אָפּגעשאַפט דעם אומגליקלעכן שבועה־געזעץ, און אידישע דעפּוטאַטן האָבּן געקענט פאַרנעמען זייער אָרט אין פּאַרלאַמענט (1858). פון יענער צייט אָן האָבּן זיך אַ סך אידן אויסגעצייכנט אין דעם ענגלישן מלוכה־דינסט. פיל הויכע בּאַאַמטע און ריכטער האָבּן געטראָגן אידישע נעמען; אָפט פלעגט די לאָנדאָנער בּאַפעלקערונג אויסקלייבּן אַ אידן פאַר אַ „לאָרד־מעיאָר“, ד. ה. אויבּערשטער פאָרשטייער פון שטאָט, בּירגערמייסטער. אַ געוועזענער איד, בּינימין דיזראַעלי (לאָרד בּיקאָנספילד), וואָס מען האָט אים געטויפט אין דער יוגנט, איז אַ צייט (פון יאָר 1874) געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ענגלישער רעגירונג און איז געווען אַ נאָענטער פריינד פון דער קיניגין וויקטאָריאַ. ער האָט געהערט צו דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, אָבּער ער האָט שטאָלצירט מיט זיין אידישער אָפּשטאַמונג און געטאָן טובות אידן אין פאַרשיידענע לענדער. דיזראַעלי־בּיקאָנספילד איז געווען אויך אַ בּאַגאַבּטער שרייבּער; אין זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען האָט ער אַרויסגעשטעלט

אידישע העלדן („טאַנקרעד", „דָויד אַלראָי"). צו יענער צייט איז אויך באַרימט געוואָרן דער אידישער פילאַנטראָפּ מ ו ש ה מ אָ נ ט ע פ י אָ ר ע, וואָס האָט געלעבט אין לאָנדאָן און פלעגט אָפט קומען צו הילף די פאַרפאָלגטע אידן אין מִזרח־אייראָפּע.

אין פ ר אַ נ ק ר י י ך, וואו אידן זיינען פון לאַנג אָן געווען עמאַנ־ סיפּירט, האָבן זיי שוין געקענט זאָרגן וועגן דער באַפרייונג פון זייערע ברידער אין אַנדערע לענדער. דער פירער פון די פראַנצויזישע אידן, דער אַדוואָקאַט און פּאָרזיצער פון פּאַריזער אידישער קאָנסיסטאָריע, אַ ד אָ ל ף ק ר ע מ י ע, איז געווען צוויי מאָל יוסטיץ־מיניסטער אין דער פראַנצויזישער רעגירונג (אין די יאָרן 1848 און 1870). זיין גרויסן איינפלוס אין די פּאָליטישע קרייזן פלעגט ער באַנוצן, כדי צו פאַר־ טיידיקן אומעטום אידישע אינטערעסן. אין יאָר 1860 האָט קרעמיע מיט זיינע פריינד געגרינדעט אין פּאַריז דעם „אַלוועלטלעכן אידישן פאַרבאַנד" (אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל), וואָס האָט זיך געשטעלט אַזאַ ציל: פאַרהעלפן אידן אומעטום צו קריגן בירגער־רעכט און פאַר־ טיידיקן זיי אין יענע לענדער, וואו זיי ווערן פאַרפאָלגט.

צוערשט איז דער פּאַריזער „אַליאַנס" אויסגעקומען איינצושטעלן זיך פאַר דער אידישער באַפעלקערונג אין אַ ניי געבאָרענער מלוכה פון מִזרח־אייראָפּע, אין ר ו מ ע נ י ע, וואָס האָט זיך געשאַפן דורך דער פאַראייניקונג פון צוויי געוועזענע טערקישע פּראָווינצן, מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע (1859). דאָ האָבן געלעבט געדיכטע אידישע מאַסן, דאָס רוב אַנגעפאָרענע פון אוקראַינע און גאַליציע. זיי זיינען געווען פאַרשפּרייט אין שטעט און דערפער, האָבן געהאַנדלט דאָ מיט די פאַר־ שקלאַפטע פּויערים און האָבן אַרענדירט ערד ביי זייערע פּריצים, די רומענישע באָיאַרן. בירגערלעכע רעכט האָבן דאָ אידן ניט געהאַט, פּונקט אַזוי ווי אין דעם נאָענטן רוסלאַנד, און די הערשער פלעגן זיי אָפט פאַרפאָלגן. נאָך דער בילדונג פון דער פאַראייניקטער מלוכה האָט מען אָנגעהויבן שמועסן וועגן אַריינשטעלן אין דער קאָנסטיטוציע אַ פּונקט וועגן גלייכבאַרעכטיקונג. דער נייער פירשט פון רומעניע, קאַרל האָ־ הענצאָלערן, האָט זיך געוואַקלט צווישן צוויי פּאַרטייען — אידן־פיינד און אידן־פריינד. אין דעם טאָג, ווען מען האָט אין רומענישן פאַר־ לאַמענט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן עמאַנסיפּאַציע, האָט אין דער

הויפּטשטאָט בוקאַרעשט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם: מען האָט צעשטערט די נייע סינאַגאָגע און געשלאָגן אידן (יולי 1866). דאָסזעלבע האָט זיך פּאַסירט אין דער אידישער שטאָט יאַסי. קרעמיע איז גראָד אין יענע טעג געווען אין בוקאַרעשט און האָט געווירקט אויף דער רעגירונג, זי זאָל אָפּשטעלן די פּאָגראָמען. אָבער בירגער-רעכט האָבן אידן דאָך ניט באַקומען. די רדיפות אויף זיי האָבן זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. עס איז געקומען צו נאָך עטלעכע פּאָגראָמען אין פאַרשיידענע שטעט (1870—1873). די „אַליאַנס" האָט אויפגעהויבן אַ רעש; די דיפּלאָמאַטן פון פראַנקרייך און אַנדערע לענדער האָבן געפאָדערט פון דער רומענישער רעגירונג, זי זאָל שיצן אירע אידן. זי האָט אויס מורא דאָס געטאָן, אָבער פיינדשאַפט צו אידן האָט אין רומעניע ניט אויפגעהערט. די הערשער פון לאַנד האָבן זיך שטענדיק אומגעקוקט אויף דער שכנישער גרויסער אימפּעריע, רוסלאַנד, און האָבן נאָכגעמאַכט דער אידן-פיינדלעכער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג.

---

## 44. דער גרויסער אידישער צענטר אין רוסלאַנד

אין דער צייט, ווען אין דעם גרעסטן טייל לענדער פון מערב-אייראָפּע איז די אידישע עמאַנסיפּאַציע געווען פאַרבונדן מיט פּאָליטישע איבערקערענישן, איז רוסלאַנד זיך געגאַנגען מיט זיין אייגענעם וועג אין דער אידן-פראַגע. די גרויסע מלוכה, וואָס האָט הונדערטער יאָרן ניט געוואָלט הערן פון אידן, האָט מיטאַמאָל, סוף 18-טן און צום אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט, איינגעשלונגען די פּוילישע מדינות מיט העכער אַ מיליאָן אידן — און מען האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט אַזוי פיל מענטשן פון אַ גאָר פרעמדן פאָלק. צו בירגער-פרייהייט איז מען נאָך ווייט ניט געקומען אין דעם לאַנד פון צאַרישן דעספּאָטיזם און צענדליקער מיליאָנען פּויערים-קנעכט. די רעגירונג פון יעקאַטערינע II, וואָס האָט באַקומען פון פּוילן די ערשטע לענדער מיט אַ געדיכטער אידישער באַפעלקערונג (ווייסרוסלאַנד, ליטע און אוקראַינע), האָט אָפּגעצוימט די דאָזיקע לענדער פון טיף-רוסלאַנד, כדי אידן זאָלן ניט אַריינדרינגען חלילה אין מאָסקווע, פּעטערבורג און אַלע איבעריקע

„עכט־רוסישע" שטעט. אידן האָבן באַקומען דאָס רעכט פאַרשרייבן זיך ווי הענדלער און האַנטווערקער נאָר אין די שטעט, וואָס האָבן פריער געהערט צו פוילן; אין די אינעווייניקסטע גובערניעס פון רוס־





60־61. אמאָליקע אידישע טיפּן אין פּוילן

לאַנד האָבן זיי ניט געטאָרט וואוינען. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער אידישער „תּחום", דער וואוין־ראַיאָן, די „טשערטאַ אָסעדלאָסטי" (1772־1795).

אין די ערשטע יאָרן פון צאַר אַלעקסאַנדער I, ווען ער איז נאָך געווען אַביסל ליבעראַל, האָט די רוסישע רעגירונג געמאַכט אַ פּרוב פאַרבעסערן די לאַגע פון די אידישע מאַסן. דער „סטאַטוט וועגן אידן" פון יאָר 1804 האָט צעטיילט אידן אויף דריי קלאַסן: ערדאַרבעטער, פאַבריקאַנטן אָדער האַנטווערקער, הענדלער און קליינבירגער. ערד־אַרבעטער זיינען נאָך דענסטמאָל ביי אידן ניט געווען, און די רעגירונג האָט געוואָלט ערשט שאַפן אַזאַ קלאַס פון אידישע פּויערים: זי האָט צוגעזאָגט געבן זיי ערד אין דרום־רוסלאַנד, העלפן זיי באַזעצן זיך דאָרטן און גרינדן ערדאַרבעטער־קאָלאָניעס. זי האָט אָבער שטרענג פאַרבאָטן האַלטן שיינקן אין די דערפער און האָט אָנגעזאָגט, אַז אין עטלעכע

יאָר אַרום וועלן אידישע דאָרף־הענדלער און שיינקער מוזן אַריבער־פאָרן אין די שטעט. ווייטער האָט דער סטאַטוט געפאָדערט פון אידן, זיי זאָלן זיך לערנען אין רוסישע שולן און קענען די רוסישע שפּראַך. עטלעכע טויזנט אידן האָבן זיך אָפּגערופן אויף דעם רוף פון דער רע־גירונג צו ערדאַרבעט און האָבן געגרינדעט די ערשטע קאָלאָניעס אין די סטעפּעס פון דרום־רוסלאַנד, אין די גובערניעס כערסאָן און יעקאַטע־רינאָסלאַוו (1808—1810); אָבער די קאָלאָניסטן האָבן שטאַרק געליטן ביז וואַנען זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט אין די ווילדע סטעפּעס, אָפּט אָן הייזער און אָן וואַסער. דאָס האָט אויף אַ צייט אָפּגעשלאָגן ביי אידן דעם חשק צו ווייטערער קאָלאָניזאַציע. די גרויסע מאַסן זיינען געבליבן ביי זייערע האַנדל־געשעפטן אין די שטעט און דערפער. אָבער פון די דערפער האָט מען זיי אָנגעהויבן טרייבן, און די שטעט זיינען געוואָרן פול מיט אידן אָן פּרנסה. דאָס וואָלט געבראַכט צו אַ קאַטאַסטראָפע, ווען די רעגירונג וואָלט ניט אָפּגעשטעלט דעם גירוש פון די דערפער, בשעת זי האָט דערהערט, אַז נאַפּאָלעאָנס אַרמיי גייט אויף רוס־לאַנד (1812).

אויף דער פאָדערונג אָפּצוגעבן זייערע קינדער אין די רוסישע שולן האָבן זיך די אידן גאָרניט אָפּגערופן. אין יענער צייט זיינען זיי נאָך געווען פרעמד דעם רוסישן פאָלק און האָבן איבערהויפּט ניט געוואָלט קיין אַלגעמיינע בילדונג. פאַר אידישע קינדער זיינען געווען גענוג חדרים און ישיבות. חסידים און מתנגדים האָבן נאָך אַ לאַנגן קריג צווישן זיך געמאַכט יד אחת קעגן דער „אויפקלערונג“, דער „השכלה“, וואָס איז קוים אַריינגעדרונגען פון אויסלאַנד, פון די „בערלינער קרייזן“.

אַלעקסאַנדערס נאָכפאָלגער, דער דעספּאָטישער צאַר ניקאָלאַי I, האָט באַשלאָסן אַריינפירן די דאָזיקע פאַרשלאָסענע מאַסע אין רוסישן לעבן מיט געוואַלט, דורך שווערן מיליטער־דינסט. ביז יענער צייט זיינען די אידן געווען פריי פון דינען אין מיליטער און האָבן דער־פאַר געצאָלט אַ באַזונדער שטייער. ניקאָלאַי האָט אָבער אין זיין „אוקאַז“ (דעקרעט) פון יאָר 1827 געהייסן, מען זאָל אָפּגעבן אידישע יונגעלייט פאַר סאָלדאַטן אויף 25 יאָר; ווען עס וועלן אויספעלן יונגעלייט, זאָל מען נעמען אינגלעך פון 12 יאָר און פיל אינגער, אַוועקגעבן זיי אין באַ־

טאַליאָנען פאַר „קאַנטאָניסטן" (סאָלדאַטישע קינדער) און צוגרייטן זיי דאָרטן צום מיליטער־דינסט. דער „אוקאַז" האָט אַרויסגערופן אַ שרעק אין אַלע אידישע קהילות, און נאָך שרעקלעכער איז געווען צו זען, ווי ער ווערט אויסגעפירט. אידישע יונגעלייט, וואָס האָבן אָפּט געהאַט אַ ווייב מיט קינדער, פלעגן זיך צעלויפן אין וועלדער אָדער ווייטע שטעט צו באַהאַלטן זיך פון די „כאַפּערס", וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך זיי; מען פלעגט זיי כאַפּן, שמידן אין קייטן און אָפּגעבן אין די שטראָף־באַטאַליאָנען. קליינע אינגלעך פון אָרימע פאַמיליעס פלעגט מען אָפּנעמען בײַ די עלטערן און פאַרשיקן זיי אין די ווייטע רוסישע גובערניעס, וואו עס זיינען גאָר קיין אידן ניט געווען; דאָרטן האָט מען זיי צוגעגרייט ניט אַזוי צום מיליטער־דינסט, ווי צום שמד. מען האָט די קינדער געפייניקט ביז זיי פלעגן זיך לאָזן טויפן, דאַן פלעגט מען זיי אָפּגעבן אין רוסישע הייזער און זיי האָבן שוין ניט געטאָרט זיך אומקערן צו זייערע עלטערן. דאָס פאָלקס־ליד פון יענער צייט האָט געקלאָגט:

אַב הָרַחֲמִים שוֹכֵן מְרוֹמִים, דו ביסט אַ פאָטער פאַר אַלע יתומים!...

קליינע עופעלעך רייסט מען פון חדר, מען טוט זיי אָן יוָנישע קליידער...

לאָמיר וויינען, לאָמיר שרייַען צו דעם קייסער ניקאָלאַיען!

עס זיינען אַריבער יאָרן, און ניקאָלאַיס רעגירונג האָט דערזעען, אַז אפילו דורך דער סאָלדאַטישער קאַזאַרמע ווערט מען אַלע אידן ניט אָפּשמַדן. האָט זי צוגעטראַכט אַן אַנדער מיטל: דערגרייכן דאָסזעלבע דורך רוסישע שולן. דער בילדונגס־מיניסטער אוּוואַראָוו האָט געוואוסט, אַז אין דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער פון מַערב־אייראָפּע אַסימילירן זיך געבילדעטע אידן מיט קריסטן און גייען אָפּט אַריבער צום קריסטנטום; האָט ער פאָרגעלייגט ניקאָלאַיען, אַז מען זאָל אומעטום עפענען רוסישע שולן פאַר אידישע קינדער, כדי אָפּציען זיי פון די חדרים און ישיבות. אַזוי האָט מען געמאַכט. מען האָט געגרינדעט אין פאַרשיידענע שטעט רעגירונגס־שולן פאַר אידן און צוויי „ראַבינער־שולן" אין ווילנע און זשיטאָמיר אויף צוגרייטן לערער און אָפיציעלע רַבָּנים, וואָס זאָלן זיין ווי באַאַמטע פון דער רעגירונג אין די קהילות

(1844). די אידן, וואָס זיינען געווען אָנגעשראָקן פון ניקאָלאַיס שמד־סיסטעם, האָבן אין די ערשטע יאָרן מורא געהאַט שיקן זייערע קינדער אין די נייע שולן, אָבער דאָ איז געקומען צו הילף די „השכּלה“־באַוועגונג, וואָס איז אַריינגעדרונגען פון אויסלאַנד. מען האָט אין געוויסע קרייזן פון דער אידישער געזעלשאַפט אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז מיט דער „בילדונג“ פון חדר און ישיבה קען מען היינטיקע צייטן נים אויסקומען און מען מוז שאַפן אַ מאָדערנע שול פאַר אידישע קינדער.

דער פאָטער פון דער השכּלה אין רוסלאַנד איז געווען יצחק־בער לעווינזאָן (ריב״ל) פון קרעמענעץ, אין וואָלין. אין זיין העבּרעאישן בוך „תעודה בישראל“ (1828) האָט ער אָנגעוויזן אויף די



62. יצחק־בער לעווינזאָן (ריב״ל)

מיאוסע פעלערן פון דער אַלטער ערציאונג און האָט געפאָדערט, מען זאָל לערנען חוץ תנ״ך און גמרא אויך אַלגעמיינע וויסנשאַפטן און פרעמדע שפּראַכן, באַזונדערס די מלוכה־שפּראַך. די וואָלינער חסידים האָבן לעווינזאָנען פאַרשריען אַלס אַן אפּיקורס, אָבער ער האָט געטאָן זיינס און האָט געשריבן נאָך בּיכער אין דעמזעלביקן גייסט. נאָך אים

זיינען געקומען שרייבער, וואָס האָבן זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל: אויפֿלעבן אין דער נייער ליטעראַטור די העברעאישע שפּראַך אין איר ביבלישער פֿאָרם, אָנשטאָט דעם פֿאַרדאָרבענעם רַבָּנישן סטיל, און געבן איר אַ נייעם אינהאַלט. דער ווילנער דיכטער אַברהם־בער לעבענזאָן (אָדָם הַכּוֹהן) האָט אין זיינע „שירי שפַת־קודש“ (1842) אויפֿגעלעבט די קלאַסישע העברעאישע פּאָעזיע; זיין זון מיכָה־יוסף, וואָס איז גאָר יונג געשטאָרבן (1852), איז געווען דער בעסטער ליריקער אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור („שירי בַּת־ציון“). אַברהם מאַפּו פֿון קאָוונע האָט געשריבן אין דעם לשון פֿון ישַׁעיה הנביא שיינע היסטאָרישע ראָמאַנען („אַהבַת־ציון“, „אַשמַת־שומרון“), וועלכע מען האָט געלייענט מיט באַגייסטערונג. די ווילנער שרייבער מרדכַי אַהרון גינצבורג און קַלמן שולמאַן האָבן איבערגעזעצט פּראָזאַישע ווערק פֿון דייטש אויף העברעאיש. דאָס אַלץ האָט געוועקט אין דעם יונגן דור נייע געדאַנקען און האָט צוגעגרייט אַ ווייטערע אַנטוויקלונג אין דעם מאָדערנעם גייסט.

נאָך ניקאָלאַיס טויט איז אָנגעקומען די „רעפֿאָרם־צייט“ פֿון אַלעקסאַנדער II. דער נייער קיסר האָט אָפּגעשאַפֿט די קנעכטשאַפֿט פֿון די רוסישע פּויערים (1861) און אַביסל רעפֿאָרמירט די מלוכה־פֿאַרוואַלטונג אויפֿן אייראָפּעאישן שטייגער. אויך אין אידישן לעבן האָט די רעגירונג אָפּגעשאַפֿט די שווערסטע גזירות פֿון ניקאָלאַיס צייט: מען האָט אויפֿגעהערט אָפּגעבן קליינע אינגלעך פֿאַר סאָלדאַטן, מען האָט ערלויבט אידישע גרויסהענדלער וואוינען אין פּעטערבורג, מאָסקווע און אַנדערע שטעט פֿון גרויס רוסלאַנד, וואָס זיינען געווען פֿאַרשלאָסן פֿאַר די מאַסן פֿון „תחום“, דעם אידישן וואוין־ראַיאָן. אַזאַ פּריווילעגיע האָבן באַקומען אויך די אידישע דאָקטוירים, יוריסטן, אינזשענערן און אַלע, וואָס האָבן געענדיקט זייער שטודיום אין אַ רוסישער הויכשול. שפּעטער האָט מען ערלויבט אויך האַנטווערקער וואוינען אומעטום. דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דער אידישער יוגנט. אַ שטרעבונג צו אייראָפּעאישער בילדונג, צו באַפֿרייען זיך פֿון דעם אַלטן רַבָּניש־חַסידישן גייסטיקן יאָך האָט זיך דאָ פֿאַראייניקט מיט דעם ווילן אַרויסרייסן זיך פֿון דעם ענגן אידישן „תחום“, פֿון די נידעריקע האַנדל־פּרנסות, און פֿאַרנעמען זיך מיט פֿרייע פּראָפֿעסיעס,

גלייך מיט דער רוסישער אינטעליגענץ. עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן טויזנטער אידישע תּלמידים אין די רוסישע גימנאַזיעס און אוניווער־סיטעטן; קלאַנגען פון דער רוסישער שפּראַך האָבן זיך געהערט אין יענע הייזער, וואו פריער האָט מען גערעדט נאָר אידיש; רוסישע ליטעראַטור האָט פאַרנומען אַן אָרט לעבן דער ניי־העברעאישער. אין איין יאָר (1860) האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין דריי וואָכנבלעטער: דער רוסישער „ראַזסוועט" (מאָרגנשיין), דער העברעאישער „הַמֵּלִיץ" אין אָדעס, און דער העברעאישער „הַכַּרְמֶל" אין ווילנע. אין פּעטערבורג האָט זיך געגרינדעט די „חֶברה מפיצי הַשׂכָּלָה", אַ געזעלשאַפט צו פאַר־שפּרייטן בילדונג דורך ביידע שפּראַכן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רוסיפיקאַציע פון דער נייער אידישער אינטעליגענץ, אַזוי ווי די רעגירונג האָט דאָס געוואָלט. דיזעלביקע אַסימילאַציע, וואָס האָט שוין לאַנג געהערשט אין מַערב־אייראָפּע, האָט זיך אין רוסלאַנד דערווייל פאַרשפּרייט נאָר אין די העכערע קרייזן פון דער געזעלשאַפט.

אַ פרייער גייסט האָט געשוועבט אין דער ליטעראַטור. דער העב־רעאישער דיכטער יהודה־ליב גאָרדאָן האָט אין זיינע שירים („שירי־יהודה", 1868) גערופן צום קאַמף קעגן דעם אַלטן פאַר־שטיינערטן רַבּיניזם און אין זיין פּראָזע („עולם כּמנהגו") האָט ער אויס־געלאַכט דעם חסידישן גלויבן אין די רַבּיים. משה־ליב ליליענ־בלום האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן רעליגיעזער רעפאָרם און האָט דערציילט וועגן די צָרוֹת, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פון די רַבָּנישע פאַנאַטיקער („חַטאוֹת נעוּרים", 1876). פּרץ סמאָלענסקין האָט אין ווין אַרויסגעגעבן פאַר די משׂכּילים אין רוסלאַנד אַ חודש־שריפט „הַשַּׁחַר" (1869—1881), וואו ער און זיינע מיטאַרבעטער האָבן גע־פּרעדיקט אייראָפּעאישע בילדונג און קאַמף קעגן קלעריקאַליזם, קעגן די „כּלי־קודש", אָבער אויך קעגן עקסטרעמער אַסימילאַציע. אין סמאָלענסקינס ראָמאַן „הַתּוֹעה בּדַרְכֵי הַחַיִּים" ווערן געשילדערט די בלאָנדזשענישן פון דעם יונגן דור צווישן דעם אַלטן און דעם נייעם לעבן־סֵדר. דאָסזעלבע האָבן באַשריבן אין אַן אַסימילאַטאָרישן גייסט ליב לעוואַנדאַ און גריגאָרי באָגראָוו, וואָס האָבן געשריבן זייערע דערציילונגען אין רוסיש („די הייסע צייט", 1872; „די כּתָבים פון אַ אידן", 1873).

אויך אין דער אָרימער ליטעראַטור אויף אידיש האָט אַ בּלאָז געטאָן אַ פריש ווינטל. פריער האָבּן נאָר איינצלנע מַשכּילים געשריבּן אין דער פאָלק־שפּראַך. אייזיק מאיר דיק פון ווילנע און ישראל אַקסענפעלד פון אָדעס האָבּן אין זייערע דערציילונגען און דראַמעס אַרויסגעשטעלט טרויעריקע אָדער לעכערלעכע בּילדער פונם אַלטן שטייגער (דיקס „דער פּרוש פון בּערדיטשעוו“ און פיל אַנדערע דער־ציילונגען; אַקסענפעלדס „דער ערשטער רעקרוט“). שפּעטער האָט די רעדאַקציע פון „המליץ“ אין אָדעס אָנגעהויבּן אַרויסגעבּן אַ וואָכנבּלאַט אויף אידיש „קול מבשר“ (1862—1871) מיט אַ פּראָגרעסיווער, מַשכּילישער ריכטונג. דאָ האָט אָנגעהויבּן דרוקן זיינע אויסגעצייכנטע ווערק אין אידיש דער העבּרעאישער שרייבּער שלום יעקוב אַבּראַמאָוויטש, וואָס האָט זיך געגעבּן אַ נאָמען „מענדעלע מוכר ספרים“. אין זיין סאַטירישער דראַמע „די טאַקסע“ (1869) און אין דער שיינער אַלעגאָרישער דערציילונג „די קליאַטשע“ (1873) שילדערט ער די תּקיפים אין די קהילות, וואָס פירן פאַרן נאָז די פאַרנאַרטע מאַסע, און בּכלל די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס אונטערדריקן די שוואַכערע. מענ־דעלע איז געווען דער בּאַגרינדער פון דער נייער ליטעראַטור אין דער לעבּעדיקער פאָלק־שפּראַך, וואָס האָט פריער געהייסן „זשאַרגאָן“ און איז שפּעטער אויסגעוואַקסן צו אַ ריינער מאָדערנער שפּראַך — אידיש.

---

## 45. אַנטיסעמיטיזם אין מַערב־אייראָפּע און פּאָגראָמען אין רוסלאַנד (1881—1903)

ווען עס זיינען אַריבּער כּמעט הונדערט יאָר נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט פּראָקלאַמירט „פרייהייט, גלייכהייט און בּרידערלעכקייט“, האָט מען געקענט מיינען, אַז די אידישע עמאַנסיפּאַציע איז שוין דערגרייכט געוואָרן אין מַערב־אייראָפּע און וועט אינגיכן דערגרייכט ווערן אויך אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער פון מזרח־אייראָפּע. אָבּער די ווירקלעכקייט האָט בּאַוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ פאַלשע האָפענונג. גראָד ווייל די עמאַנסיפּאַציע איז שוין געווען אין גאַנג, האָט אויפגעוואַכט די אַלטע שינאָה צום אידן,

נאָר אין אַ נייער פֿאָרם. אין אַ גרויסן טייל פֿון דער קריסטלעכער געזעלשאַפֿט האָט מען אַזוי געטראַכט: דער איד, וואָס איז פֿריער געווען אָפּגעזונדערט פֿון אונז און פֿאַראַכטעט, דרינגט איצטער אַריין אין אונזער געזעלשאַפֿט ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער; מיט זיין פֿרייהייט האָט ער זיך באַנוצט, כּדי רייך צו ווערן, שאַפֿן גרויסע האַנדל־פֿירמעס און באַנקן, אָבער ער באַנוגנט זיך ניט דערמיט: ער וויל אויך ווערן אַ מלוכה־באַאַמטער, אַן אַרצט, אַ פּראָפֿעסאָר, אַן אַדוואָקאַט, אַן אינזשענער, אַ שריפֿטשטעלער אָדער זשורנאַליסט, און פֿאַרנעמט אין די פֿרייע, איידעלע פּראָפֿעסיעס אַזעלכע שטעלעס, וואָס אונזערע קריסטן וואָלטן געקענט פֿאַרנעמען; אין דער זשורנאַליסטיק האָבן באַגאַבטע אידישע שרייבער אַ גרויסע השפּעה און קענען אַראָפּפֿירן פֿון וועג דעם קריסטלעכן לייענער פֿון זייערע ליבעראַלע אָדער ראַדיקאַלע צייטונגען; דער געבילדעטער איד וויל זיך אַסימילירן מיט אונז, ער זעט אויס ווי אַ דייטש, אַ פֿראַנצויז, אַ רוס, אָבער אין תּוך איז ער דאָך אונז פֿרעמד, ניט נאָר לויט זיין אֱמונה: אונז, די אייראָפּייער, איז פֿרעמד זיין ראַסע, זיין אָפּשטאַמונג פֿון די אַזיאַטישע סעמיטישע פֿעלקער, זיין כאַראַקטער, און מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט קענען צונויפֿלעבן מיט אים. אַזוי איז אין דייטשלאַנד, אַרום יאָר 1880, אויפֿגעקומען די נייע אַרט אידן־פֿיינדשאַפֿט—דער אַ נ ט י ס ע מ י ט י ז ם.

די ערשטע פֿירער פֿון די אַנטיסעמיטן זיינען געווען דער זשורנאַליסט מ אַ ר ר, דער בערלינער פּאַסטאָר ביים קייזערלעכן הויף ש ט ע ק ע ר, דער פּרייסישער היסטאָריקער ט ר יי ט ש ק ע און דער בלינדער פֿילאָזאָף ד י ו ר י נ ג. עס האָט זיך געגרינדעט אַן „אַנטיסעמיטישע ליגע“; אין בערלין האָט מען אין פֿאַרזאַמלונגען געהאַלטן פֿייערדיקע רעדעס וועגן דער „אידישער סכּנה“; מען האָט געזאַמלט טויזנטער אונטערשריפֿטן פֿאַר אַ פּעטיציע צום רייכסקאַנצלער ביסמאַרק מיט אַזעלכע פֿאָדערונגען: מען זאָל ניט אַריינלאָזן אין דייטשלאַנד אידן פֿון פֿרעמדע לענדער, מען זאָל ניט צולאָזן אידן צו מלוכה־דינסט, באַזונדערס צו שטעלעס פֿון לערער אין די שולן. די ליבעראַלע דעפּוטאַטן אין פּרייסישן פּאַרלאַמענט האָבן אין זייערע רעדעס שאַרף פּראָטעסטירט קעגן אַזוינע פֿאָדערונגען; דאָסזעלבע האָבן געטאָן די בעסטע געלערנטע פֿון דייטשלאַנד אין זייער אויפֿרוף (1880). דער

קאַנצלער ביסמאַרק האָט אויף דער אַנטיסעמיטישער פּעטיציע קיין אָפענע תּשובה ניט געגעבן, אָבער די רעגירונג האָט שטילערהייט געטאָן דאָס, וואָס די אַנטיסעמיטן האָבן געפאָדערט: זעלטן ווען מען האָט געגעבן אידן אַ שטעלע אין אַ מלוכה־אַמט, באַרימטסטע אידישע געלערנטע פלעגן זעלטן באַקומען אַ פּראָפעסור אין די הויכשולן; אָנגעקומענע פון רוסלאַנד און פּוילן פלעגט מען ניט אַריינלאָזן. די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג האָט זיך אַליין פאַרשטאַרקט; אין רייכסטאַג פלעגן די אַנטיסעמיטישע דעפּוטאַטן שטענדיק העצן קעגן אידן אין זייערע רעדעס. עס איז געקומען דערצו, אַז אין דעם „אויפגעקלערטן" דייטשלאַנד האָט מען ווידער באַנייט דעם מיטלאַלטערלעכן עלילת־דם און געמאַכט אַ פּאָר פּראָצעסן וועגן אידישן „ריטואַל־מאָרד" (אין קסאַנטען 1892, אין קאָניץ 1900). די שטימונג ביי אידן איז געפאַלן.

נאָך ערגער איז געווען אין עסטרייך. דאָ האָט זיך די מגפה פון אַנטיסעמיטיזם פאַרשפּרייט אין אַלע פּראָווינצן: עס זיינען געווען דייטשע אַנטיסעמיטן אין ווין, פּוילישע אין גאַליציע, אונגאַרישע אין אונגאַרן. אַ קאַטוילישער פּראָפעסאָר ראָלינג האָט אָפּגעדרוקט אַ גיפטיק בוך: „דער תּלמוד־יודע", וואו ער האָט, אַזוי ווי די גלחים אין מיטלאַלטער, געוואָלט באַווייזן, אַז דער תּלמוד הייסט פיינט האָבן קריסטן און אָנטאָן זיי אַלערליי צרות. דער אידישער דעפּוטאַט פון רייכסראַט, דאָקטאָר יוסף בלאָך, האָט צוגעצויגן ראָלינגן צום געריכט און האָט באַוויזן, אַז יענער פאַרשטייט גאָרניט אין תּלמוד און האָט געבראַכט פון דאָרטן פאַלשע ציטאַטן (1882). דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן, און אין דערזעלביקער צייט האָבן די אַנטיסעמיטן געמאַכט אַ פּראָצעס פון עלילת־דם אין אונגאַרן, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע וועלט. אין דעם שטעטל טיסאַ־עסלאַר איז פאַרפאַלן געוואָרן אַ קריסטלעכע דינסטמיידל, און מען האָט געלאָזט אַ קלאַנג, אַז די אָרטיקע אידן האָבן זי געקוילעט צו זייער פּסח. מען האָט איינגערעדט אַ קליין אינגעלע, דעם זון פון אַ אידישן שמש, ער זאָל אויסזאָגן אין געריכט, אַז ער האָט געזען דורך אַ טיר־שפּאַלט אין דער סינאַגאָגע, ווי זיין פאָטער און נאָך אידן האָבן דאָרטן געקוילעט דאָס מיידל. אין לאַנד איז געוואָרן אומרואיק. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פּאָגראָמען אין עטלעכע שטעט, אָבער די אונגאַרישע רעגירונג האָט ניט דערלאָזט

צו ווייטערע אָנפאַלן אויף אידן. נאָך אַ לאַנגן פּראָצעס האָט דאָס געריכט געפונען, אַז אַלע פאַרקלאָגטע אידן זיינען ניט שולדיק, און האָט זיי באַפרייט פון תּפיסה (1884). אין אונגאַרן איז געוואָרן רו־איקער, אָבער אין דער הויפּטשטאָט פון עסטרייך, ווין, האָבן זיך די אַנטיסעמיטן אַזוי פאַרשטאַרקט, אַז זיי האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַכט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און האָבן אויסגעווײלט פאַר אַ בירגערמייסטער דעם בייזן ‏אידן־פיינד לועגער, וואָס האָט אָנגעטאָן אַ סך צָרות די ווינער אידן (1896).

אויף אַ קורצער צייט איז אויך פראַנקרייך פאַרקראָכן אין דעם אַנטיסעמיטישן זומפּ. דאָ האָט געפירט אַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע דער זשורנאַליסט דריומאָן, דער מחבר פון אַ ליגנערישן בוך „דאָס אידישע פראַנקרייך“ (1886). זיין אַגיטאַציע האָט געהאַט ערפאָלג אין די רעאַקציאָנערע מיליטערישע קרייזן, וואָס האָבן שטענדיק געטראַכט וועגן אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד. אין די דאָזיקע קרייזן איז אַריינגעפאַלן אַ אידישער אָפיצער, קאַפּיטאַן דרייפוס, וואָס האָט געדינט אין גענעראַל־שטאַב פון קריגס־מיניסטעריום. איינ־מאָל האָט מען אַנטדעקט, אַז פון דעם גענעראַל־שטאַב האָט עמיץ איבערגעגעבן אַ דייטשן אַגענט געהיימע מיליטערישע פּלענער, וואָס קאָנען שאָדן פראַנקרייך. באַלד האָט מען חושד געווען אין דעם פאַרראַט דעם איינציקן אידן אין גענעראַל־שטאַב, דרייפוסן, וואָס איז געווען אינגאַנצן אומשולדיק. מען האָט אים תּיכף געמשפּט אין אַ קריגס־געריכט און פאַרשיקט אויף אַ ווילדן אינזל („טײַוולס אינזל“) אין דרום־אַמעריקע (1894). עס זיינען אָבער געווען מענטשן, און צווישן זיי די בעסטע פון פראַנקרייך, ווי דער באַרימטער שרייבער זאָלאַ, וואָס האָבן זיך דערוואוסט, אַז די אַנטיסעמיטישע אָפיצערן פון גענעראַל־שטאַב האָבן געפעלשט דאָקומענטן, כּדי צו מאַכן אַ בילבול אויף דעם אידישן קאַפּיטאַן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער פּרעסע און אין פּאַרלאַמענט אַ קאַמף פאַר איבערקוקן דרייפוסעס פּראָצעס אין אַ נייעם געריכט. עטלעכע יאָר האָט געדויערט דער קאַמף, מען האָט געמוזט דרייפוסן ברענגען קיין פּאַריז צוריק פון דעם „טײַוולס אינזל“, און ענדלעך האָט מען אויסגעפונען, אַז ער איז געווען אינגאַנצן אומ־שולדיק, און שולדיק אין אַלץ זיינען די אַנטיסעמיטן פון גענעראַל־שטאַב

(1903). נאָך דער מעשה האָט די אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי פֿאַרלאָרן איר איינפלוס אין פראַנקרייך, און די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך געקענט באַרואיקן.

די פאַרשלעפּטע קריינק פון אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעמאַכט די גרעסטע צָרות אין דעם פיר־מיליאָניקן אידישן צענטער אין ר ו ס ל אַ נ ד. דאָ האָט זי געבראַכט, באַזונדערס אין דרום־טייל פון לאַנד, אין אוקראַינע, צו מאַסן־פּאָגראָמען, אַזוי ווי אין די אַלטע צייטן פון כמעלניצקי און גאָנטע. אין יאָר 1881 האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבן יענע פּאָליטישע רעאַקציע, וואָס האָט זיך געצויגן צענדליקער יאָרן ביז דער וועלט־מלחמה. דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָבן רעוואָ־לוציאָנערן געהרגעט, מיט דער האָפענונג, אַז דערמיט וועט רוסלאַנד באַפרייט ווערן פון דער צאַרישער אַליינהערשאַפט, אָבער עס איז אויס־געקומען גאָר אַנדערש. דער זון פונם געטויטן, אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ד ע ר ד ר י ט ע ר, האָט אָפּגעשאַפט די קליינע פּאָליטישע רעפאָרמעס פון זיין פאָטער און האָט איינגעפירט אַ דעספּאָטישן רעזשים, פון וועלכן עס האָבן באַזונדערס געליטן די אידישע מאַסן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן עכט־רוסישן הערשער און האָט געמיינט, אַז דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק האָט פיינט אידן, ווייל אין די ערשטע יאָרן פון זיין הערשאַפט זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד. באַלד נאָכן טויט פון אַלעקסאַנדער II האָט מען פונאַנדערגעלאָזן קלאַנגען, אַז דעם גוטן צאַר האָבן געהרגעט אידן און זיין זון האָט ערלויבט זיי צו שלאָגן. אין אַפּריל און מאַי 1881 האָבן גרויסע באַנדעס אוקראַינער און „קאַצאַפּן" (אָנגעפאָרענע אַרבעטער פון גרויס־רוסלאַנד) געמאַכט אַ רייע פּאָגראָמען אין די שטעט יעליסאַוועטגראַד, קיעוו, אָדעס און אין אַ סך קלענערע שטעט און דערפער: מען האָט חָרוב געמאַכט אידישע הייזער, צערויבט אידישן פאַרמעגן און אין עטלעכע ערטער אויך געהרגעט מענטשן. די רוסישע אַדמיניסטראַציע האָט זעלטן אָנגענומען מיטלען קעגן די ווילדע פּאָגראָמשטשיקעס: דער קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דער שׂונא ישׂראל דרענטעלן, האָט רואיק צוגעזען, ווי צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָבן די באַנדעס געווילדעוועט אין קיעוו. אין יאָר 1882 זיינען ווידער פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין באַלטע און נאָך עטלעכע שטעט. די אַלגעמיינע צאָל פּאָגראָמען אין יענע יאָרן איז דערגאַנגען

ביז 150. ערשט אין מאַי 1882 האָט די פּעטערבורגער רעגירונג באַשלאָסן, אַז מען קען שוין ווייטער ניט דערלאָזן „אומאָרדענונגען", און האָט אָנגעזאָגט, אַז זי וועט שטרענג באַשטראָפן פאַר געוואַלד־מעשׂים, אָבער זי וועט אויפן געזעצלעכן וועג מאַכן אַזוי, אַז אידן זאָלן זיך ניט צו פיל פאַרשטאַרקן אין רוסלאַנד.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סֶדרה שווערע גזירות. מען האָט פאַר־באָטן אידן באַזעצן זיך אין דערפער און בכלל אויף יעדן שטיקל ערד אויסער די שטעט (די „מאַי־געזעצן" פון 1882). אין די שטעט אָבער האָט מען געלאָזט וואוינען נאָר אין די מַערב־געגנטן, אין דער „טשערטאַ", און מען האָט געקוקט מיט זיבן אויגן, אַז אַ איד זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן אין די „רוסישע גובערניעס". מען האָט געטריבן אידן פון פּעטערבורג, מאָסקווע און נאָך שטעט, וואו עס האָבן געהאַט „וואוינרעכט" נאָר פּריווילעגירטע גרופּעס גרויסהענדלער, דיפּלאָמירטע און האַנטווערק־מייסטערס. אין יאָר 1891 האָט אַלעקסאַנדער III גע־הייסן „אָפּרייניקן" מאָסקווע פון אידן: מען האָט פאַרטריבן טויזנטער מִשפּחות און געלאָזן נאָר די מיוחָסים מיט גרויסהענדלער־פּאַטענטן און מיט אוניווערזיטעט־דיפּלאָמען. כּדי עס זאָל זיך ניט פאַרגרעסערן די צאָל דיפּלאָמירטע, האָט מען געשאַפן אַ „פּראָצענט־נאָרמע" פאַר אידישע קינדער אין מיטל־ און הויכשולן: אין גימנאַזיעס און אוניווער־זיטעטן פלעגט מען צולאָזן ניט מער ווי צען פּראָצענט אידישע תּלמידים. די, וואָס האָבן שוין מיט צָרות געענדיקט אַ הויכשול, פלעגט מען ניט צולאָזן צו אַדוואָקאַטור און צו קיין מלוכה־דינסט.

אַזוי האָט זיך אויך געפירט די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם צווייטן (1894 און ווייטער). מען האָט אָפּגענומען ביי אידן אַלטע פּרנסות (דורך מאָנאָפּאָל פון וויין־האַנדל און שענקערייִ) און ניט צו־געלאָזט צו נייע, אַפילו צו ערדאַרבעט, ווייל זיי האָבן ניט געטאָרט וואוינען אין די דערפער. וואו עס איז נאָר געווען מעגלעך האָט מען דעם אידן געדריקט, פאַרפאָלגט, דערנידעריקט. רוסישע אידן האָבן אין די טויזנטער פאַרלאָזט דאָס לאַנד און זיך געלאָזט לויפן אין אַלע עקן פון דער וועלט. שוין באַלד נאָך די ערשטע פּאָגראָמען אין יאָר 1881—1882 האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע עמיגראַציע קיין אַמעריקע און פּאַלעסטינע.

## 46. די גרויסע עמיגראַציע: אַמעריקע און פּאַלעסטינע

צוויי וועגן האָבן זיך געעפֿנט פֿאַר די עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד: אַ ברייטער וועג קיין אַמעריקע און אַ שמאָלער — קיין ארץ־ישׂראל.

אין אַמעריקע האָבן אידן געלעבט כּמעט זינט מען האָט די דאָזיקע נייע וועלט אַנטדעקט. מען זאָגט, אַז עטלעכע שפּאַנישע מאַראַנען האָבן באַגלייט קאָלומבוסן אויף זיין וועג קיין אַמעריקע אין דעם יאָר פֿון גירוש ספרד (1492). פֿריער פֿלעגן זיך ספֿרדישע אידן אָדער מאַראַנען באַזעצן אין מיטל־ און דרום־אַמעריקע: אין מעקסיקע, פּערו, בראַזיליע. נאָך די מאַראַנען האָט זיך געיאָגט די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אינקוויזיציע און האָט זיי דאָ געבּרענט; זיינען זיי זיך צעלאָפֿן אין די האָלענדישע און ענגלישע לענדער פֿון צפֿון־אַמעריקע, וואו זיי האָבן זיך געקאָנט פֿריי אומקערן צום אידנטום. אין 17־טן יאָרהונדערט איז שוין געווען אַ אידישע קאָלאָניע אין דער שטאָט ניי־אַמסטערדאַם, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען ניו־יאָרק; שפּעטער האָבן ספֿרדים זיך באַזעצט אויך אין אַנדערע שטעט פֿון צפֿון־אַמעריקע, און ווען עס האָט זיך אין 18־טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן דער קריג פֿאַר אומאָפּהענגיקייט קעגן ענגלאַנד (1775), איז שוין דאָרטן געווען אויך אַ גרופּע אַשכּנזים פֿון דייטשלאַנד און פּוילן. אידישע באַנקירן האָבן געהאָלפֿן דעם באַפֿרייער פֿון אַמעריקע וואַשינגטאָן מיט גרויסע קרע־דיטן. ווען די ערשטע דרייצן שטאַטן פֿון צפֿון־אַמעריקע האָבן זיך פֿאַראייניקט אונטער וואַשינגטאָנס פֿירונג און האָבן אַרויסגעלאָזט זייער באַרימטע „דעקלאַראַציע" (1776), איז דאָרטן געשטאַנען אַ פּונקט, וואָס האָט געזיכערט גלייכע רעכט אַלע בירגער אָן אונטערשייד פֿון גלויבן און פֿאָלק: „ביי קיין מענטשן, וואָס גלויבט, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, טאָר מען ניט אָפּנעמען זיינע בירגערלעכע רעכט". אַזוי האָט די נייע אַמעריקאַנער מלוכה, די רעפּובליק פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, פּראָקלאַמירט אויך די אידישע עמאַנסיפּאַציע נאָך מיט 15 יאָר פֿריער איידער די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע.

אין משך פֿון 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די איינ־וואַנדערונג פֿון אַשכּנזים אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אידישע סוחרים פֿון דייטשלאַנד און עסטרייך האָבן אין אַמעריקע געמאַכט גוטע גע־

שעפטן און זיינען רייך געוואָרן. נאָך זיי זיינען געקומען פּוילישע און רוסישע אידן, אָבער ניט אין אַ גרויסער צאָל. אינגאַנצן איז געווען אין אַמעריקע אין יאָר 1880 ניט מער ווי אַ פערטל מיליאָן אידן. אַ גרויסע מאַסן־איינוואַנדערונג האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין די יאָרן 1881 און 1882, נאָך די ערשטע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. טויזנטער אידישע מִשפּחות פון מִזרח־אייראָפּע — פון רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע, רומעניע — האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַמעריקע, און פון יאָר צו יאָר איז דער שטראָם פון עמיגראַציע געוואָרן אַלץ שטאַרקער. פריער פלעגן עמיגרירן פון אַלע יענע לענדער ביז דרייסיק טויזנט אידן אַ יאָר, שפּעטער איז אָפט דערגאַנגען ביז הונדערט טויזנט יערלעך. אַזוי איז אין מֶשך פון 35 יאָר, ביז דער וועלט־מִלחמה, אויסגעוואַקסן אין צָפון־אַמעריקע איינער פון די גרעסטע אידישע צענטערן — העכער דריי מיליאָן מענטשן. חוץ די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך אין אַמעריקע געבילדעט קלענערע יִשובים: אין קאַנאַדע און אין דער דָרום־אַמעריקאַנישער אַרגענטינע; אין אַרגענטינע האָט דער אידישער פילאַנטראָפּ פון פּאַריז, באַראָן מאָריץ הירש, געקויפט אַ סך פרייע ערד (1892), און עס האָבן זיך דאָרט געגרינדעט גרויסע ערדאַרבעטער־קאָלאָניעס. אַ טייל עמיגראַנטן פון רוסלאַנד האָבן זיך באַזעצט גאָר ווייט: אין דָרום־אַפריקע (יאָהאַנעסבורג, קאַפּשטאַט).

אין פיין און שמערץ איז געבאָרן געוואָרן דער אידישער צענטער אין דער „נייער וועלט“. צענדליקער יאָרן נאָכאַנאַנד פלעגן זיך איבער דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן טראָגן גרויסע שיפן מיט אידישע עמיגראַנטן פון אייראָפּע קיין אַמעריקע. אומגליקלעכע מענטשן פלעגן לויפן זוכן גליק אין דער פרייער רעפּובליק — און פיל האָבן געפונען. עס איז אָנגעקומען זייער שווער. דער אָרימער עמיגראַנט, וואָס איז אַראָפּ פון שיף אין ניו־יאָרק, האָט געמוזט אָנהויבן פון די שווערסטע אַרבעטן אין אַ פאַבריק אָדער אין אַ „שוויץ־שאָפּ“ (אַ וואַרשטאַט פאַר פאַרטיקע קליידער, וואו מען פלעגט אַרבעטן טאָג און נאַכט), פון גאַסן־האַנדל (פּעדלעריי) און נאָך אַזעלכע גראָשן־פאַרדינסטן, ביז וואַנען ער האָט זיך אַרויפגעשלאָגן אויף עפּעס אַ רעכטן געשעפט. מיט דער צייט אָבער איז אַלץ לייכטער געוואָרן פאַר דעם אידישן עמיגראַנט איינצו־אָרדענען זיך אין אַמעריקע, ווייל פיל האָבן שוין דאָ געהאַט קרובים און

פריינד צווישן די פריער אָנגעקומענע, וואָס פלעגן העלפן די נייע, די "גרינע". אין ניו־יאָרק און אַנדערע גרויסע שטעט (פילאַדעלפיע, באָסטאָן, שיקאַגאָ) האָבן זיי געוואוינט צוזאַמען אין באַזונדערע קוואַרטאַלן. דאָ פלעגן זיי זיך פאַרזאַמלען אין זייערע קלובן פון



**63. אידישע וואַנדערער**

„לאַנדסלייט", עמיגראַנטן פון איין געגנט (פוילישע, ליטוואַקעס, אוק־ראַינער), דאָ זיינען געווען זייערע „מנינים" און שולן, זייערע צדקה־חברות און אָרגאַניזאַציעס. די אידישע אַרבעטער־מאַסן האָבן זיך פאַר־איייניקט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַרבאַנדן (יוניאָנס). עס האָט זיך געבילדעט

אַ פֿאַראייניקונג פֿאַר קאָנזשוויטיקער הילף פֿון אידישע אַרבעטער מיט דעם נאָמען „אַרבעטער־רינג“. אין די עמיגראַנטן־קרייזן האָט מען גערעדט צווישן זיך אידיש, אַזוי ווי אין דער אַלטער היים, געלייענט צייטונגען אויף אידיש. אין ניו־יאָרק האָבן די גרויסע טעגלעכע צייטונגען „אידישע גאַזעטן“, „אידישעס טאַגעבלאַט“ און דער סאָציאַליסטישער „פֿאָרווערטס“ געהאַט פֿיל לייענער. אין דער ליטעראַטור האָבן זיך געמאַכט אַ נאָמען די פּובליציסטן און דיכטער אַב. קאַהאַן, אַ. ליעסין, מאָרים ראָזענפֿעלד, דער דראַמאַטורג יעקב גאָרדין און פֿיל אַנדערע. עס האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ אידישע וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור אין דער ענגלישער שפּראַך; די ערשטע גרויסע „אידישע ענציקלאָפּעדיע“ („דזשואיש ענציקלאָפּעדיא“) איז דערשינען אין צוועלף בענד אין ניו־יאָרק (1901—1905).

אין דיזעלביקע יאָרן 1881—1882, ווען אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע עמיגראַציע קיין אַמעריקע, האָט מען זיך דאָרטן געגרייט צו אַן אַנדער איבערוואַנדערונג, וואָס מען האָט זיך פֿאָרגעשטעלט ווי אַ מין אויסלייזונג פֿון גָלות. יונגעלייט און עלטערע מענטשן פֿון דער אינטעליגענץ האָבן זיך נאָך די ערשטע פּאָגראָמען אַנטוישט אין זייער האָפֿענונג אויף אַ פֿריינדלעכן צוזאַמענלעבן צווישן אידן און קריסטן און האָבן באַשלאָסן, אַז די איינציקע לייזונג פֿון דער אידן־פֿראַגע איז פּטור ווערן פֿון גָלות, אומקערן זיך ”אַהיים“, קיין א ר ץ־י ש ר א ל, און בויען דאָס חָרובע לאַנד דורך מאָדערנער קאָלאָניזאַציע. דעם אַלטן משיחישן געדאַנק אין אַ נייער פֿאָרם האָבן אַרויסגעזאָגט דער אַמאָליקער רעפֿאָרמיסט מ. ל. ל י ל י ע נ ב ל ו ם און דאָקטאָר לעאָן פּ י נ ס ק ע ר פֿון אָדעס („אויטאָעמאַנסיפּאַציאָן“, דייטש, בערלין 1882). עס האָט זיך געבילדעט אַ קרייז אידישע סטודענטן און מַשׂכּילים, מיטן נאָמען „בילו“ (ראָשי־תּיבֿות פֿון די ווערטער „בית יעקב לכו ונלכָה“ — אידישע קינדער, לאָמיר אַוועקגיין), וואָס האָבן זיך אַנטשלאָסן איבערוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע, באַאַרבעטן דאָרטן די ערד און ווייזן אַ בייִשפּיל ווי צו גרינדן נייע קאָלאָניעס פֿון אידישע פּויערים. די באַגייסטערונג ביי די ערשטע קאָלאָניסטן איז געווען גרויס, אָבער דער רעזולטאַט איז געווען זייער קליין אין פֿאַרגלייך מיט זייער ברייטער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם. מיט גרויסע שוועריקייטן זיינען

פֿאַר צוואַנציק יאָר באַשאַפֿן געוואָרן ביז דרייסיק קאָלאָניעס (ראשון לציון, גדרה, ראָש פינה, זיכרון יעקוב, רחובות א. א.) מיט עטלעכע טויזנט איינוואוינער. מען האָט זיי אויפֿגעבויט מיט דער הילף פֿון די „חובבֿי־ציון“ (פֿריינד פֿון ציון) אין רוסלאַנד און פֿון דעם פּאַריזער באַראָן עדמאָנד ראָטשילד. די טערקישע רעגירונג האָט זייער גע־שטערט די איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע, אָבער דאָס האָט ניט אָפּ־געשטעלט די הייסע „חובבֿי־ציון“, וואָס זיי איז טייער געווען די אידייע פֿון אויפֿלעבן דאָס היסטאָרישע אידישע לאַנד. עס האָט זיך פֿאַר־גרעסערט די צאָל אידישע איינוואוינער אויך אין די שטעט: ירושָלַיִם, יָפֿו, חֵיפֿה, טבֵריה, צפֿת. צו די אַלטע פֿרומע לייט, וואָס פֿלעגן קומען כּדי צו פֿאַרברענגען זייערע לעצטע יאָרן אין הייליקן לאַנד און דאַוונען און קלאָגן אויפֿן חורבן בֵית־הַמִקדש, זיינען צוגעקומען מענטשן, וואָס זייער ציל איז געווען אויפֿבויען די חורבות, אויפֿלעבן דאָס טויטע לאַנד. אָבער אויך פֿיל פֿון די „חובבֿי־ציון“ האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דורך דער קליינער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל וועט דאָס גאַנצע פֿאָלק ניט אויסגעלייזט ווערן. דער גייסטרייכער פּובליציסט אַחַד־הָעם (אָשר גינצבערג) האָט באַוויזן, אַז אין פּאַלעסטינע קאָן זיך שאַפֿן נאָר אַ „גייסטיקער צענטער“ פֿאַר נאַציאָנאַלער קולטור מיט דער אויפֿ־לעבונג פֿון דער העברעאישער שפּראַך, אַ צענטער פֿאַר אידישקייט (יהדות), וואָס קאָן האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויפֿן אידישן פֿאָלק אין דער גאַנצער וועלט (אַחַד־העמס אַרטיקלען געזאַמלט אין זיין הויפּט־ווערק „על פָּרָשַׁת דרָכים“).

---

## 47. די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונג

דער אַנטיסעמיטיזם אין מַערבֿ־אייראָפּע און די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבן ניט אָפּגעשוואַכט דאָס אידישע פֿאָלק, נאָר נאָך מער פֿאַרשטאַרקט זיין ווילן צום קאַמף פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט. אין צוויי ריכטונגען האָט זיך אַנטוויקלט די אויפֿגעוועקטע ענערגיע פֿון פֿאָלק: אין דער נאַציאָנאַלער און אין דער סאָציאַל־רעוואָ־לוציאָנערער. אָפּטמאָל האָבן זיך ביידע ריכטונגען צונויפֿגעגאָסן אין איינער: נאַציאָנאַל־סאָציאַלער.

די נאַציאָנאַלע ריכטונג האָט זיך צוערשט באַוויזן אין דער פאָרם פון ציוניזם. שוין די ערשטע פירער פון די „חובבֵי־ציון", ליליענ־בלום און פינסקער, האָבן אָנגעזאָגט, אַז אידישע צרות וועלן זיך ניט ענדיקן כּל זמן אידן וועלן לעבן צווישן פרעמדע פעלקער, אָבער דער פּראַקטישער אויספיר פון דעם דאָזיקן געדאַנק איז געווען אַ קליינע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, וואָס האָט ניט געקענט אַרויספירן פון „גלות" אפילו אַ הונדערט־חלק פון אידישן פאָלק. שפּעטער איז געקומען טעאָדאָר הערצל, אַ ווינער זשורנאַליסט, וואָס האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם גורל פון זיין פאָלק נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג אין עסטרייך און אין פראַנקרייך אין דרייפוסעס צייט. ער האָט אויפגענומען דעם געדאַנק פון ציוניזם אין זיין עקסטרעמער פאָרם: אָדער וועט דאָס פאָלק פאַרפאַלן ווערן אין גלות, אָדער אויפלעבן אין פּאַלעסטינע, ווי אַ פרייע נאַציע אין אַן אייגענעם לאַנד און אַן אייגענער מלוכה. אין יאָר 1896 האָט הערצל אַרויסגעגעבן אַ בוך אין דייטש מיט נאָמען „יודענשטאַאַט" (אידישע מלוכה), וואו ער האָט אַנטוויקלט דעם דאָזיקן געדאַנק און פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון אַן אַלוועלטלעכער אידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל שאַפן די פּאָליטישע און פינאַנציעלע מעגלעכקייטן פאַר אַ גרויסער מאַסן־קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. צו דעם באַגייסטערטן ווינער פּובליציסט איז צוגעשטאַנען דער באַרימטער שרייבער מאַקס נאָרדוי אין פּאַריז, ביי וועמען דער אַנטיסעמיטיזם האָט אויך אויפגעוועקט דעם אידישן נאַציאָנאַלן געפיל. ביידע האָבן צונויפגערופן אין דער שווייצערישער שטאָט באַזעל דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס (1897), אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט פיל פון די חובבֵי־ציון. דער קאָנגרעס האָט



64. טעאָדאָר הערצל

אָנגענומען אַ באַשלוס: „דער ציוניזם וויל שאַפֿן אַ פּאָליטיש געזיכערטע היים פֿאַר דעם אידישן פֿאָלק אין פּאַלעסטינע; צו דעם צוועק איז נויטיק צו באַזעצן דאָס לאַנד מיט אידישע ערדאַרבעטער, האַנטווערקער און אינדוסטריע־טוער, שאַפֿן אומעטום אידישע אָרגאַניזאַציעס, צו שטאַרקן דעם פֿאָלקס־באַוואוסטזיין און באַקומען די צושטימונג פֿון די רעגירונגען צו די צילן פֿון ציוניזם".

דער „פּאָליטישער ציוניזם" האָט אין אַ קורצער צייט אָנגעצונדן טויזנטער אידישע הערצער אין דער גאַנצער וועלט, באַזונדערס אין מִזרח־אייראָפּע. הערצל האָט געפֿירט דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען מיטן טערקישן סולטאַן און מיט פֿאַרשיידענע מאַכטהאָבער אין אַנדערע לענדער וועגן אָפּגעבן פּאַלעסטינע פֿאַר אידישער מאַסן־קאָלאָניזאַציע, אָבער ער האָט גאָרנישט דערגרייכט. אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, וואָס מען פֿלעגט צונויפֿרופֿן אַלע יאָר, פֿלעגט ער דערציילן וועגן זיינע האָפֿענונגען און אַנטוישונגען און פֿלעגט רופֿן דאָס פֿאָלק אין פֿייערדיקע רעדעס ווייטער צו אַרבעטן, זאַמלען געלט און אָרגאַניזירן זיך פֿאַר דער גרויסער נאַציאָנאַלער אַקציע. זיבן יאָר האָט זיך הערצל געראַנגלט פֿאַר זיין הייליקן אידעאַל מיט אויסערלעכע און אינעווייניקסטע שטערונגען, ביז וואַנען עס זיינען אים אויסגעגאַנגען די כּוחות: ער איז געשטאָרבן נאָך יונג, אויפֿן 44־טן יאָר פֿון זיין לעבן (1904). די אויפֿגאַבע, וואָס דער פּאָליטישער ציוניזם האָט זיך געשטעלט, האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ פֿאַנטאַסטישער: קריגן אַ הֶסכּם פֿון סולטאַן און פֿון די גרויסע מלוכות אויף צו שאַפֿן אַ אידישע מלוכה אין אַ לאַנד, וואָס געהערט פֿרעמדע הערשער און פֿרעמדע פֿעלקער, איז געווען אוממעגלעך.

די פּאָליטישע ציוניסטן האָבן נאָך ווייטער אויפֿגעהאַלטן זייער אָרגאַניזאַציע אונטער דער פֿירונג פֿון נאָרדוי און אַנדערע פֿריינד פֿון הערצלען. עס האָט זיך אויסגעטיילט פֿון דער אָרגאַניזאַציע אַ גרופּע „טעריטאָריאַליסטן" מיטן ענגליש־אידישן שרייבער זאַנגוויל אַלס פֿירער, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אויב פּאַלעסטינע קאָן ניט ווערן אַ אידיש לאַנד, מוז מען שאַפֿן אַזאַ לאַנד ערגעץ וואו אויף אַן אַנדער ניט באַזעצטער אָדער ווייניק באַזעצטער טעריטאָריע. אָבער אויך דער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן. אַזוי איז ווייטער געבליבן ביי דער

קליינער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַראַלעל מיט דער גרויסער עמיגראַציע קיין אַמעריקע, ווי אַ קליין טייכל ביים גרויסן ים. אין אֶרץ־ישׂראל זיינען צוגעקומען נייע קאָלאָניעס און עס האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל איינוואוינער אין די שטעט. עס האָט אָנגעהויבן וואַקסן אַ נייע אידישע שטאָט תל־אָביב ביי יפו, אויפן ברעג ים. די העברעאישע שולן פאַר קינדער האָבן אויפגעבליט, און עס איז געוואַקסן אַ דור, פאַר וועמען די העברעאישע שפּראַך איז שוין געוואָרן אַן אייגענע לעבעדיקע שפּראַך אין הויז און גאַס.

די נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט געשאַפן נאָך אַ צווייטע ריכטונג, חוץ דעם ציוניזם, דעם אַוטאָנאָמיזם אָדער פאָלקיזם. די פּאָליטישע ציוניסטן האָבן „מבטל געמאַכט דעם גלות", האָבן פאַרגעסן, אַז אַפילו נאָך דעם גרעסטן ערפאָלג פון דער פּאַלעסטינע־קאָלאָניזאַציע וועלן מיליאָנען אידן בלייבן אין גלות און וועלן מוזן קעמפן פאַר זייער נאַציאָנאַלן קיום. אַזאַ קאַמף האָט דאָס פאָלק געפירט צוויי טויזנט יאָר און איצט דאַרף מען אים נאָר צופּאַסן צו די נייע לעבנספאָרמען. אויב אַמאָל האָט זיך דאָס פאָלק געהאַלטן דערמיט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעצוימט פון דער גאַנצער וועלט מיט אַ צוים פון רעליגיעזע מנהגים, דאַרף מען איצטער, ווען די גאַנצע וועלט איז געוואָרן ניט אַזוי פרום, אויסנוצן אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע קרעפטן, וואָס זיינען פריער געלעגן פאַרבאָרגן אונטער דעם מאַנטל פון רעליגיע: אָפּהיטן די אַוטאָנאָמיע (זעלבסטפאַרוואַלטונג) פון אידישע קהילות, די אידישע פאָלק־שפּראַך, אויף וועלכער עס ריידן מער ווי אַ העלפט פון אידישן פאָלק, שאַפן שולן און ליטעראַטור אין דער שפּראַך, — קורץ: אַרויס־טרעטן ווי טיילן פון אַ אידישער נאַציע, וואָס פאָדערן פאַר זיך אין יעדן לאַנד ניט נאָר בירגער־רעכט, נאָר אויך נאַציאָנאַל־קולטורעלע פרייהייט, אַוטאָנאָמיע. די דאָזיקע אידעאָלאָגיע איז אָנגענומען געוואָרן פון דער אידישער „פאָלקספּאַרטיי" און אַנדערע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען.

די נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט שטאַרק געווירקט אויף דער קולטור פון די „גלות־לענדער". דאָ האָט זיך געשאַפן אַן אמתער קולטור־רענעסאַנס, אַן אויפבלי אין דיכטונג און אַנדערע צווייגן פון דער ליטעראַטור. אין דער העברעאישער ליטעראַטור האָבן פאַרנומען



65. מענדעלע מוֹכֵר ספָרים



66. אַחַד־הָעָם



67. יצחק־לייבוש פּרץ

דעם אויבנאָן דער דענקער אַחד־הָעם און דער דיכטער חַיים נַחמן ביאַליק. בײַ ביידן זיינען דער אַמאָל און הײַנט פון אידישן פאָלק צונויפגעגאָסן אין אַ האַרמאָנישער איינהייט; דאָס איז דורך און דורך אַ נאַציאָנאַלער וועלט־באַנעם אין דענקען און פילן. ביידע האָבן אויפגעהויבן דעם מאָדערנעם העבּרעאישן סטיל צו דער העכסטער מַדרגה סיי אין פּראָזע סיי אין פּאָעזיע. אין דערזעלביקער צייט האָט אויפגעלעבט די ליטעראַטור אין דער פאָלק־שפּראַך: אידיש. מענ־דעלע מוכר־ספרים האָט באַרייכערט ביידע שפּראַכן, אויף וועלכע ער האָט געשריבן. זיין גרויסע דערציילונג „דער ווינשפינגערל“ (העבּ־רעאיש „בעמֶק הַבָּכָה“) גיט אַ פּלאַסטיש בילד פון אידישן פאָלקס־לעבן אין 19־טן יאָרהונדערט. מענדעלע, „דער זיידע פון דער אי־דישער ליטעראַטור“, האָט געהאַט זייער באַגאַבטע איניקלעך. דער הומאָריסט שָלום־עליכֶם (שָלום ראַבינאָוויטש) האָט געמאָלן די קאָמישע זייט פון אידישן לעבן אַזוי, אַז מען האָט געמוזט לאַכן דורך טרערן, ווייל אין תּוך איז דאָס בילד געווען טיף טרוי־עריק. יצחק־לייבוש פּרץ האָט אָנ־געהויבן מיט רעאַליסטישע דערציילונגען פון אידישן לעבן אין פּוילן און געענ־דיקט מיט שיינע „פאָלקסטימלעכע גע־שיכטן“, וואו ער האָט אַריינגעבראַכט חַסידישע שטימונגען. אין דער אידישער ליטעראַטור אויף רוסיש האָבן באַצוי־בערט דעם יונגן דור די לידער פון שמעון פרוג, וואָס האָט נאָך אין די ערשטע פּאָגראָם־יאָרן באַזונגען דעם „אידישן שמערץ“. פרוג האָט אויך געשריבן שיינע לידער אין אידיש. עס זיינען אויסגעוואַקסן נאָך שרייבער אויף אַנדערע געביטן. ס'איז אויסגעוואַקסן די צייטונגס־ליטעראַטור: די העבּרעאישע טאָג־בלעטער „הַמֵליץ“ און „הַצפירה“, די אידישע „פריינד“ און „היינט“, די רוסישע וואָכנבלעטער „וואָסכאָד“, „ראַזסוועט“ און אַנדערע.



68. שָלום עַליכֶם ·

גלייכצייטיק מיט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג איז געוואַקסן די

סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע. אין דעמזעלביקן יאָר, ווען אין באַזעל איז באַשאַפן געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, האָט זיך אין ווילנע געגרינדעט אַ געהיימע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער-בונד אין רוסלאַנד און פּוילן״, קורץ — „בונד״ (1897). דער „בונד״ האָט געפירט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אידישער מאַסע אין איר שפּראַך, אידיש, און צוערשט איז דאָס געווען דער איינציקער נאַציאָנאַלער סימן פון דער נייער פּאַרטיי; אָבער שפּעטער האָט דער „בונד״ אָנערקענט, אַז אידן זיינען אַ נאַציע, וואָס מוז קעמפן ניט אַליין פאַר בירגערלעכע און פּאָליטישע, נאָר אויך פאַר אירע נאַציאָנאַלע רעכט. חוץ דעם „בונד״ האָבן זיך געשאַפן געמישטע ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע פּאַר-טייען, די „פּועלי-ציון״ און „ציוניסטן-סאָציאַליסטן״. אין אָפענעם קאַמף קעגן דער רוסישער רעגירונג האָבן די דאָזיקע פּאַרטייען גע-פירט באַזונדערס אין דער רעוואָלוציע פון 1905. אידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן אָנטייל גענומען אויך אין דער רוסישער „סאָציאַל-דעמאָקראַ-טישער פּאַרטיי״ און „סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי״, אין סטודענטישע דעמאָנסטראַציעס, אַרבעטער-שטרייקן און טעראָריסטישע אַקטן קעגן די הערשער פון צאַרישן רוסלאַנד.

די רוסישע רעגירונג, וואָס האָט געקעמפט מיט פייער און שווערד קעגן די „בונטאַרעס״, איז געווען באַזונדערס בייז אויף אידישע רע-וואָלוציאָנערן און האָט זיך דערפאַר נוקם געווען אין דער גאַנצער אידישער מאַסע. אין יאָר 1903 האָט זי דערלאָזט צו צוויי בלוטיקע פּאָגראָמען אויף אידן אין ק י ש י נ ע וו און ה אָ מ ע ל. די אידישע מאַסע און די אינטעליגענץ האָבן דערויף געענטפערט מיט אַ פאַר-שטאַרקטער טעטיקייט אין דער רעוואָלוציע פון 1905. אויך די מעסיקע רוסישע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דער רעגירונג, זיינען געווען פול מיט אידן (ווינאַווער איז געווען איינער פון די בעסטע פירער פון דער ליבעראַלער „קאַדעטישער״ פּאַרטיי). עס האָט זיך געבילדעט אַ „פאַרבאַנד צו דערגרייכן פולבאַרעכטיקונג פאַרן אידישן פאָלק אין רוסלאַנד״, וואָס האָט זיך געשטעלט אַזאַ ציל: „פאַר-ווירקלעכן אין פולער מאָס בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט פון אידישן פאָלק״. די צווייטע רעגירונג האָט ווידער גע-

ענטפערט אויף אַלע אידישע פאָדערונגען מיט פּאָגראָמען, וואָס עס האָבּן געמאַכט אירע אָנהענגער, די אַנטיסעמיטישע „שוואַרצע מֵאוֹת" („פאַרבּאַנד פון רוסישן פאָלק"). באַלד נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע האָט געניט ניקאָלאַיען אַרויסצוגעבּן דעם פרייהייט־מאַניפעסט פון אָקטאָבּער 1905, האָבּן די רוסישע „שוואַרצע מֵאוֹת" געמאַכט אין איין וואָך זעקס הונדערט פּאָגראָמען אויף אידן אין אוקראַינע און אַנדערע טיילן פון רוסלאַנד. אין דער צייט פון דעם ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט, דער „דומע", וואו עס זיינען געזעסן צוועלף אידישע דעפּוטאַטן, האָט די רעגירונג דערלאָזט צו אַ בּלוטיקן פּאָגראָם אין בּיאַליסטאָק (1906). די דומע האָט דער צאַר צעטריבּן און עס האָט זיך אָנגעהויבּן אַ שווערע רעאַקציע, וואָס האָט געדויערט צען יאָר בּיזן סוֹף פון דער וועלט־מִלחמה. נאָך קורץ פאַר דער מִלחמה האָט די רעגירונג צוגעלאָזט אין קיעוו אַ בּלוט־בּילבּול אויף אידן: די „שוואַרצע מאוֹת" האָבּן בּאַשולדיקט איינעם אַ אידן מענדל בּיילים, אַז ער האָט געהַרגעט אַ רוסישן אינגל כּדי צו בּאַנוצן זיין בּלוט צו פּסח, אַזוֹי ווי אין פינסטערן מיטלאַלטער. דער פּראָצעס האָט זיך געפירט מער ווי צוויי יאָר און האָט אָנגעמאַכט אַ רַעש אין דער וועלט, בּיז מען האָט דעם אומשולדיקן בּיילִיסן בּאַפרייט (1913).

---

## 48. דער וועלט־קריג, די רוסישע רעוואָלוציע און דער בּירגער־קריג

פון דעם אומגליקלעכן יאָר 1914, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבּן דער שרעקלעכער וועלט־קריג, ציט זיך אין לעבּן פון די מִזרח־אייראָפּעאישע אידן אַ קייט פון קאַטאַסטראָפעס, וואָס דערמאָנען אָן די ערגסטע צייטן פון דער אידישער געשיכטע. גרוֹיס איז געווען די טראַגעדיע, ווען די פאַרפאָלגטע רוסישע אידן האָבּן געמוזט שיקן הונדערטער טויזנטער זייערע קינדער אויפן פראָנט, כּדי זיי זאָלן אַוועקגעבּן דאָס לעבּן פאַר דעם „פאָטערלאַנד", וואו מען האָט זיי שטענדיק געפּייניקט מיט גזירוֹת און פּאָגראָמען. נאָך טראַגישער איז געוואָרן די לאַגע אין ערשטן יאָר פון דער מִלחָמה, ווען דעם צאַרס קאָמאַנדירן האָבּן מיט שרעקלעכער אַכזָריוּת געטריבּן אַלע אידישע איינוואוינער מיט ווייבּ

און קינד פון די שטעט, וואָס זיינען געווען נאָענט צום דייטשן פראָנט, ווייל מען האָט אידן חושד געווען, אַז זיי ווילן העלפן דעם פיינד. גאַנצע אידישע קהילות האָט מען פאַרטריבן פון פוילישע שטעט אין וואַר־שעווער גובערניע, דערנאָך פון קאָוונע און אַ גרויסן טייל ליטע. די



69. אידישע היימלאָזע׳ ארויסגעטריבענע פונם פראָנט־געביט

פאַרטריבענע האָט מען געשליידערט פון שטאָט צו שטאָט און דערנאָך פאַרשיקט אין טיף־רוסלאַנד (1915). ביי פיל קהילות האָט מען גענומען ערבות־לייט, „זאַלאָזשניקעס“, רבנים און חשובע מענטשן, מיט דער וואָרנונג, אַז מען וועט זיי דערשיסן, אויב עס וועט זיך טרעפן אַן אומגליק מיט דער רוסישער אַרמיי אין יענער געגנט.

פאַרשטייט זיך, אַז אין די הערצער פון די פאַרפייניקטע מאַסן האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ ברענענדיקע שינאה צום צאַרישן רעזשים, און ווען אין פעברואַר־מערץ פון יאָר 1917 האָט אויסגעבראָכן די צווייטע רוסישע רעוואָלוציע, האָבן זיך אידן מיט באַגייסטערונג אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג. פון אָנהויב איז אַלץ געגאַנגען גוט: דער דער־

שראָקענער ניקאָלאַי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן, די צייטווייליקע רעגירונג האָט אָנגעהויבן צוגרייטן אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג צו פּראָקלאַמירן אַ רעפּובליק אין רוסלאַנד, אָבער נאָך פריער האָט זי אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע בירגער: אידן האָבן באַקומען אַלע בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט (22 מערץ — 4 אַפּריל 1917). דאָס איז געווען די „דריטע עמאַנציפּאַציע" אין דער נייסטער געשיכטע, וואָס האָט אָנערקענט די פרייהייט ניט נאָר פון דעם איינצלנעם אידן, נאָר אויך פון דעם אידישן פאָלק (נאַציאָנאַלע רעכט).

עס איז אָבער ניט באַשערט געווען דעם גרעסטן אידישן צענטער אין דער וועלט קומען צו רו און צו אַ נייעם פרייען לעבן. די וועלט־מלחמה האָט זיך נאָך געצויגן, און אין לאַנד האָט זיך צעפלאַקערט די מלחמה צווישן די פּאַרטייען. די באָלשעוויקעס אונטער דער פירונג פון לענין און טראָצקי (לעוו טראָצקי איז געווען אַן אַסימילירטער איד) האָבן נאָך אַ לאַנגן קאַמף פאַרכאַפּט די מאַכט (די אָקטאָבער־איבערקערעניש 1917) און האָבן פּראָקלאַמירט אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק. זיי האָבן אַרויסגעצויגן רוסלאַנד פון דער וועלט־מלחמה און אָנשטאָט דעם אויפגעהויבן אַן אינווייניקסטן קלאַסן־קאַמף, וואָס האָט געבראַכט צו אַ בירגער־קריג. די גרינדונג־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געזאָלט אויסדריקן דעם ווילן פון גאַנצן פאָלק, האָבן די באָלשעוויקעס צעטריבן און געשאַפן אַ פּאַרלאַמענט פון סאָוועטן, וואו עס האָט געהערשט די באָלשעוויסטישע אָדער קאָמוניסטישע פּאַרטיי. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס צעפאַלן פון רוסלאַנד אויף פאַרשיידענע מלוכות. אויסער פּוילן, פינלאַנד און שפּעטער די באַלטישע לענדער (לעטלאַנד, עסטלאַנד, ליטע) האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער סאָוועט־רעפּובליק אויך אוקראַינע, וואו עס האָט געלעבט די גרעסטע העלפט אידן פון אַמאָליקן רוסלאַנד. אוקראַינע איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה מיט דער הויפּט־שטאָט קיעוו. צווישן קיעוו און מאָסקווע, דער רעזידענץ פון דער סאָוועטישער רעגירונג, האָט זיך צעפלאַקערט אַ לאַנגער קריג (1918—1920). די באָלשעוויסטישע „רויטע אַרמיי" האָט זיך אַריינגעריסן אין אוקראַינע, אָבער זי האָט געמוזט אָפּטרעטן פאַר די אוקראַינישע פאָלקן, צווישן וועלכע אייניקע האָבן זיך גערופן „כמעלניצקים

פאָלק", „גאַנטעס פאָלק" און האָבן דערמאָנט דעם אידן וועגן די אמאָליקע בלוטיקע יאָרן. און עס איז טאַקע געקומען אַ צייט, וואָס איז געווען ניט ווייניקער שרעקלעך ווי יענעווילדע צייטן. דער פירער פון דער אוקראַינישער רעגירונג פּעטליורע האָט געגעבן פולע פרייהייט דער נייער הײַדאַמאַקישער אַרמיי, צו וועלכער עס זיינען צוגעשטאַנען ווילדע באַנדעס מיט קאָזאַקישע „אַטאַמאַנען", וואָס האָבן געוואוסט נאָר פון איין זאַך: אויסראָטן באָלשעוויקעס און אידן.

דאָס יאָר 1919 איז געווען אַ יאָר פון שרעקלעכע שחיטות אין פיל הונדערטער קהילות. אין דער פּאָדאָליער שטאָט פּראָסקוראָוו זיינען הײַדאַמאַקעס געגאַנגען פון הויז צו הויז און געהאַקט אידישע קעפּ; 1500 הרוגים האָט מען מקבר געווען אויפן אידישן בית-עולם. אַזעלכע הריגות זיינען פאָרגעקומען נאָך אין אַ סך שטעט (זשיטאָמיר, פאַסטאָוו, טשערקאַס, טעטיעוו, טולטשין, אומאַן און אַנדערע), אין דער זעל-ביקער געגנט, וואו עס האָט זיך געגאָסן אידיש בלוט אין 17-טן און 18-טן יאָרהונדערט... צו די צרות פון די „פּעטליוראָוועצעס" זיינען צוגעקומען נאָך די פּאָגראָמען פון דער אַנטי-באָלשעוויסטישער „ווייסער



70. נאָך אַ פּאָגראָם אין אוקראַינע 1919; אויפן בית־עולם

אַרמיי" אונטער דער פירונג פון רוסישן גענעראַל דעניקין, וואָס האָט זיך דורך אוקראַינע גערוקט צו מאָסקווע. אויפן וועג האָבן די „ווייסע" געקוילעט אידן און גערויבט זייערע הייזער, האַלטנדיק, אַז אַלע אידן זיינען באָלשעוויקעס. שפעטער איז געקומען די באָלשעוויסטישע „רויטע אַרמיי" און האָט צעשלאָגן ביידע אַרמייען, די „פעטלוראָווצעס" און די „דעניקינצעס". זי האָט געראַטעוועט די אידן פון טויט, אָבער ניט פון הונגער און ביטערער נויט. אוקראַינע האָט זיך ווידער פאַראייניקט מיט גרויס-רוסלאַנד און איז געוואָרן „סאָוועטיש"; ביי דעם מיטעלן קלאַס, צו וועמען עס האָט געהערט די מערהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג, האָט מען אָפּגענומען אַלע אַלטע קוואַלן פון פּרנסה און אפילו די בירגער-רעכט, ווייל לויטן סאָוועטישן געזעץ האָבן בירגער-רעכט נאָר מענטשן פון אַרבעטער-קלאַס.

---

## 49. די אידישע וועלט נאָך דעם וועלט-קריג

דאָס בילד פון אייראָפּע נאָך דעם וועלט-קריג האָט זיך פאַר-ענדערט. עס זיינען זיך צעפאַלן אַלטע מלוכות און צוגעקומען נייע. דער פרידן-טראַקטאַט פון ווערסאַל (1919) האָט אָנערקענט די פאָלגנ-דיקע נייע מלוכות, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט פון אַמאָליקן רוסלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן: די רעפּובליק פּוילן מיט דריי מיליאָן אידן, ליטע מיט 150.000, לעטלאַנד מיט 100.000, עסטלאַנד מיט 5.000, טשעכאָ-סלאָוואַקיע מיט 350.000, דייטש-עסטרייך מיט 225.000. דאָס קיניגרייך רומעניע, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געדריקט איר אידישע באַפעלקערונג אַזוי ווי רוסלאַנד, האָט אָפּגענומען אַ גרויסע טעריטאָריע ביי אונגאַרן און ביי רוסלאַנד (בעסאַראַביע) און האָט איינגאַנצן אַ מיליאָן אידן; אין אונגאַרן איז געבליבן אַ האַלבער מיליאָן אידן. לויט די פרידן-טראַקטאַטן האָבן כמעט אַלע נייע מלוכות גענומען אויף זיך אַ התחייבות אָנערקענען די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פון זייערע „נאַציאָנאַלע מינדערהייטן", ד. ה. פון די קלענערע פעלקער, וואָס לעבן אין לאַנד, צווישן זיי אויך פון דער אי-דישער באַפעלקערונג. פאָרמעל האָבן דאָס די רעגירונגען געמאַכט, אָבער אין דער ווירקלעכקייט זיינען נאָך אידן וויט ניט אומעטום פּטור געוואָרן פון די אַלטע צרות.

אין פוילן האָבן אידן לויט דער קאָנסטיטוציע אַלע בירגער־לעכע און פּאָליטישע רעכט; זיי האָבן אין פּאַרלאַמענט (סיים) זייערע דעפּוטאַטן, וואָס זיינען צום גרעסטן טייל פאַראייניקט אין אַ באַזונדער נאַציאָנאַלער פראַקציע, כּדי געמיינזאַם צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער אידישער מינדערהייט. אָבער דאָס אַלץ האָט ניט פאַרבע־סערט די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לאַגע פון די פוילישע אידן. עקאָ־נאָמיש איז בכלל די לאַגע ערגער געוואָרן, ווייל פוילן איז אָפּגעשניטן פון גרויסן רוסישן מאַרק, וואו זי פלעגט אַמאָל פאַרקויפן אירע פּראָ־דוקטן און פאַבריקאַטן הויפּטזעכלעך דורך אידישע פאַרמיטלער. די אידישע פּרנסות אין פוילן זיינען געבליבן די אַלטע; צו נייע פּראָפעסיעס לאָזט מען דעם אידן ניט צו: מען גיט אים ניט קיין שטעלע אין אַ מלוכה־אַמט. טויזנטער אידן מיט הויכשול־בילדונג געפינען ניט קיין אַרבעט. האַנדל און האַנטווערק זיינען געפאַלן. די מלוכה־שטייערן נעמען אָפּ ביי דעם סוחר און בעל־מלאָכה אַ גרויסן טייל פון זיין פאַרדינסט. דער אַנטיסעמיטיזם איז נאָך גענוג שטאַרק אין דער פוילישער געזעלשאַפט. די שווערע אויסערלעכע לאַגע פאַרשאַרפט דעם קאַמף פון פּאַרטייען אין דער אידישער מאַסע: די שטאָק־פרומע „אַגודת־ישראל" און די ציוניסטן, די „בונדיסטן", די „פּועלי־ציון" און די „רויטע" אָדער קאָ־מוניסטן — פירן צווישן זיך אַ פאַרביטערטן קאַמף. עס גייט נאָך איצט דער קולטור־שטרייט צווישן העבראַיסטן און אידישיסטן. און דאָך ווערט פיל אויפגעטאָן אויפן געביט פון ווירטשאַפט און קולטור. מען שאַפט פאַרשיידענע חברות צו פאַרגרינגערן די עקאָנאָמישע נויט, קאָאָפּעראַטיוון און קרעדיט־קאַסעס פאַר אַרבעטער און הענדלער; בויען גרינדעט שולן פאַר האַנטווערק און אַלגעמיינע שולן מיט דער אידישער אָדער העבראַישער לערנשפּראַך און נאָך אַנדערע קולטור־אָרגאַני־זאַציעס. די ליטעראַטור אין דער פאָלק־שפּראַך וואַקסט; באַזונדערס איז אויסגעוואַקסן די אידישע פּרעסע אין ווארשע און אַנדערע שטעט.

אַזוי איז אויך די לאַגע אין די קליינע באַלטישע מלוכות: ליטע, לעט־לאַנד, עסטלאַנד. אין ליטע האָט מען פון אָנהויב געגעבן אידן נאַ־ציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע אין דער פאָרם פון אַ אידישן מיניסטעריום און אַ נאַציאָנאַל־ראַט אין קאָוונע (1920); שפּעטער האָט מען דאָס אָפּ־גענומען, ווייל ליטע האָט צייטווייליק אָפּגעשאַפן דעם גאַנצן פאַר־

לאַמענטאַרישן רעזשים; אָבער די עקאָנאָמישע לאַגע איז דאָ ניט אַזוי שלעכט ווי אין פּוילן. — אין לעטלאַנד איז די אידישע נאַציאָנאַלע מינדערהייט אָפיציעל אָנערקענט: זי האָט אַ פּאַרלאַמענטאַרישע רע=פּרעזענטאַנץ און געניסט פון שול=אויטאָנאָמיע, וואָס איז געזיכערט דורך אַ באַזונדערן אידישן דעפּאַרטאַמענט ביים בילדונגס=מיניסטעריום אין ריגע. — עסטלאַנד האָט געגעבן דער קליינער אידישער מינ=דערהייט אַ פולשטענדיקע קולטור=אויטאָנאָמיע.

אַ רעשט פון אַמאָליקן אַנטיסעמיטיזם איז נאָך פאַרבליבן אין רומעניע. דאָ האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט די „אַנטיסעמיטישע ליגע“, וואָס באַשטייט הויפּטזעכלעך פון סטודענטן אונטער דער פירונג פון אַ פאַנאַטישן פּראָפעסאָר קוזאַ אין יאַסי. פון צייט צו צייט מאַכן די סטודענטן אָנפאַלן אויף זייערע אידישע חברים אין די הויכ=שולן פון בוקאַרעשט, יאַסי און אַנדערע שטעט; זיי פאָדערן, מען זאָל אידישע יונגעלייט ניט צולאָזן אין די אוניווערזיטעטן. אָבער דער יונגער אידישער דור קעמפט ענערגיש פאַר בירגערלעכע און נאַציאָ=נאַלע רעכט, פירט דעם קאַמף דורך די אידישע דעפּוטאַטן אין פאַרלאַ=מענט, שאַפט אייגענע קולטור=אינסטיטוציעס און גייט אין די וועגן פון פּוילישן אידנטום. אין רומעניע איז נאָך די נאַציאָנאַלע פאַרטיי שטאַרקער איידער די אַסימילאַטאָרישע, באַזונדערס אין אַזעלכע פּראָווינצן ווי בוקאָווינע (די „אידישע שטאָט“ טשערנאָוויץ) און די אַמאָליקע רוסישע בעסאַראַביע (קישינעוו).

אין דער טשעכאָ=סלאָוואַקישער רעפּובליק, וואו גרויסע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג זיינען אַסימילירט מיט דייטשן, טשעכן אָדער מאַדיאַרן (אין די אונגאַרישע פּראָווינצן), באַמערקט זיך אַ טענדענץ צו שאַפן אַ אידישע נאַציאָנאַלע פאַרטיי, וואָס זאָל האָבן אירע פאָרשטייער אין פאַרלאַמענט, און אַנדערע פּאָליטישע און קול=טורעלע אינסטיטוציעס. צוויי שכנישע אידישע קיבוצים, אין אונ=גאַרן און עסטרייך, האָבן זיך גאָר אָפּגעזאָגט צו באַנוצן זיך מיט רעכט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די אַסימילירטע פירער האַלטן עס פאַר ניט פּאַטריאָטיש, אַז אידן זאָלן זיך אַרויסשטעלן פאַר אַ באַ=זונדער נאַציע און אָפּטיילן זיך פון דער הערשנדיקער מאַדיאַרישער אָדער דייטשער נאַציע. די אַנטיסעמיטן קוקן אָבער ניט אויף דער ז'אַזי=

קער פּאַטריאָטישער האַלטונג און פאַרביטערן דעם אידן דאָס לעבן, באַזונדערס ליידט די יוגנט אין די אוניווערזיטעטן.

מען האָט געקענט האָפן, אַז אין דעם נייעם דייטשלאַנד, וואָס האָט נאָך דער מלחמה אָראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון מאָנאַרכיזם און מיליטאַריזם און איז געוואָרן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וועט זיך פאַר די זעקס הונדערט טויזנט אידן אָנהויבן אַ נייע ליכטיקע צייט. אָבער עס איז אויסגעקומען גאָר אַנדערש. ס'איז ניט גענוג, וואָס אַ פּאַרלאַמענט נעמט אָן אַ פרייע קאָנסטיטוציע (אגב האָט די קאָנסטיטוציע פון דער דייטשער רעפּובליק פאַרפאַסט אַ אידישער דעמאָקראַט, הוגאָ פּרײַס); עס איז נויטיק, אַז דאָס פאָלק אינגאַנצן זאָל זיך אינערלעך באַפרייען פון דעם אַלטן רעזשים. דאָס האָט אין דייטשלאַנד געפעלט. ווען דאָס לאַנד האָט זיך באַרויִקט נאָך דעם קריג, מיט דער הילף פון דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, זיינען אויפגעשטאַנען די פינסטערע כּוחות פון דער פאַרגאַנגענהייט — די מאָנאַרכיסטן, די מיליטער־לייט און די אַנטיסעמיטן און האָבן גענומען בונטעווען קעגן דער „יודענרעפּובליק". זיי האָבן געהרגעט דעם איינציקן אידישן מיניסטער אין דער רעפּובליקאַנישער רעגירונג ראַטענוי און ווילן פּטור ווערן פון אַלע אידן אין דייטשלאַנד. אין די לעצטע יאָרן פון שאַרפן עקאָנאָמישן קריזיס זיינען מיליאָנען פאַרצווייפלטע מענטשן צוגעשטאַנען צו דער ווילדער אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געגעבן אַ פאַלשן נאָמען: „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי" (היטלער־פּאַרטיי), אָבער איז זייער ווייט סיי פון ריינעם נאַציאָנאַליזם און סיי פון ערלעכער אַרבעטערשאַפט. דאָס איז נאָר אַ פאַראייניקונג פון פינסטערע רעאַקציאָנערן און פאַרצווייפלטע מאַסן, וואָס האָפן צו פאַרבעסערן זייער לאַגע דורך אַ מיליטערישער דיקטאַטור און טרוימען וועגן דער „גוטער" צייט, ווען עס וועט „דאָס יודענבלוט פאָם מעסער שפּריצען" (ווי זיי זינגען אין זייער ליד). אַזוי מוזן זיך די דייטשע אידן גרייטן צום קאַמף קעגן די דאָזיקע אוראייניקלעך פון די מיטלאַלטערלעכע קרייצטרעגער (די היינטיקע טראָגן אויך אַ האַקנקרייץ אויף זייערע קליידער). אידישע עמיגראַנטן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון פּוילן, פון די אוקראַינישע פּאָגראָמען אָדער פון דעם באָלשעוויסטישן טעראָר קיין בערלין און אַנדערע שטעט, פילן

זיך דאָ באַזונדערס ניט זיכער. און דאָך האָט דער נייער צונויפקום פון מִזרח-און מַערב-אידן אויף אַזוי פיל געשטאַרקט דעם נאַציאָנאַלן גייסט, אַז אויך אין די אומרואיקע צייטן גייט ווייטער די אידישע קולטור-אַרבעט, די גײַסטיקע באַוואָפענונג פון אידישן פאָלק.

טויזנטער פּאָליטישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד האָבן זיך באַזעצט אויך אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַנדערע מַערב-לענדער. אומעטום וועקן זיי בײַ זייערע האַלב-אַסימילירטע ברידער דעם געדאַנק, אַז עס איז דאָ אַ אידיש פאָלק, וואָס וואַנדערט איבער דער וועלט און וויל דאָך בלייבן איינִיק. באַלד נאָך דער מִלחמה האָבן זיך גרויסע אידישע מאַסן געוואָרפן קיין אַמעריקע; פאַר די לעצטע פופצן יאָר איז נאָך אַ מיליאָן אידן צוגעקומען צום דריי-מיליאָניקן צענטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער לעצטנס האָט אַמעריקע פאַרשלאָסן אירע טויערן פאַר עמיגראַנטישע מאַסן; נאָר אײנציקע מענטשן און קליינע גרופּעס ווערן אַריינגעלאָזן. דער עמיגראַציע-שטראָם איז אַוועק אין אַנדערע לענדער פון אַמעריקע: קאַנאַדע, אַרגענטינע, בראַזיליע; אָבער דאָ וויל מען אויך ניט אַריינלאָזן צו פיל פרעמדע.

אײַן האָפענונג האָט געוואַרעמט פיל אידישע הערצער אין דער שווערער נאָך-מִלחמה צייט: די נייע ווענדונג אין ציוניזם. נאָך פאַרן סוף פון דער מִלחָמה האָט דער ענגלישער אויסן-מיניסטער באַלפור אין נאָמען פון דער רעגירונג צוגעזאָגט אין זיין „דעקלאַראַציע“, אַז ווען די ענגלישע אַרמיי וועט באַפרייען פּאַלעסטינע פון די טערקן, וועט מען זאָרגן וועגן אַ „נאַציאָנאַלער היים פאַרן אידישן פאָלק“ אין זיין אַלטן לאַנד. דאָס האָט געקלונגען כּמעט ווי אַ משיח-בּשׂורה. אידישע לע-גיאָנערן זיינען אַריין אין דער ענגלישער אַרמיי צו העלפן איר אין דעם „באַפרייונגס-קריג“. ווען די גוטע שעה איז שוין געקומען און די ענגלענדער האָבן אָקופּירט פּאַלעסטינע, האָבן זיך אַהין אַ לאָז געטאָן עמיגראַנטישע מאַסן, אָבער דאָס חָרובע לאַנד האָט געקענט אויפנעמען נאָר קליינע גרופּעס פאַרמעגלעכע לייט און „חלוצים“, אַרבעטער-פּיאָנערן. די אידישע האָפענונגען אויף אַ „נאַציאָנאַלער היים“ האָבן אויפגעבראַכט די פּאַלעסטינישע אַראַבער, וואָס האָבן געמיינט, אַז אידן קומען אָפּנעמען בײַ זיי דאָס לאַנד. אין אַפּריל 1920 האָבן אַראַבער אין די גאַסן פון ירושלים געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט זיך

פֿאַרענדיקט מיט אָנפֿאַלן אויף אידן; אין אַ יאָר אַרום האָבן זיי שוין געמאַכט אַן אמתן פּאָגראָם אין יפֿו (דערבײַ איז דערהרגעט געוואָרן דער אידישער דיכטער ברענער און נאָך צוויי שרײַבער). דער ענגלישער איבער־קאָמיסאַר פֿון פּאַלעסטינע סאַמיועל (אַ איד), האָט אַפֿילו ניט געוואַגט שטרענג צו באַשטראָפֿן די פּאָגראָמשטשיקעס, כּדי נאָך מער ניט צערייצן די אַראַבער. נאָכדעם ווי דער „פֿעלקער־בונד" האָט געגעבן ענגלאַנד אַ „מאַנדאַט" אויף דער פֿאַרוואַלטונג פֿון פּאַלעסטינע און האָט באַשטעטיקט די באַלפֿור־דעקלאַראַציע וועגן אַ אידישער נאַציאָנאַלער היים, האָט זיך די אײַנוואַנדערונג, די „עליה", פֿאַרשטאַרקט. עס זײַנען אַרײַן אין לאַנד אי רײַכע קאַפּיטאַליסטן אי חלוצישע אַרבעטער, הענדלער און אינטעליגענץ. מען האָט געבויט שטעט און קאָלאָניעס. די פֿאָרשטאָט פֿון יפֿו, תל־אָביב, איז אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסער ריין־אידישער שטאָט מיט העכער פֿערציק טויזנט אײַנוואוינער. באַזונדער גרויס איז געווען די „עליה" אין יאָר 1925, ווען עס זײַנען געקומען מאַסן פֿון פּוילן און אַנדערע לענדער. די ענגלישע פֿאַרוואַלטונג אין ארץ־ישראל האָט אָפּגעשטעלט די ווײַטערדיקע אײַנוואַנדערונג, ווײַל אין דעם קליינעם לאַנד איז שוין ניט געווען גענוג אַרבעט און באַשעפֿטיקונג פֿאַר די צוגעקומענע.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אונטער דער פֿירונג פֿון חיים ווײַצמאַן און נחום סאָקאָלאָוו אין לאָנדאָן, האָט אַנטוויקלט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע אין דער גאַנצער וועלט. אומעטום האָבן פֿאָרשטייער פֿון דער פּאַרטיי געפּרעדיקט די ציוניסטישע אידייע און געזאַמלט געלט פֿאַרן „קרן־היסוד" און „קרן־קימת", אויף אײַנקויפֿן ערד און באַזעצן אידן אין ארץ־ישראל. און סך־הכּל האָט זיך אײַנגעגעבן צו שאַפֿן דאָרטן אַ אידישן צענטר פֿון קוים 200.000 נפֿשות, שוין מיט די אַלטע אײַנוואוינער, קעגן 800.000 אַראַבער. אַזוי איז דער אידעאַל פֿון אַ „נאַציאָנאַלער היים", וואו אידן זאָלן זײַן די מערהייט, ביז אַהער ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. די אַראַבער האַלטן זיך פֿאַר די בעלי־בתּים פֿון פּאַלעסטינע און ווילן אינגאַנצן אָפּשטעלן די אידישע אײַנוואַנדערונג. מוסולמענישע פֿאַנאַטיקער האָבן אויפֿגעהעצט די אַראַבישע מאַסע קעגן אידן, וואָס ווילן כּלומרשט אָפּנעמען בײַ זיי דאָס הייליקע לאַנד. אַזוי איז אין אַווגוסט 1929 געקומען צו אַ שרעקלעכן פּאָגראָם:

אין חֶברוֹן האָבן אַראַבער אויסגעקוילעט צענדליקער אידישע בָּחוּרים פוּן דער ישיבה מיט זייערע רבּנים; אין ירוּשלים אוּן צפת האָבּן זיי גע־שלאָגן אוּן גערויבּט; עטלעכע קאָלאָניעס האָבן זיי פאַרבּרענט אָדער צעראַבירט. די ענגלישע פּאָליציי איז געקוּמען צוּ שפּעט צוּ הילף. די שטימוּנג אין ציוֹניזם איז נאָך דעם שטאַרק געפאַלן. אַלץ קלאָרער ווערט די איבּערצייגוּנג, אַז אין ארץ־ישראל קען אוּן מוּז געשאַפן ווערן אַ גרעסערער ישוב, געבּוֹיט אויף אַ געזוּנטן עקאָנאָמישן גרוּנד, אוּן אַ נאַציאָנאַלער קוּלטוּר־צענטער, וואָס וועט זיין טייער דעם גאַנצן פאָלק. אָבער די אויפבּוֹי־אַרבּעט אין „גָלוּת", וואוּ עס וואוינען איבּער פוּפצען מיליאָנען אידן, וועט דאָך בּלייבּן די גרעסטע נאַציאָנאַלע אויפגאַבּע.

אין ס אָ וו ע ט ־ ר וּ ס ל אַ נ ד, וואוּ עס זיינען געבּליבּן דריטהאַלבּן מיליאָן אידן, ווערט געמאַכט דער פּרוּבּ איבּערצוּבּוֹיען די גאַנצע סאָציאַלע אָרדענוּנג אויף דעם גרוּנד פוּן קאָמוּניזם. דערווייל איז מער צעשטערט ווי געבּוֹיט געוואָרן. דער אידישער מיטלשטאַנד איז גאַנץ צעריבּן געוואָרן; מען גייט אַריבּער צוּ פאַבּריק־אַרבּעט, ערדאַרבּעט אוּן מלוּכה־דינסט. אינגאַנצן איז צעשטערט די פרייע אַנטוויקלוּנג אויפן געבּיט פוּן גייסטיקער קוּלטוּר. אַלע פּאָליטישע ריכטוּנגען, חוּץ דער קאָמוּניסטישער, זיינען פאַרבּאָטן: מען טאָר ניט דענקען, גלויבּן אוּן טאָן אַנדערש, ווי עס הייסט די קאָמוּניסטישע פּאַרטיי. אין רוּסלאַנד האָט זיך איבּערגעריסן דער היסטאָרישער פאָדים אין לעבּן פוּן פאָלק; די פרייע עוואָלוּציע (אַנטוויקלוּנג) איז צעשטערט דוּרך אַ געוואַלטיקער רעוואָלוּציע. דערמיט האָט זיך רוּסלאַנד אָפּגעשניטן פוּן דער גאַנצער וועלט, אוּן דאָס רוּסישע אידנטוּם איז דערווייל אָפּגעשניטן פוּן דער איבּעריקער אידישער וועלט.

צוּם אָנהויבּ פוּן 19־טן יאָרהוּנדערט זיינען אויף דער גאַנצער וועלט געווען ניט מער ווי דריי מיליאָן אידן; איצט, מיט הוּנדערט יאָר שפּעטער, זיינען דאָ אידן אויף דער וועלט איבּער פוּפצען מיליאָן. דאָס פאָלק וואַקסט, אוּן דעם וואוּקס וועט קיינער ניט אָפּשטעלן. דאָס האָט בּאַוויזן די גאַנצע פיר־טויזנטיאָריקע אידישע געשיכטע.

די אידישע געשיכטע גייט ווייטער.

# כראָנאָלאָגיע

## I. פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג

יאָר:

2000—1700. די צייט פון די אָבות אַבְרָהָם, יִצְחָק און יַעקוֹב (בָּבֶל־כּנַען)

1700—1300. די בּני־יִשׂרָאֵל אין מִצרַיִם.

1300—1200. מוֹשה רַבֵּנוּ און יציאַת מִצרַיִם.

1200—1030. אידן באַזעצן זיך אין כּנַען. די שוֹפטים־צייט.

1030. שאוּל הַמֶלך.

1010. דָויד הַמֶלֶך.

970. שלוֹמה הַמֶלך.

930. די צעשפּאַלטונג פון דער אידישער מלוּכה.

930—720. מַלכוּת־ישׂראל:

870. די גרינדונג פון דער הויפּטשטאָט שוֹמרוֹן; אַחאָב און אֵלִיָהוּ הַנביא.

720. גָלוּת־אַשוּר.

930—586. מַלכוּת־יהוּדָה:

700. חיזקִיָהוּ און סנחֵריב; ישעיה הַנביא.

620. יאשיהוּ און זיין רעפאָרם.

597. בָּבֶלס הערשאַפט; ירמיהוּ הנביא.

586. דער ערשטער חוּרבּן פון ירוּשלים.

586—536. גָלוּת־בָּבל.

536—332. פּערסישע הערשאַפט:

516. זרוּבָּבל און דער אויפבּוי פון בית־הַמקדש.

458—443. עזרא און נחמיָה.

332—140. גריכישע הערשאַפט:

332. אַלכּסנדר מוּקדוֹן אין ירוּשָלים.

320. יהוּדה אונטער די פּטאָלעמייער.

198. יהוּדה אונטער די סעלעווקידן.

167. דער אויפשטאַנד פון די חַשמוֹנאים.

140. די באַפרייוּנג פון פרעמדער הערשאַפט.

140—37. די חַשמוֹנאים און די צייט פון הורדוסן:

140. דער נשיא שמעוֹן חַשמוֹנאי.

135. דער נשיא יוֹחנן הוּרקנוס; צדוּקים און פּרוּשים.

יאר:

103. דער מֶלך אַלכּסנדר יַנאי.
67. דער ברודער־קריג הורקנוס־אַריסטאָבול.
63. פּאָמפּיי און די רוימער אין ירושָלים.
62. הורקנוס און אַנטיפּאַטער.
37. קיניג הורדוס דער גרויסער.

## II. נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכענונג

4. הורדוסעס טויט; זיינע יורשים.
6—40. די רוימישע פּראָקוראַטאָרס אין יהודה.
41—44. קיניג אַגריפּאַ I
44—66. די לעצטע פּראָקוראַטאָרס.
66—70. דער נאַציאָנאַלער קריג מיט רוים.
70. דער צווייטער חורבן־ירושלים.
80. יוחנן בן־זכּאי גרינדעט דעם סַנהדרין אין יַבנה.
132—135. דער אויפשטאַנד פון בַר־כּוכבאָ און דער חורבן פון בֵיתר.
150. דער סנהדרין און די גרויסע ישיבות אין גָליל.
200. יהודה הנשיא און די מִשנה.
220. די גרויסע ישיבות אין בָבֶל; רַב און שמואל.
315. פּאַלעסטינע אונטער דער הערשאַפט פון קריסטלעכן רוים.
350. רדיפות אין ארץ־ישראל; פאַרענדיקט דעם תַלמוד־ירושלמי.
395. די צעטיילונג פון דער רוימישער אימפּעריע; פּאַלעסטינע אונטער דער הערשאַפט פון ביזאַנטיע.
429. דער לעצטער נשיא (פּאַטריאַרך) גַמליאל אין פּאַלעסטינע.
500. פאַרענדיקט דער תַלמוד־בַבלי.
500—600. פאַרגרעסערונג פון אידישע ישובים אין איטאַליע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און שפּאַניע.
613. דער אָנהויב פון צוואַנג־שמַד אין וועסטגאָטישער שפּאַניע.
614. דער אידישער אויפשטאַנד קעגן ביזאַנטיע אין ארץ־ישראל.
624—628. די מִלחָמות פון מוכאַמעד מיט די אַראַבישע אידן.
629. שמַד און גירוש אין פראַנקרייך (קיניג דאַגאָבערט).
638. די הערשאַפט פון אַראַבער אין פּאַלעסטינע און בָבֶל.
711. אַראַבישע הערשאַפט אין שפּאַניע.
750. גרינדונג פון באַגדאַדישן קאַליפאַט; די עקסילאַרכן און גאונים.
750. די כאַזאַרישע הערשער אָנגענומען דעם אידישן גלויבן.
760. ענן בן־דָויד און די קַרָאים אין בָבל.
768—840. אידישע ישובים אין דער אימפּעריע פון קאַרל דעם גרויסן און זיין זון לודוויק (פראַנקרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע).

יאר:

942. געשטאָרבן סעדיה־גאון אין בָבֶל.
950. דער מיניסטער חסדאי אִבּן־שאַפּרוּט אין אַראַבישער שפּאַניע.
970. דער לעצטער כאַזאַרישער קיניג יוסף (רוסלאַנד).
1038. דער סוֹף פוּן די גאוֹנים און פוּן די ישיבות אין בָבֶל.
1055. געשטאָרבן שמואל הַנגיד, ווזיר אין גראַנאַדאַ.
1000—1100. גרשום מאור הגולה און רש"י (דייטשלאַנד, פראַנקרייך)
1096. דער ערשטער קרייץ־צוג; חורבן פון אידישע קהילות אין דייטשלאַנד.
1099. קרייצפאָרער איינגענומען ירושלים און פאַרטריבן די אידן.
1113. אַ פּאָגראָם אויף אידן אין קיעוו (רוסלאַנד).
1140. יהודה הַלֵוים נסיעה קיין ארץ־ישראל און זיין טוֹיט.
1147. צווייטער קרייץ־צוג (פראַנקרייך, דייטשלאַנד).
1148. די פּאָגראָמען פון מוסולמענישע אַלמאָהאַדן אין שפּאַניע.
1182—1198. צייטווייליקער גירוש פון פראַנקרייך (פיליפּ־אווגוסט).
1189. דריטער קרייץ־צוג (ענגלאַנד).
1204. געשטאָרבן דער רמב"ם.
1215. פּויפּסט אינאָצענץ III און דאָס געזעץ וועגן אידישע קליידער.
1242. פאַרברענט דעם תלמוד אין פּאַריז.
1247. פּויפּסט אינאָצענץ IV קעגן עלילת־דם.
1263. דער דיספּוט אין באַרסעלאָנע; דער רמב"ן.
1264. דער סטאַטוט פאַר אידן פון פירשט באָלעסלאַוו (פּוילן).
1290. דער גירוש פון ענגלאַנד.
1306—1314. צייטווייליקער גירוש פון פראַנקרייך.
1320. די פּאַסטוכער־גזירה אין פראַנקרייך און אַ נייער גירוש.
1330—1338. „יודענשלעגער" אין דייטשלאַנד.
1348. דער „שוואַרצער טוֹיט" אין דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער.
1333—1370. קיניג קאַזימיר דער גרויסער און אידישע עמיגראַציע קיין פּוילן.
1388. גרויספירשט וויטאָלד אין ליטע און זיינע פּריווילעגיעס פאַר אידן.
1391. די „סעווילער שחיטה" און שמד־פּאָגראָמען אין שפּאַניע.
1394. דער לעצטער גירוש פון פראַנקרייך.
1413—1414. דער לאַנגער דיספּוט פון טאָרטאָזע (שפּאַניע).
1421. דער גירוש פון ווין.
1453. די טערקישע הערשאַפט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דער אָנהויב פון אַ גרויסער אידישער עמיגראַציע קיין טערקיי.
1481. די נייע שפּאַנישע אינקוויזיציע קעגן מאַראַנען.

יאר:

1492. אַרויסגעטריבן אַלע אידן פון שפּאַניע.

1495. ציטווייליקער גירוש פון ליטע (ביז 1503).

1498. אַרויסגעטריבן אַלע אידן פון פּאָרטוגאַל.

1507—1550. דער אויפבלי פון אידישן צענטר אין פּוילן.

1516. איינגעפירט אַ געטאָ אין ווענעציע.

1524—1532. די משיחישע אַגיטאַציע פון ראובני און מאָלכאָ (איטאַליע)

1550. די קאָלאָניע פון פּאָרטוגעזישע מאַראַנען (ניי-קריסטן) אין דרום-פראַנקרייך.

1530—1570. דער נייער ישוב אין ארץ-ישראל; יוסף קאַראָ און אר"י אין צפת.

1553. די פּויפּסטן פאַרברענען דעם תּלמוד אין רוים און פאַרפאָלגן אידן.

1563. דער צאַר איוואַן דער שרעקלעכער הייסט דערטרינקען אַלע אידן פון פּאָלאָצק אין טייך דווינאַ (רוסלאַנד).

1579. געשטאָרבן יוסף נשיא, דער תקיף ביים טערקישן הויף.

1580. געגרינדעט דער „ועד הארצות" אין פּוילן.

1590. שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע מאַראַנען לויפן קיין האָלאַנד.

1614. דער פּאָגראָם פון פעטמילכן און דער ציטווייליקער גירוש פון פראַנקפורט און וואָרמס (ביז 1616).

1618—1648. די צרות פונם דרייסיקיאָריקן קריג אין דייטשלאַנד און עסטרייך.

1623. געגרינדעט דער „ועד הקהילות" אין ליטע.

1648—1649. די שחיטות אין אוקראַינע בשעת דעם קאָזאַקן-אויפשטאַנד פון כמעלניצקי.

1654—1656. די פּאָגראָמען אין גאַנץ פּוילן בשעת דעם שוועדיש-רוסישן קריג.

1655. מנשה בן-ישראל אין לאָנדאָן; קראָמוועל, דער נייער אידישער ישוב אין ענגלאַנד.

1655. דער אָנהויב פון אידישן ישוב אין צפון-אַמעריקע; ניי-אַמסטערדאַם (ניו-יאָרק).

1656. דער חרם קעגן בּרוך שפּינאָזאַ אין אַמסטערדאַם (האָלאַנד).

1666. שבתי-צבי, די משיחישע באַוועגונג אין אַלע אידישע ישובים.

1670. דער נייער גירוש פון ווין.

1671. אידן באַזעצן זיך אין בערלין און בראַנדענבורג.

1678. די אידן אין עלזאַס אונטער פראַנקרייכס הערשאַפט.

יאר:

1740. דער בעש"ט אין מעדזשיבאָזש און דער אָנהויב פון דער חסידישער באַוועגונג.

1740—1744. דער צייטווייליקער גירוש פון פּראָג (קייזערין מאַריאַ טערעזיאַ).

1750. באַגרעניצונגס־רעגלאַמענט פאַר אידן אין פּרייסן פון פרידריך II

1755. מענדעלסאָנס ערשטעס ווערק; 1783. די ביבל־איבערזעצונג.

1756. די אַרויסטרעטונג פון יעקב פראַנק; 1757—1759. די פראַנקיסטישע באַוועגונג און דער שמד פון די סעקטאַנטן.

1764. פאַרמאַכט די צענטראַלע „ועדים" אין פּוילן און ליטע און דער סוף פון דער ברייטער אידישער קהילה־אויטאָנאָמיע.

1768. די „אומאַנער שחיטה" און הײדאַמאַקן־פּאָגראָמען אין אוקראַינע.

1772—1795. די דריי צעטיילונגען פון דער פּוילישער מלוכה און דער איבערגאַנג פון פּוילישע אידן צו רוסלאַנד.

1776. די דעקלאַראַציע פון פרייהייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אידן.

1772. אָנהויב פון דעם רבנים־קאַמף קעגן די חסידים; די חסידישע באַוועגונג פאַרשטאַרקט זיך אין פּוילן.

1782. דער טאָלעראַנץ־פּאַטענט פון עסטרייכישן קייזער יוסף II

1789. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט.

1791. די עמאַנסיפּאַציע פון אידן אין פראַנקרייך.

1807. דער „סנהדרין" פון פּאַריז; פאַרשטאַרקונג פון דער אַסימילאַציע־באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע.

1808. נאַפּאָלעאָן שאַפט אָפּ די עמאַנסיפּאַציע אין עלזאַס.

1808. די ערשטע אידישע ערדאַרבעטער־קאָלאָניעס אין רוסלאַנד.

1812. דער עמאַנסיפּאַציע־עדיקט אין פּרייסן.

1815. אָנהויב פון דער פּאָליטישער רעאַקציע און קאָנטר־עמאַנסיפּאַציע אין אייראָפּע.

1827. דאָס מיליטער־געזעץ פון ניקאָלאַי II; דער קאַנטאָניסטן־שמד.

1830. דער קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע אין דייטשלאַנד (ריסער א"א).

1844. דער קאַמף פאַר רעליגיעזער רעפאָרם אין דייטשלאַנד (ראַבינער־קאָנפערענצן).

1844. די רוסישע רעגירונג גרינדעט שולן פאַר אידן; די פאַרשטאַרקונג פון דער השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד.

1848. די מערץ־רעוואָלוציע און צווייטע עמאַנסיפּאַציע אין דייטשלאַנד.

1858. די עמאַנסיפּאַציע אין ענגלאַנד.

יאר:

1860. די גרינדונג פון „אליאנס איזראעליט" אין פאריז.

1860—1865. די פארבעסערונג פון דער אידישער לאגע אין רוסלאנד; די רעפארמעס פון אלעקסאנדער II און די אסימילאציע־באוועגונג צווישן די רוסישע אידן.

1867. די עמאנסיפאציע אין עסטרייך־אונגארן.

1870. די עמאנסיפאציע אין איטאליע.

1880. די אנטיסעמיטישע באוועגונג אין דייטשלאנד.

1881—1882. די פאגראמען אין רוסלאנד און די רעאקציע פון אלעקסאנדער III.

1881—1882. דער אנהויב פון דער עמיגראציע קיין אמעריקע און פא־לעסטינע; די „חובבי־ציון" („בילו") און די נאציאנאלע באוועגונג.

1891. דער גירוש פון מאסקווע; דער אנהויב פון אידישן ישוב אין ארגענטינע.

1894. דער דרייפוס־פראצעס אין פראנקרייך (ביז 1899).

1897. דער ערשטער באזעלער קאנגרעס און די גרינדונג פון דער ציוני־סטישער ארגאניזאציע.

1897. די גרינדונג פון דעם אידישן „ארבעטער־בונד" אין רוסלאנד.

1903. דער קישינעווער פאגראם; די פארשטארקונג פון דער נאציא־נאלער און סאציאליסטישער באוועגונגען ביי אידן אין רוסלאנד.

1905. די ערשטע רוסישע רעוואלוציע און די אקטאבער־פאגראמען.

1914. דער וועלט־קריג; 1914—1915. די רדיפות אויף אידן אין רוסלאנד.

1917. די צווייטע רוסישע רעוואלוציע און די עמאנסיפאציע פון אידן; די אקטאבער־רעוואלוציע פון די באלשעוויקעס.

1917. די באלפור־דעקלאראציע וועגן שאפן א „נאציאנאלע היים" פאר אידן אין פאלעסטינע.

1918—1921. בירגער־קריג און מאסן־פאגראמען אין אוקראינע.

1919. דער שלום־קאנגרעס אין פאריז (ווערסאלער טראקטאט); אנער־קענט די רעכט פון נאציאנאלע מינדערהייטן.

1922. דער ענגלישער מאנדאט אויף פאלעסטינע און די פארשטארקונג פון דער ציוניסטישער באוועגונג; דער וואוקס פון ישוב (תל־אביב).

1929. דער אראבישער פאגראם אין פאלעסטינע.

1930. די פארשטארקונג פון אנטיסעמיטיזם אין דייטשלאנד (נאציא־נאל־סאציאליסטן).

# רשימה פון די בילדער

# דרוקפעלערן

| זייט: | שורה: | געדרוקט: | דארף זיין: |
|---|---|---|---|
| 24 | 6 פון אויבן | דער קליינעל | דער קליינער |
| 26 | 8 פון אונטן | אזי | איז |
| 43 | 17 פון אויבן | עס אַ איז | עס איז |
| 64 | 16 ״ | איז זיי | אין זיי |
| 67 | 2 פון אונטן | גרויסן | גרויסע |
| 99 | 9 ״ | קאָנצענטירט | קאָנצענטרירט |
| 101 | 12 פון אויבן | גרויסער | גרויסן |
| 115 | 6 ״ | מער | מיר |
| 118 | 2 ״ | און | אין |
| 127 | 12 פון אונטן (קעפּל) | רומיש | רוימיש |
| 135 | 10 פון אונטן | געטענעט | געטענהט |
| 160 | 3 פון אויבן | אַז | אַן |
| 166 | 1 פון אויבן | געפערלעכער | געפערלעכע |
| 175 | 2 פון אונטן | אין | איז |
| 183 | 3 פון אויבן | פערגיסן | פאַרגיסן |
| 191 | 4 פון אונטן | זאָל | זאָלן |
| 193 | 15 פון אויבן | צוקירגערופן | צוריקגערופן |
| 215 | 6 פון אונטן | יאָרהונדער | יאָרהונדערט |
| 220 | 5 ״ | קריסטלעכער | קריסטלעכע |
| 264 | 10 ״ | מיט נאָמען | מיטן נאָמען |